מענדעלע מוכר ספרים

# פישקע דער קרומער



יוסף ליפשיץ־פאָנד
פון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפט בײַם ייוואָ

מענדעלע מוכר ספרים

# פישקע דער קרומער

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
ז כ ר ו נ ו ת
בילדער

אַריינפיר און רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי



22סטער באַנד פֿון ציקל

מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד

פון דער

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביַים יִווֹאָ

אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע פֿון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור

יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.200 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ה — 1964

ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייווא אין אַרגענטינע

# תוכן



מענדעלע מוכר ספרים

פֿאַר די ביכערשענק פֿון זיין שרייבצימער אין אָדעס

# מענדעלע מוכר ספרים, דער אַרכיטעקט
# פון דער נייער יידישער ליטעראַטור

## „דאָס קליינע מענטשעלע" נאָך 100 יאָר

„דער 24סטער נאָוועמבער 1864 איז אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור אַ דאַטע, וואָס וועט שוין קיין מאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן: אין יענעם טאָג האָט זיך אין דעם אָדעסער קול מבֿשׂר אָנגעהויבן צו דרוקן מענדעלעס ערשט ווערק אין יידיש, דאָס קליינע מענטשעלע אָדער איין לעבנס־געשיכטע פֿון יצחק אַבֿרהם תּקיף". און „דער 24סטער נאָוועמבער 1864 איז פֿאַר אונדז מער ווי סתּם אַ דאַטע: ער איז דער אויסגאַנגספּונקט פֿאַר אַ נײַער צײַט־רעכענונג אין דער יידישער ליטעראַטור"[1]. אָט אַ דאָס, וואָס דער פֿילאָלאָג און ליטעראַטור־היסטאָריקער האָט דעפֿיניטיוו פֿאָרמולירט אין 1928, איז אָפּגעהיט געוואָרן ווי אַ חוק שלא יעבֿור אין 1964 אין דער גאַנצער יידישער וועלט. „פֿון אַלע ימים־טובֿים, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אין משך פֿון פֿאַרשיידענע יאָרן — ווערט פֿעסטגעשטעלט אין 1964 — איז דער הײַיאָריקער יום־טובֿ דער גרעסטער. עס איז געוואָרן 100 יאָר זינט שלום יעקבֿ בראָידע־אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן מענדעלע מוכר ספֿרים, האָט אָנגעהויבן שרײַבן יידיש און ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דאָס ערשטע ווערק זײַנס אין אָט דער שפּראַך: דאָס קליינע מענטשעלע"[2].

---

[1] מאַקס ווײַנרײַך — בילדער פֿון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, ז׳ 330 און 351, ווילנע 1928.

[2] יעקב באָטאָשאַנסקי — „אונדזער גרויסער יום־טובֿ", דרום־אַפֿריקע נ׳ 171, ז׳ 3, יאָהאַנעסבורג, סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1964.

דאָס קליינע מענטשעלע איז אַן אויסגאַנגספּונקט, אַ בריק, וואָס פירט צו אַ גאַנץ נייַער, צו אַן אומגעוויינטלעך ראַשיקער און ריזיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור און איר שפּראַך.

פאַרגינט זיך אַ שטרענגער, רעוואָלוציאָנערער פילאָלאָג צו זאָגן, אַז „מענדעלע מוכר ספרים איז דער קאָלומבוס פון דער ייִדישער שפּראַך"[3]. און דער שרייַבער, וואָס איז אויסגעוועזן אין די העכסטע קרייַזן פון דער רוסישער קולטורוועלט, זאָגט: „אויף דער ליטעראַרישער שאַפונג ווי אויף דער פּערזענלעכקייט פון מענדעלע מוכר ספרים איז געלעגן דער אויסדריקלעכער צייכן פון געניאַליטעט"[4]. און דער מוכיחדיקער פּאָעט־וועגווייַזער האָט זיך גרינג אָפּגעזאָגט: „ווען ניט דער זיידע, וואָלטן מיר ניט פאַרמאָגט, ניט דעם הייַנט־צייַטיקן ייִדיש, און ניט דעם מאָדערנעם העברעיִש"[5]. ווייַל „דאָס, וואָס מענדעלע האָט אויפגעטאָן, באַשטייט נישט בלויז פון זייַנע אייגענע שאַפונגען — ער האָט די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור באַפרוכפּערט". „נישט נאָר מיר קומען רוען אונטער דעם ברייטן שאָטן פון דעם קרעפּטיקן בוים, הערן די אַלטע מעשׂיות, וואָס האָבן פּאַסירט „בימים ההם", דאָרט, „בעמק הבכא", אין גלופּסק און אין קאַבצאַנסק, ווו מענדעלע מוכר ספרים איז אַרומגעפאָרן מיט זייַן בייַדל — נאָר אויך אונדזערע אייניקלעך, וואָס וועלן וואַנדערן אויף פיל ווייַטערע און נייַע וועגן, וועלן דאָך מיט ליבע און דאַנק ווענדן זייערע בליקן צו דעם אַלטן מיט מאָך באַדעקטן און דאָך שטאַרקן און שטאָלצן ריזנבוים מיט דער אייביק גרינער קרוין"[6]. אַזוי שרייַבט דער ליטעראַטור־היסטאָריקער.

נאָך די ערשטע 100 יאָר האָט דאָס קליינע מענטשעלע איבער־

---

[3] ב. באָראָכאָוו — „די אויפגאָבן פון דער ייִדישער פילאָלאָגיע", דער פּנקס, קאָלום 17, ווילנע 1912.

[4] ש. אַנ—סקי — געזאַמלטע שריפטן, ב׳ 10, ז׳ 176, וואַרשע 1922.

[5] פּרץ הירשביין — אין גאַנג פון לעבן, זכרונות, ב׳ 1, ז׳ 243, נ"י 1948.

[6] י. ציגבערג — קולטור־היסטאָרישע שטודיעס, ז׳ 360, נ"י 1949.

געלאָזט אַ ריזיקע ליטעראַרישע משפּחה, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און וואָס האָט אָנגעזאַמלט ריזיקע פּאַרמעגנס. דאָס איז — וואָס שײַך קונסט פון וואָרט און פון בילד.

וואָס שײַך אידייען, איז מענדעלע מוכר ספֿרים אָוודאי און אַוודאי אַ בריק צווישן צוויי וועלטן, צווישן שטעטל און שטאָט — ער פּאָרט שוין אַרום, ער האַלט אין איין אַרומפֿאָרן, דערווײַל נאָך אין אַ בויד, נישט אין קיין באַן, אָבער ער פֿאָרט און פֿאָרט... אַפֿילו די בעטלערס זײַנע קענען שוין נישט אײַנזיצן אין שטעטל, נאָר גייען בויד־אַרײַן, בויד־אַרויס... נישט בלויז מסעות בנימין השלישי איז אונטערן צייכן פֿון אויפֿגעוועקטער וואַנדערלוסט אין קליינעם שטעטל. דאָס איז דער אָנזאָג פֿון דער שטורמישער עמיגראַציע, וועלכע עס באַשרײַבן מענדעלעס אייניקלעך...

„אין 1864 האָט אײַזיק מאיר דיק געשלאָסן וועגן זײַנע ווערק אַן אָפּמאַך מיט ראָמס דרוקערײַ" אויף צוצושטעלן „יעדע וואָך 3 בויגנס" [7]. דערציילט מען חידושים וועגן דעם, ווי ראָמס דרוקערײַ פֿלעגט אַרויסלאָזן יעדן פֿרײַטיק דיקס אַ מעשה־ביכעלע, אין 5.000 עקזעמפּליאַרן און מער נאָך. אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט — 1 ייִדיש בלעטל (1 מאָל אַ וואָך האָט דעמאָלט געמיינט אַ סך) און דאָס איז געווען קול מבֿשׂר, די בײַלאַגע וואָס די העברעיִשע אויסגאַבע פֿון המליץ האָט אַרויסגעגעבן פֿאַר אַבאָנענטן, וואָס האָבן זי געוואָלט האָבן פֿאַר זייערע פֿרויען און משרתים, נעבעך... זיי האָבן באַקומען די ייִדישע בײַלאַגע אומזיסט. אין דעם דאָזיקן קול מבֿשׂר האָט עס דעבוטירט אין 1864 שלום־יעקבֿ אַבראַמאָוויטש, שוין רעקאָמירט ווי אַ העברעיִשער מחבר, מיט זײַן כּמו ראָמאַן, דאָס קליינע מענטשעלע. איבער וועלכן דער רעדאַקטאָר האָט אַפֿילו געענדערט דעם פּסעוודאָנים סענדערל אויף מענדעלע... אַזאַ מורא איז באַ־

---

[7] אײַזיק מאיר דיק — „אָפּמאַך מיט ראָמס דרוקערײַ", פֿון נאָענטן עבֿר, נ' II, ז' 174, וואַרשע 1937.

פֿאַלן אַלעקסאַנדער צעדערבוימען, טאָמער וועט מען מיינען, אַז „סענדערל" איז נישט קיין אַנדערער ווי „אַלעקסאַנדער"... אין 1964, נאָך דעם שוידערלעכסטן חורבן אין דער וועלט־געשיכטע, פֿון וועלכן די ייִדישוועלט איז אַרויס אַ צעפּאַלמעסטע, נאָך אַלע פֿאַרפֿלייצונגען פֿון כּלערליי אַסימילאַציעס, דערשיינען טעגלעכע ייִדישע צייטונגען אין ניו־יאָרק און אין בוענאָס־איירעס, אין תּל־אָבֿיבֿ, אין פּאַריז און אין מאָנטעווידעאָ, חוץ וואָכנטלעכע און צייטונגען צו עטלעכע מאָל אין וואָך, אין מעקסיקע און אין מאָנטרעאָל, אין וויניפּעג און אין סאַנטיאַגאָ, אין מעלבורן און אין וואַרשע, אָפּגערעדט שוין פֿון ריזיקן ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס, און יעדן טאָג ווערן אין ייִדישע בלעטער געדרוקט ראָמאַנען, טייל פֿון זיי קינסטלערישע ווערק, און דאָס ווערט נאָך 100 יאָר דאָס קליינע מענטשעלע באַטראַכט ווי שפּאַנענדיקער לייענשטאָף פֿאַר „גרויסע מענטשן"...

דאָס האָט מענדעלע מוכר ספֿרים אויפֿגעבויט די בריק, אויף וועלכער עס שפּאַנט און גייט (און קריכט „אויך") דאָס ייִדישע געדרוקטע וואָרט, דאָס קינסטלערישע וואָרט און אויך דאָס וואָרט, וואָס זוכט גאָר עפּעס אַנדערש...

## מענדעלע — דער אַלטמאָדישער
## און מענדעלע — דער מאָדערנער

„אַ שמועס פּנים אל פּנים מיט אַבראַמאָוויטשן — שרייבט דער היסטאָריקער וועגן מענדעלען דעם מענטש און דאָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר מענדעלע דעם שרייבער — איז געווען אַ גרויס פֿאַרגעניגן, כאָטש איך קען ניט זאָגן, אַז דאָס פֿאַרגעניגן איז אָנגעקומען גרינג: ער האָט נישט געוווּסט וואָס עס הייסט אַ שמועס פֿון וויניקער ווי דריי־פֿיר שעה. דערצו האָט ער ליב געהאַט די פֿאָרעם פֿון מאָנאָלאָג". און „ער האָט זיינע אָריגינעלע געדאַנקען אימפּראָוויזירט אין פּראָצעס פֿון ריידן; אַבראַמאָוויטש האָט זיך געהאָט זיין אייגענעם צוגאַנג צו יעדער באַזונדערער פֿראַגע: דעם מיט־

שמועסער, וואָס האָט געוואָלט גיין אין דער ברייט, האָט ער גע־צוווּנגען זיך אַראָפּצולאָזן אין דער טיף פֿון דער פּראָבלעם: זײַן אומגלײַכער געדאַנק האָט אָפּט מיד געמאַכט, זײַנע פּאַראַדאָקסן האָבן אַרויסגעבראַכט פֿון די כּלים, אָבער סוף כּל סוף האָט די פֿראַגע זיך פֿאַרטיפֿט און זי איז געוואָרן באַלויכטן פֿון אַ נײַער, נישט־פֿאַרויסגעזעענער זײַט״ [8]. געבוי אַזוי איז מענדעלע געווען אויך אין שרײַבן. דאָס איז זײַן מעלה און דאָס איז זײַן חסרון. ער שטאַמט פֿון קליינעם שטעטל און שטעלט־פֿאָר דאָס שטעטל און זײַנע מענטשן. אין צײַט איז נישט קיין מניעה... אַפֿילו דאָס קליינע מענטשעלע פֿון דער נײַער צײַט איז פֿון גאָר אַ נײַער ציוויליזאַציע... גרויסשטאָטישע... רק מען האָט קיין צײַט נישט! ווער זשע האָט צײַט צו אַזעלכע אויסגעצויגענע מאָנאָלאָגן? אָבער „די הויפּט־מעלה פֿון אַבראַמאָוויטשן באַשטייט אין דער פֿאַנטאַזיע צו זען אין איטלעכן פּרט דעם כּלל, אין איינצלנעם דאָס אַלגעמיינע און אַזוי דאָס קונציק מאָלן, אַז אויס יעדן פּרט שײַנט־אַרויס דער כּלל; און דאָס קאָנען נאָר די, וואָס זעען דאָס לעבן סינטעטיש, בײַ וועמען דער שטראָם פֿון מענטשלעכן קיום צעפֿאַלט נישט אין איינצלנע טראָפּנס״ [9].

אָט אָ דאָס סינטעטישע האָט מענדעלע אַרײַנגעבראַכט נישט בלויז אין זײַן אייגענעם שאַפֿן, נײַערט אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור. אָן מענדעלען וואָלט י. ל. פּרץ קיין דריסת־הרגל נישט געהאַט אין ייִדיש! און שוין גאָר אָפֿן און בולט איז מענדעלעס השפּעה אויף שלום עליכמען. די וויכטיקסטע געשטאַלטן זײַנע ביז טביהן האָט שלום עליכם גענומען בײַ מענדעלען. אים האָט זיך גאָר גאַנץ אַנדערש געלאָכט — ער איז אַרײַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט 19 יאָר שפּעטער און דערצו האָט ער, שלום עליכם, שוין געהאַט אַ „זיידן״... אים, מענדעלען, איז שווער געווען ביז ער

---

[8] שמעון דובנאָוו — דאָס בוך פֿון מײַן לעבן, ב׳ 1, זז׳ 239־240, ב״א 1961.
[9] בעל־מחשבות — געקליבענע ווערק, ז׳ 166, נ״י 1953.

האָט געקראָגן דאָס ערשטע „איניקל": די ביאָגראַפֿיע פֿון זײַן אייגענעם לעבן איז דער בעסטער עדות.

מענדעלעס ביאָגראַפֿיע דערקלערט אונדז צום בעסטן, פֿאַר וואָס ער האָט נישט געקענט ווייך לאַכן, נאָר האָט סאַטיריזירט און נאָר שטיל אונטערגעשמייכלט פֿון צײַט צו צײַט...

דערפֿאַר אָבער האָט ער געהאַט אַן אַרומנעמענדיק בילד פֿון יִדישן לעבן, ווי ער, דער שווער געליטענער, דער ביטער גערודפֿטער פֿון דעם תּקיף, האָט עס געזען... די אָרעמקייט איז די יִדן צו פֿיל אַרײַן אין די ביינער און זיך געלייגט אויפֿן האַרצן, אויף דער נשמה!

די טאָרבע שפּילט בײַ אונדז אַ צו גרויסע ראָלע!

און די טאָרבע טראָגן נישט בלויז די פּראָפֿעסיאָנעלע בעטלערס, נאָר אויך אַזעלכע, וואָס דאַרפֿן לערנען חשיבֿות...

און אויך הײַנט שפּילט בײַ אונדז תּקיפֿות אַ צו גרויסע ראָלע!

מענדעלע מוכר ספֿרים געהערט טאַקע מיט זײַנע קאָנקרעטע טיפּן פֿון קאַבצאַנסק צו די שטעטלעך, וועלכע זײַנען שוין אָפּגעמעקט פֿון דער מאַפּע.

עס זײַנען אָבער אויפֿגעקומען גאַנץ נײַע קאַבצאַנסקן!

דער „ממזר", וואָס איז דערגאַנגען די יאָרן פֿישקען, איז אויך דאָ אין אונדזערע צײַטן און דערגייט די יאָרן נישט דווקא די „קרומע" פֿישקעס, נאָר אויך, און טאַקע דווקא, די אויסגעגלײַכטע, די וואָס ווילן נישט גיין מיט די וועגן פֿון קאַבצאַנסק.

קאַבצאַנסק איז אַן אייביקער, אַן אוניווערסאַלער באַגריף און דאָס איז מענדעלעס סימבאָל, וואָס איז גילטיק אין אַלע צײַטן.

מענדעלע האָט נישט געזוכט פֿאַרצושטעלן אונדזער קאַבצאַנסק, צו ווײ טאָן אונדז, נאָר ער האָט פֿאָרגעשטעלט די גלופּסק און די טונעיאַדעווקעס, כּדי צו דערמוטיקן אונדז — אַ סוף זאָל נעמען צום קאַבצאַנסק!

און אַ סוף מאַכן צו קאַבצאַנסק איז אַ שטענדיקע נאַציאָנאַלע

אויפֿגאַבע. דאָס איז: אַן אוניווערסאַלע אויפֿגאַבע. דאָס איז די פּראָב־לעם פֿון מענטשלעכער ווערדע.

אין אָט דעם זין איז דורכויס ריכטיק, אַז „מענדעלע האָט דער ייִדישער ליטעראַטור געוויזן דעם אמתדיק קינסטלערישן וועג צו דער פֿאָלקסטימלעכקייט" [10].

## פֿון שרײַבערס ביז אַ — ליטעראַטור

ווערדע! דאָס האָט מענדעלע אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין כּלל גענומען. חשיבֿות פֿון שרײַבער — פֿאַרן יחיד און פֿאַרן כּלל. אויטאָריטעט.

ישׂראל אַקסנפֿעלד, מענדעלעס פֿאָרגייער, קען מיט אַלע זײַנע דרײַ אוניווערסיטעט־טיטלען, מיטן טאַלאַנט און מיט דער השׂכּלה, מיט אַלע זײַנע פֿרײַנד, פֿאָרט נישט אויספּועלן, אַז זײַנע ווערק זאָלן געדרוקט ווערן. קוים עטלעכע ביכלעך ווערן געדרוקט און ער אַליין, מאָראַליש דערפֿון אַ געדריקטער, פֿאַרלאָזט מיט צער רוסלאַנד און שטאַרבט אין פּאַריז. שלמה עטינגער, שלום עליכמס פֿאָרגייער, מיט זײַן אוניווערסיטעט־טיטל און מיטן זכות פֿון מחיהדיקן הומאָר, שטאַרבט נישט אָנקוקנדיק קיין איין געדרוקטע שורה פֿון זײַנע שריפֿטן. און דאָס זײַנען די בעסטע צוויי שרײַבערס פֿאַר מענדעלע מוכר ספֿרים...

„מענדעלע איז געווען אַ קינסטלער ניט נאָר אין שרײַבן, נאָר אויך אין לעבן. עס האָט זיך געדוכט, אַז ער איז שטענדיק אויף דער בינע. ער האָט אין איין און דער זעלביקער צײַט געקענט זײַן ערנסט און שטיפֿעריש, אַן עניו און אַ גדלן, אַ כּעסניק און אַ גוט־מוטיקער מענטש. אַלץ האָט זיך געווענדט אין דעם, אין וועמעס

[10] מ. ווינער — צו דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט, 2טער באַנד, ז׳ 29, נ״י 1946.

געזעלשאַפט ער איז געווען״[11]. ער פירט אַ פאַרהאַרעוועט לעבן, אָנפּירנדיק מיט אַ תּלמוד־תּורה אין אָדעס, אַפילו ווען מ׳זוכט זײַן מיטאַרבעט אין זאַמלביכער און זשורנאַלן. ער לאָזט זיך בעטן און שטעלט באַדינגונגען — אָרטאָגראַפיע, מ׳זאָל אָפּהיטן זײַן אָרטאָגראַפיע, איז איינע פון זײַנע באַדינגונגען. און ווי ער איז פאַרהאָרעוועט אין דער תּלמוד־תּורה, לאָזט ער נישט אַרויס צום דרוק קיין שורה פון זײַן האַנט, אויב ער האָט זי נישט געשליפן. ווײַל גאַנצקייט איז זײַן דרך. אויף אַלץ ליגט דער חותם פון זײַן פערזענלעכקייט — פון דער ערשטער גרויסער פערזענלעכקייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. „טיר און טויער האָט ער געעפנט פאַר דער דאָזיקער ליטעראַטור מיט זײַן קינסטלערישן באַוווסטזײַן״ און „דאָ איז ער דער ערשטער, דער זיידע פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור״[12].

אַ סך ייִדישע פאָלקס־ענערגיע איז געלעגן אָנגעהויפט אין די אָרעמע שטעטלעך פון תּחום המושב. סאָציאַלע בונטן האָבן גענומען יוירן. נאַציאָנאַלע בענקשאַפט האָט גענומען שטאַרקער צאַפּלען. דאָס האָט באַקומען אויסדרוק אין אַרבעטער־קרײַזן — אין 1864 איז געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן דער ערשטער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל — און אין ציוניסטישע קרײַזן. און וווּ עס יוירן סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אומרוען, וואָס רופן צום אָרגאַניזירן זיך, קעמפן און שאַפן, דאָרט יוירט אויך קולטור און ליטעראַטור.

מענדעלע מוכר ספרים איז דער גרויסער אַרכיטעקט פון אונדזער רענעסאַנס אין דער ייִדישער און העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[11] פּראָפ׳ חיים טשערנאָוויץ, ציטירט פון דאָס מענדעלע־בוך, רעד׳ נחמן מייזיל, ז׳ 406, נ״י 1959.

[12] נ. ב. מינקאָוו — ליטעראַרישע וועגן, ז׳ 27, מעקסיקע 1955.

קוים גיט אַ שײַן די ליכטיקע זון און זומערלעב אין דעם לאַנד, מענטשן ווערן זוי נײַ געבוירן און דאָס האַרץ פֿרייט זיך זיי, קוקנ־דיק אויף גאָטס וועלט דער שיינער — דענסטמאָל הייבט בײַ ייִדן זיך אָן די רעכטע אומעטיקע צײַט, צו קלאָגן און פֿאַרגיסן טרערן. עס גייט דאָס גאַנצע צעטל טרויער: תּעניתים, פּײַניקן זיך, יאָמער און געוויין פֿון ספֿירה ביז העט אין די גרויסע בלאָטעס און נאַסע אָסיענ־דיקע [1] קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פֿאַר מיר, מענדעלע מוכר ספֿרים, דער גרויסער יאַריד. איך אַרבעט, פֿאָר באַשטענדיק אַרום, צו פֿאַרזאָרגן ייִדישע קינדער אין אַלע שטעטלעך מיט די אַלע ניי־טיקע מאַטעריאַלן צום וויינען מיט קינות, מיט סליחות, ווײַבערשע תּחינות, מענה־לשונס, שופֿרות און מחזורים. הכּלל, ייִדן קלאָגן, פֿאַר־וויינען דעם זומער — און איך מאַך דערווײַל געשעפֿטן. נישט דאָס בין איך אויסן.

אונטערוועגנס איין מאָל, שבֿעה עשׂר בתּמוז, גאַנץ פֿרי, זיץ איך מיר אויף דער קעלניע [2] פֿון מײַן בײַדל, אין טלית און תּפֿילין, מיט דער בײַטש אין דער האַנט, גאַנץ ייִדישלעך. די אויגן זײַנען מיר צוגעמאַכט, בכדי נישט אָנצוקוקן בײַם דאַוונען די ליכטיקע וועלט. מעשׂה שׂטן אָבער איז זי, די נאַטור, ווי הייסט מען עס, געווען ווונ־דערשיין, גאָר אַ בילד. און עס האָט מיך געצויגן, עפּעס ווי אַ כּישוף, אַ קוק צו טאָן. איך האָב אַ היפּשע צײַט מיך געראַנגלט מיט מיר אַליין. דער יצר־טובֿ זאָגט: „פֿע!... מען טאָר נישט!“... דער יצר־הרע אַקעגן טאָרעט [3]: „נישקשה! האָב הנאה, נאַרעלע!“... און עפֿנט מיר דערבײַ טאַקע אויף איין אויג. עס טוט מיר אַ שײַן, נאָר ווי אויף

---

[1] האַרבסטיקע. — [2] זיצפּלאַץ פֿאַרן פורמאַן, פֿאָרנט. — [3] שטופּט־אונטער.

צו להכעיס, עפּעס אַ בילד שיינע פּאַנאָראַמע: פּעלדער געשפּרענקלט מיט בליִענדיקער רעטשקע, ווײַס ווי שניי, נעבן געלב גילדענע ראַצעמאָרענע[4] פּאַסן פּון ווייץ און מאַט גרינלעכע, הויך געוואַקסענע קוקורוזעס; אַ שיינער, גרינער טאָל, באַדעקט פּון ביידע זײַטן מיט וועלדלעך ניסביימער; אונטן פּלייצט אַ טײַכל, ריין, קלאָר ווי קרישטאָל, אין וועלכן ןעס טוקן זיך די שטראַלן פּון דער זון און באַלייגן עס מיט פֿינקלדיקע גילדענע פּליטערלעך. די שאָף און די קי אויף דער פּאַשע האָרט זעען פּון דער ווײַטנס אויס ווי טונקעלע, רויטע, געפּלעקטע פּינטעלעך. „פּע, פּע! — מוסרט מיך דער יצר־טובֿ מיט יענע ווערטער פֿונעם פּרק: אַ ייִד אונטערוועגנס, אַז ער איז מפסיק דאָס לערנען און זאָגט „ווי שיין דער בוים איז, ווי שיין דאָס פּעלד, איז גלײַך ווי ער טוט זיך אַליין אַ מעשׂה אָן“. דער יצר־הרע אָבער פֿאַרטראָגט מיר אונטער דער נאָז מחיהדיקע ריחות פּון סטערטעס[5] היי, געווירץ און קרײַטעכצער, וואָס צעגייען זיך אין אַלע אבֿרים; ער צעגיסט זיך אין קונציקע ניגונים פּון אַלערליי שפּיל־פֿייגעלעך, וואָס קיצלען בײַ דער נשמה; ער לאָזט מיך פֿילן אויף מײַן פּנים אַ וואַרעם ווינטעלע, וואָס קרײַזלט[6] מיר די פּאות, שושקעט מיר אין די אויערן: „קוק, האָב הנאה און זײַ אַ מענטש, דו נאַרישער ייִד איינער! — איך בעבע, מריקע מיר, מישטיינס געזאָגט, אַליין ניט רעכט צו הערן, וואָס איך בעבע. עפּעס טראָגט מיר דער מוח, עס פּיקט מיר אין קאָפּ און עס טראַכט זיך זידלערײַען: געפּגרטע נפֿשות!... אָן לײַב, אָן לעבן... נשמות פֿאַררוקטע אין טשאָלנט!... אָן ריח, אָן טעם... דראַפּאַטשעס[7] צעשאָטענע!... פֿאַרדאַרטע אָפּגעשלאָגענע הושענות!... איך צעשאָקל מיך מיט געמאַכטער כּוונה, בכדי עס זאָל זיך נישט טראַכטן, און דערהער גראָד, ווי דאָס מויל לאָזט פֿון זיך אַליין אויס יענץ שטיקל דאַוונען מיט די ווערטער המחזיר נשמות לפגרים מתים, דאָס

---

[4] קאַלירן וואָס מיניען זיך געלבלעך־בלוילעך. — [5] קופּקעס, הויפֿנס. — [6] קרייזלט, דרייט, מאַכן לאָקן. — [7] (פּויליש) קראַצער, אָפּגענוצטער בעזעם, סויגעניכטס.

הייסט, אויף קרבן־מנחה־טײַטש[8]: דער דאָ קערט אום די נשמות צו די טויטע פגרים.

האָ, וואָס? אַקעגן וועמען? טו איך מיך אַ כאַפּ, פֿאַרשעמט פֿון מײַנע אייגענע מיאוסע געדאַנקען. און בכדי צו פֿאַרגלעטן מײַן פֿע־לער אַקעגן דעם רבונו של עולם, מאַך איך קלאַמפּערשט אַ מינע, ווי בישט זיי מיין איך, דאָס פֿערדל מיין איך... דערלאַנג דעם שלימ־מזלניק מײַנעם אַ שמיצל מיט דער בײַטש, מאַכנדיק דערבײַ: — אַ־אַ־אַ, פּגירה אייבע!...

אַ שיינער אײַנפֿאַל אַפֿילו! נאָר הײַנטיקס מאָל האָט עס ווייניק געווירקט. עס האָט מיך שטאַרק געקרענקט. פֿאַר וואָס גראָד הײַנט זאָלן מיר גאָר אײַנפֿאַלן אַזעלכע געדאַנקען — הײַנט, ווען וויינען און קלאָגן באַדאַרף מען אויף דעם גרויסן חורבן, אויף די גרויסע צרות, וואָס די קינדער ישׂראל האָט געטראָפֿן? די קאָמאַנדע פֿון נבֿוכדנצר מלך בבֿל איז אַרײַן אין ירושלים און פֿון איר אַ תּל גע־מאַכט... איך מאַך אַ רחמנות־פּנים און זאָג די סליחות צום הײַנטיקן שווערן טאָג אויף אַ וויינענדיק קול, וואָס איז געגאַנגען אַלץ העכער און טרויערדיקער אין דעם פּזמון דאָרט, בײַ יענע ביטערע ווערטער:

— „והשפּיפֿון מצפֿון — און דער פּיפּערנאָטער, דער טאָטער פֿון צפֿון־זײַט, כּשבולת שטפֿני — האָט מיך ווי אַ שטראָם וואַסער פֿאַר־טראָגן ווײַט, והציד — און דער יעגער, דער טויטשלעגער, שלח יד — טוט אַ לאַפּ, אַ כאַפּ, והצפֿיר והשׂעיר — אויף די ציג, אויף דער צאַפּ".

אַ ייִד, אַבי ער שרײַט זיך אַ ביסל אויס מיט אַ פּזמון, רעדט זיך אָן ווי אַ פּויק און זאָגט־אָפּ אַ סליחה, דאַכט זיך אים, ער האָט שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן און איז, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויינען זיך, ווײַטער זיך גאַנץ צופֿרידן. איך זיץ מיר אָנגעלענט אויף דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוין מיט אַ גרינגן געמיט, גלײַך ווי איינער רעדט: „מײַנס האָב איך געטאָן, געגנוג יוצא געווען. אַצינד,

[8] סידור (פֿאַר ווייבער), טייטשווייז אין עברי־טייטש, אָנגעפּאַקט.

גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אין דיר. וויַיז זיך, טאַטע־פֿאָטער, רחום צדיק״.

— גיי שויך, גיי, זיַי מוחל! — מאַך איך צום פֿערדל מיט גוטן, איבערבעטנדיק עס אין האַרצן פֿאַר דעם צונעמעניש „פגירה״ פֿריִער.

מיַין שלימזלניק טוט זיך אַ קני אויף די פֿעדערשטע פֿיס, אַ בוק מיטן קאָפּ צו דער ערד און קרעכצט, עפּעס אַזוי ווי גערעדט: „אַדוני־פּריץ! און וואָס איז עפּעס מכּוח עסן?״

— קלוג, כ׳לעבן, ווי דער טאָג! — זאָג איך, געבנדיק אים בשעת מעשׂה אַ צייכן, אַז ער מעג אויפֿשטיין, זיך שטעלן אויף די פֿיס, נישט אומזיסט שטייט אין די קינות: „ציון, בך כּל בהמה ועוף חכמו״, דאָס הייסט: ביַי דיר, כּנסת ישראל, זיַינען אַלע בהמות קלוג!... נישט דאָס בין איך אויסן.

פֿון דער דאָזיקער מימרא [9] בין איך, טראַכטנדיק וויַיטער, אַרויף אויף כּנסת ישראל, זיך פֿאַרטיפֿט אין די געדאַנקען מכּוח זייער חכמה, זייער פּירונג, זייערע פֿיַינע בריות און מכּוח זייער לאַגע, נע־בעך. דער קאָפּ טאַלאַבענדעט [10] זיך מיר אַהין, אַהער. עס דאַכט זיך מיר עפּעס דער פּיפּערנאָטער, נבֿוכדנצר מיט דער קאָמאַנדע, אַ שרעקלעכע מלחמה, אַ קלאַפּעריַי, אַ געשלעגעריַי, די קאָמאַנדע ברעכט ווענט, זעצט־אויס טירן, שויבן, ייִדן, אַ טייל מיט פּעקלעך סחורה און אַלטע חפֿצים, טוען זיך אָן אַ כּוח, שריַיען גוואַלד און לויפֿן... איך כאַפּ אַ שטעקן, לאָז מיך און — בוך אויף דער ערד, אויסציִענדיק זיך ווי גרויס איך בין.

אַ פּנים, אין דאַוונען האָב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זיַין, גע־כאַפּט אַ דרעמל. מיַין ביַידל, טו איך אַ בליק, איז אַריַין אין קאַלו־דשע [11], וואָס אויף דעם בעל־העגלהשן לשון הייסט עס אַ „טינטערל״. אין דעם הינטערשטן רעדל איז פֿאַרטשעפּעט אַן אַקס פֿון עפּעס אַן אַנדער ביַידל. דאָס פֿערדל מיַינס שטייט אין געהאַקטע ווונדן מיט

---

[9] חערטל, זאָג (פֿון אונדזערע חכמים) פֿאַר ווילקענעוודיקע. — [10] שאָקלט זיך (אָן אַ ציל). — [11] אָנגעזאַמלט וואַסער נאָך אַ רעגן, אַ בלאָטקעלע.

אײן פֿוס איבער דער האָלאָבליע[12], פֿאַרדרײט אין די לײצן און סאָפּעט װי אַ גאַנדז. פֿון יענער זײַט בײַדל שיטן זיך טויטע קללות, אויף ייִדיש, מיט אַ קײַכן און הוסטן אין אײנעם. אַ ייִד! — טראַכט איך מיר — איז אָן סכּנות... און טו מיך אַ לאָז אין אײן כּעס אויף יענער זײַט װאָגן. דאָרט, אונטערן װאָגן, ליגט פֿאַרפּלאָנטערט אין טלית און תּפֿילין אַ ייִד, די בײַטש פֿאַרדרײט מיט די רצועות, צאַפּלט און אַרבעט מיט אַלע כּוחות זיך אויסצודרײען. איך שרײַ: סטײַטש! ער: סטײַטש, סטײַטש! איך בטל צו אים אויס אַלע חלומות; ער בטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקן אײנער דעם אַנדערנס פּנים. אײך פֿילדער: װי שלאָפֿט עס אין דאַװנען אַ ייִד? ער צוריק: װי פּאָפּט עס אַ ייִד? איך גיב אים אין טאַטן... ער, מיט אַ צוגאָב, אין דער מאַמען אַרײַן! איך שמײַס זײַן פֿערדל. ער, אויספּלאָנטערנדיק זיך, לויפֿט און שמײַסט מײַן פֿערדל. בײדע פֿערדלעך שטעלן זיך דיבאָם[13] און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן אײנער צו דעם אַנדערן זיך צו, הענדום־פּענדום, װי די העבער, מיט דער דעה אָנצונעמען זיך פֿאַר די פּאות. אַקעגן אַ רגע שטײען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק אײנער דעם אַנדערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען משונה װילד, האָבן דעם זיבעטן חן: צװײ ייִדישע גיבורים אין טלית און תּפֿילין, שטײען אָנגעדרודלט, גרײט צו באַװײַזן זײער גבֿורה און זיך פּאַטשן אויפֿן פֿרײַען פֿעלד, װי אין אַ בית־מדרש, להבֿדיל!... אַזעלכעס האָט מען באמת געמעגט אויף חידושים גײן זען. מיר שטײען, קוקן און אָט באַדאַרפֿן שוין פֿלײען הײסע פּעטש. פּלוצעם שפּרינגען מיר אײנעם פֿונעם אַנדערן אויף עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן בײדע שטאַרק פֿאַרװונדערט אין אײן קול אַרויס:

— אױ, ר׳ אַלטער!...

— אױ, אױ, ר׳ מענדעלי!

אַלטער יקנה״ז[14] איז אַ יאָדערדיק ייִדל, אַ געשפּיקעװעטער

---

[12] דרענגער אין אַ װאָגן (אויף אײנשפּאַנען פֿערד). — [13] אויף די הינטערשטע פֿיס. — [14] (ראשי־תּיבֿות) יין, קידוש, נר, הבֿדלה, זמן.

מיט אַ דיק בײַכל. זײַן פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק געלע האָר, פֿון וועלכע ס'איז דאָ געגנוג אויף פּאות, אויף אַ באָרד און אויף וואָנצעס, אי פֿאַר זיך, אי אויף נאָך עטלעכע ייִדן צו באַטיילן. אין דעם ים האָר ליגט אַ וויספּע — אַ ברייטע, פֿלײשיקע נאָז, וואָס איז דאָס רובֿ יאָר פֿאַרלייגט אָן אַ שום התמנות[15]. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַ מאָל עפּעס אַ פֿאַרענדערונג, אונטער אַ פֿאַר פּסח, אַ שטייגער, בשעת עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריַע[16] און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פֿינף פֿינגער, דענסטמאָל בלאָזט זי הילכעגדיקע תּקיעות, ווי אַ שופֿר; דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. אין אײנעם מיט די אינדיקעס דאָרט גיט זי דענסטמאָל קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלײַבן פֿאַרגאַפֿט און עס שיטן זיך איר שמעקטאַבאַק פֿון אַלע זײַטן מיט ווינטשעוואַניעס יקנה"זן אָן אַ צאָל: אַסיס, אַסיס[17]! — איבער הויפּט אין די ייִדישע שטעטלעך צעשפּילן זיך די נעז אין יענער צײַט. מסתּמא שמעקט דאָך עס מיט עפּעס און עס האָט אַ טעם... דאָס איז שוין דאָרט אַזוי געשטעלט, ווי פּרשה יתרו ציגלען זיך די ציגן[18]. נישט דאָס בין איך אויסן. אַלטער יקנה"ז איז אַ טוניעאַדעווקער מוכר־ספֿרים, מײַנער אַ באַקאַנטער פֿון אַלטע יאָרן. ער איז אַ מענטשל פֿאַר זיך, ניט שטאַרק איבער־געשפּיצט, נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז אויף דער וועלט. הגם ער איז בטבֿע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שלום עליכם פֿון בײדע צדדים, נעמען מיר זיך אײנער דעם אַנדערן אויסצופֿאָרשן, דאָס הייסט בײַ אונדז, ייִדן, געוויינטלעך: אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן אָדער אַ שמעק טאָן, וואָס הערט זיך.

— ווהין פֿאָרט עס אַ ייִד? — גיב איך אַלטערן אַ טאַפּ.

---

[15] פונקציע (ווען זי טוט נישט, וואָס זי דאַרף). — [16] אייזבאַרג וואָס צע־גייט. — [17] (אַראַמיש) צו געזונט! — [18] געבערן ציגעלעך.

— ווהין עס פֿאָרט אַ ייִד? עט... — ענטפֿערט אַלטער צוריק מיט אַ פֿראַגע, ווי דער שטייגער איז פֿון ייִדן נישט צו ענטפֿערן גלײַך, אָפּצופּטרן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אויפֿן ווונק — די אַלע חכמות, וואָס אין דער מלאכה אָנשמעקן, אַ טאַפּ טאָן, שטעקן... — אַ ייִד פֿאָרט! אין דער ערד מיטן קאָפּ פֿאָרט ער... און ר' מענדעלי פֿאָרט עס ווהין? — טוט ער מיך צוריק אַ טאַפּ.

— אַהין!... ווהין געוויינטלעך איך פֿאָר אין דער צײַט.

— איך שטוים מיך שוין אָן ווהין; אַהין, קיין גלופּסק, ווהין איך פֿאָר אויך אַצינד — מאַכט אַלטער מיט אַזאַ מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום פּדיון זאָל עס, חלילה, ניט שאַדטן — נאָר פֿאַר וואָס, ר' מענדעלי, איז בײַ אײַך הײַנט עפּעס מן הצד, מיט אַ הינ־טערוועגעלע, און פֿאָרט נישט אַהין מיטן גלײַכן שליאַך?

— הײַנטיקס מאָל איז מיר גראָד אַזוי אויסגעקומען, ס'איז רעכט! שוין טאַקע אַ לאַנגע צײַט בין איך אויף דעם וועג נישט געווען. און בײַ אײַך, ר' אַלטער, פֿאַר וואָס איז דאָס עפּעס הינטן אַרום? — טו איך אַ שמעק — פֿון וואַנען קומט עס אַ ייִד?

— פֿון וואַנען אַ ייִד קומט? פֿון אַלדי שוואַרץ יאָר!... פֿון דעם שיינעם יאַריד. נאָט אײַך אַ יאַרמעליניק! אײַנגעזונקען זאָל זי ווערן!

און דערווײַל, ווי אַלטער מײַנער שילט, פֿלוכט יאַרמעליניץ מיט דעם יאַריד דאָרטן, פֿאָרן־אָן אַקעגן גויִישע פֿורלעך מיט אַ געשריי, פֿאַר וואָס דער וועג איז פֿאַרשטעלט. דערנאָך, ווי זיי האָבן דערזען צוקומענדיק, מיך און אַלטערן, בײדע אין טליתים מיט גרויסע של־ראשן אויפֿן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רצועות, צעשרײַען זיי זיך שוין גראָבלעך מיט געשפּעט:

— באַטשיטי, יאַקי פּאַני בעריי, צאַטצי, ע־ע! טראַסצאַ וואַשי מאַטערי, דײַטע דאַראַגי! היי כודקאַ זשידקי, לאַבסאַרדאַקי[19]!

איך מיט מײַן אַלטערן טוען מיר געשווינד זיך אַ נעם צו די

[19] (אוקראַיִניש) קוקט זיי אָן, די שיינע לײַט, די צאַצקעס! מאַכט אַ חעג, אַ רוח אין אייער מאַמען אַריין! היי, דאַרע ייִדלעך מיט ציצית!

בײַדלעך מיט אימפּעט. אַ פּאָר פּויערן, כאָטש נישט פֿון ייִדישע קינדער, נאָר דעם אמת מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזוי פֿיל יושר צו העלפֿן אונדז אין דער נויט. און בזכות זייער שטופּ טאַקע איז מײַן בײַדל באַלד אַרויס פֿונעם טינטערל. זיסט [20], וואָלטן מיר נאָך אַוועקגעבאָברעט [21] גאָט ווייס וויפֿל, און נאָך געקענט מיאוס צערײַסן אונדזערע טליתים. מיט די עשׂוס אין איינעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש: זיי האָבן געשטופּט אויפֿן רעכטן אמת טאַקע. והידים ידי עשׂו, באַלד צו דערקענען געווען עשׂוס הענט. און בײַ אונדז, להבדיל, איז נאָר געווען הקול קול יעקבֿ, דאָס הייסט, מיר האָבן זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאַכט ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט... נישט דאָס בין איך אויסן. ווי באַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פֿרײַ, זײַנען די גראָבע כאַמולעס [22] זיך געפֿאָרן זייער וועג, אויסדרייענדיק די פּלייצעס צו אונדז, אַלץ געלאַכט. געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן, ווי גלחים, להבדיל, נעבן די פֿערד אין וועג, און דינען דעם בורא מיט דער בײַטש אין דער האַנט... אַ טייל האָבן, טײַטנדיק אויף אונדז מיט אַן עק פּאָלע, ווי אַ חזיר־אויערל [23]. געשריגן: „זשיד כאַלאַמיי [24]!" אַלטערן האָט עס נישט אַזוי געאַרט. אויך מיר לײַט! — מאַכט ער מיט אַ קנייטשל — פֿאַר וועמען, מישטיינס געזאָגט, מען האָט זיך דאָ צו שעמען!... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטן זייערס יאָ געאַרט. גוואַלד, רבונו של עולם, פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?...

— אַלמעכטיקער גאָט! — זאָג איך מיט אַ געבעט אויף תחינה־לשון — עפֿן דײַנע אויגן און טו לוגן פֿון דײַן האַרבעריג [25], דאָס איז דער הימל, ווי דײַנע פֿאָרכטצומע [26] ייִדעלעך זײַנען צו שפּאָט און צו שאַנד גײַערט וועגן דעם כּבֿוד פֿון דײַן ליבן נאָמענס וועגן, ווײַל זיי פֿאָרכטן דײַן פֿאָרכט, זיי אַכפּערן דײַנע געבאָט, האָפֿערדיק,

---

[20] אויב נישט. — [21] געפּסורט צייט. — [22] כאַמעס, גראָבע קעפּ. — [23] אַ פּיצעלע אויערל. — [24] (זידלערײַ) מיט אַ געגראַמטן לידל. — [25] (פֿון דאַוונען: הבט משמים וראה) קוק פֿון דײַן אַכסניה! — [26] גאָטספֿאָרכטיקע.

מיט וואָרהאַפֿטיקייט. דאַרום וועלגער אויף אונדז דײַן באַרעמהאַרציקייט און לאָמיר טאָן געפֿינען לײַטזעליקייט און חן אין דײַנע אויגן און אין די אויגן פֿון אַלע מענטשן. באַשירעם דײַנע האָפֿערדיקע געליבטע שאָף, דײַן רחמנות זאָל טאָן ברומען אויף דײַנע פֿאַרשטענדיקע פֿאָרכטער. טו אויך באַגיטיקן מײַן מזל פֿאַר מײַן לויבונג און באַשײַנונג הײַנט דײַן נאָמען באַשײַנפערלעך מיט אַכפערקייט. טו צושיקן מיר, דײַן קנעכט מענדל, דער זון פֿון דײַן דינסט גנענדיל, און כל ישׂראל, עפּעס פּרנסה, אַ גוט געשעפֿטל מיט נחת רוח, אָמן!

— ב —

נישט לאַנג שהיות [1] געמאַכט, קריכן מיר אַרויף אויף די בײַדלעך און — הײַדאַ, ווײַטער אין וועג אַרײַן. איך פֿאָר פֿאָרויס און אַלטער הינטער מיר אויף אַ בײַדל פֿון אַלטע צעריסענע ראָגאָזשעס [2], פֿיר רעדלעך נישט קיין גלײַכע, געקרעמפּעוועטע מיט שטריקלעך און אַ קרעמפּעלעץ צווישן די פֿלעקלעך. די אויסגעסמילעוועטע [3] קלעצלעך וואַרפֿן זיך אין אַלע זײַטן אויף די אַקסן, סקריפּען, קוואָקען און קענען קיין אָרט זיך נישט געפֿינען. דאָס בײַדל אין גאַנצן איז זיך מטריח צו שלעפּן אַ הויכע, זייער אַ דאַרע שקאַפּע מיט אַ קרעציקן, אָנגעביסענעם רוקן, גאָלע אײַטער [4], גרויסע אויערן אין אַ קאָלטענעוואַטע גריווע, פֿאַרפּלאָנטערט מיט היי און קלאָטשע, וואָס קריכן־אַרויס פֿונעם אַלטן כאָמוט [5].

פֿונעם דאַוונען זײַנען מיר איבערגעבליבן נאָר די שטיקלעך דרויב צום לעצט, פֿון וועלכע מען מאַכט געוויינטלעך עפּעס נישט אַזאַ פּירוש. אָפּגעפּטרט דאָס דאַוונען, הייבט זיך אָן גאָר אַ נײַער עסק מיט דעם יצר־הרע. נעם, טאָרעט ער, נעם אַ ביסל בראָנפֿן!

---

[1] פאַרצויגן, פאַרזאַמט. — [2] זאַקשסאַף פון שטרוי. — [3] באַשמירט מיט סמאָלע. — [4] ווו ס׳זאַמלט זיך אָן מילך. — [5] פערדגעשפּאַן אויפן האַלדז.

דערקוויק דאָס האַרץ — אי... אי! ווער איך מיך אָפּ מיט אַ קנייטשעלע, שבֿעה עשׂר בתמוז, אין אַזאַ תּענית! — עט! באַקום איך אַן ענטפֿער. אַ שײַכות אַ ביסל צווישן אַ ייִדל הײַנט און נבֿוכדנצרן פֿאַר צײַטן!... גרעסערע צרות זײַנען דאָ און פֿון דעסט וועגן — גאָר נישט. זײַ נישט קיין נאַר. דו ביסט נעבעך אַלט, שלאָף, נישקשה! — איך גיב אַ מאַך מיט דער האַנט איבערן פּנים ווי אָפּצוטרײַבן אַ פֿליג אַ זלידנע און כאַפּ דערווײַל אַ קליין קוקעלע אויפֿן רענצעלע דאָרט אין בײַדל, וווּ עס געפֿינט זיך בײַ מיר תּמיד אַ גוט ביסל ספּירט, רעטשענע קיכלעך, קאָרנלעקעך, קנאָבל, ציבעלע און שאָר ירקות. די סמאַהע[6] גייט איבער די ליפּן, דאָס האַרץ חלשט, דער מאָגן בורטשעט: גוואַלד, אַ ביסל בראַנפֿן! גוואַלד, עפּעס פֿאַרבײַסן! — איך קער געשווינד אַוועק דעם קאָפּ אין דער זײַט און קוק, באַטראַכט אַלצדינג אין פֿעלד אַרום מיר, בכדי צו פֿאַרשלאָגן דעם בייזן געדאַנק.

דער הימל איז בלוי, לויטער, אָן אַ פּיצל וואָלקן. די זון בראָט, סמאַליעט. עס ווייט נישט קיין ווינטעלע. מען פֿילט נישט קיין לופֿטעלע. די תּבֿואה אויף די פֿעלדער, די ביימער אין די וועלדער שטייען שטיל, ווי צוגעקאָוועט, קיין שאָקל אַפֿילו זיך נישט צו טאָן. קי אויף די פּאַשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלען צו ווײַלע די אויערן, קײַען און מעלה־גרהן; אַנדערע גראָבן אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שאַרן מיט די' קאָפּיטעס און רעווען, שרײַען פֿאַר גרויס היץ. דער בוהײַ[7] פֿאַרדרײַסט דעם עק, לויפֿט גאַלאָפּ, וואַרפֿנדיק דעם קאָפּ אין אַלע זײַטן, שטעלט פּלוצלינג זיך אַנידער, אָנגעבויגן דעם שטערן האַרט צו דער ערד, שמעקט, פֿאָכעט מיט די נאָזלעכער, לאָזט־אַרויס אַ ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פֿיס. נעבן אַן אַלטער, אויסגעקרימטער און האַלב פֿאַרדאַרטער ווערבע, איבערגעשפּאָלטן אין דער העלפֿט אַ מאָל פֿון אַ דונער, שטייען פֿערד, איינער אויפֿן אַנדערן פֿאַרלייגט

[6] פּייכטקייט פֿון טעם ביים עסן. — [7] אָקס (נישט קאַסטרירט).

די קעפּ, צו מאַכן כאָטש עפּעס אַ שאָטן, און שמײַסן מיט די ווײדלען, פּטור צו ווערן ווי ס'איז פֿון די בײזע פֿליגל. אויף אַ צווײַגל אין דער הייך וויגט זיך אַ סאָראָקע, אויסזעענדיק פֿון דער ווײַטנס ווי אָנגעטאָן אַ ווײַס טליתל מיט פּאַסן תּכלת פּאָרנט, און דאַוונט שאָקלענדיק זיך, זי בוקט זיך, פֿאַלט תּחנון מיטן קעפּל, שפּרינגט אַ ביסל אונטער, אַ קליין קראַקעלע געבנדיק אַ פּאָר מאָל. בלײַבט דערנאָך ווײַטער שטיין אָן לשון, שטרעקט־אויס דאָס העלדזל און קוקט, גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן, מיט פֿאַרשלאָפֿענע אײגעלעך. אויף דעם גאַנצן וועג איז שאַ, שטיל. מען זאָל דאָס הערן ערגעץ אַ שאָרך, אַ פּיפּס! מען זאָל דאָס זען פֿליִענדיק ערגעץ אַ פֿויגל! נאָר קאָמאַרן, מיקן [8], טראָגן ווי די רוחות זיך אין דער לופֿט אַרום, פֿליִען טאַנצנדיק פֿאַרבײַ די אויערן, טוען אַ גרילץ, אַ זזשע, אײַנרוימענדיק עפּעס אַ סוד, און באַלד טאַקע מאַרש ווײַטער. נאָר צווישן היי, צווישן תּבֿואות — דאָרט שמועסן די גרילן, זומזען, צימבלען און גייען מיט די טאַצן...

ס'איז הייס, ס'איז שטיל, ווונדערלעך שיין. שאַ! גאָטס באַשעפֿענישן רוען...

איך ליג מיר פֿאַר גרויס היץ פּשוט צעלייגט אויף דעם וואָגן אין העמד, מחילה, מיט דעם טלית קטן, אונטערגעהויבן אויפֿן שפּיץ קאָפּ דאָס געשטעפּטע פֿעלפֿענע היטל און אַראָפּגעלאָזן ביז די פּיאַטעס מײַנע אונטערגענייטע ברעסלער וואָלענע זאָקן, וואָס איך טראָג, בעוונותינו הרבים, אין זומער אַפֿילו, און האָב משונה שטאַרק געשוויצט. איך וואָלט דערפֿון גאַנץ הנאה געהאַט, אַפֿילו ווען די זון זאָל מיר נישט געווען זײַן גלײַך אַקעגן פּנים, מחמת איך האָב ליב צו שוויצן און קען שעהען לאַנג אַוועקליגן אין באָד העט, העט אויף דער אײבערשטער באַנק, בשעת דער גרעסטער היץ. מײַן טאַטע, זאָל זיך מליץ, האָט מיך פֿון קינדווײַז אויף דערצו געוווינט. ער איז געווען אַ הייסער, געבראָטענער, אַ ברענענדיקער, פֿײַערדיקער ייִד.

[8] אינסעקטן, פליגעלעך.

ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיך צו פאַרען, צו שוויצן און דערמיט
אָפּגענומען די וועלט, זיך שטאַרק באַליבט געמאַכט ביים ייִדישן
עולם. עס האָט געשטעקט דרינען דאָס פּינטעלע ייִדישקייט מיט דעם
ברען און מען האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ שיינעם, באַגאַ־
טישן ייִדן, געמאַכט מיט דרך־ארץ:

— יאָ, איך שמייסן זיך איז ער אַ למדן מופלג, ער פאַרשטייט
דעם ענין מרחץ. ער קען, ער קען שוויצן גאָר אַ חריפות.

שוויצן איז אַ ייִדישע זאַך. נישטאָ קיין שבת, קיין יום־טוב, וואָס
אַ ייִד זאָל פריִער נישט גוט שוויצן. ווער אונטער אַלע פעלקער פון
די שבעים אומות שוויצט נאָך אויף דער וועלט מער ווי ייִדן?...
נישט דאָס בין איך אויסן.

און בשעת שוויצן, אײַ, ווילט זיך עס קוויקן! עס טריקנט מיר
אין האַלדז, עס ברענט מיך אַ טרונק, איך שטאַרב עסן. דער יצר־
הרע נעמט מיך ווייטער אָן, שטאַרקער ווי פריִער, רעכנט מיר אויס
דאָס גאַנצע צעטל ייִדישע מאכלים: אַ געבראָטענע לעדוויצע [9] מיט
קאַשע, אַ ראָסלפּליישל, אַ לאָקשנקוגל מיט אַ גנב [10] — אַן אָנגע־
פולט העלדזל אינעווייניק — פאַרפּעלעך אײַנגעפּרעגלט מיט גריוון.
איך בין טויט מיט אַלע אברים, דער אַפּעטיט איז שטאַרק, און ער
אַליין טאָקע ווייטער; כרעמדזל, פּראַקעס [11], פּעטשע מיט לעבערלעך
פּענעצלעך [12], רעטעך מיט ציבעלע, אַ קראָפּ פון אינדיק אין אַ
פאַסטערנאַק־צימעס [13]. און פּלוצעם, איך געדענק ניט ווי אַזוי, וואַקסט
פאַר מײַנע אויגן ווי פון דער ערד אויס דאָס רענצעלע... „לחיים,
נאַרעלע! — רעדט־אויס מיר דער רוח — געניג זיך נאַריש געמאַכט,
דו, לעקיש איינער!" — די האַנט מײַנע שטרעקט זיך עפּעס ווי אַליין
פון זיך אויס, עפנט־אויף דאָס רענצעלע און גיט אַ כאַפּ דאָס פלעשל
געשווינד. איך קוק מיך אַרום ווי אַ גנב אין אַלע זײַטן און מײַן

---

[9] פון בהמהס היפט, לאָפּאַטקע. — [10] אָפּגענאַרט. — [11] פלייש געוויקלט
אין קרויטבלעטער. — [12] פוסנאָגע מיט שטיקלעך לעבער. — [13] וואָליע (האַלדז)
פון אינדיק, צימעס פון ווייסע מערן.

קוק באַגעגנט זיך מיט דעם בליק פֿון פֿערדל, וואָס האָט קראַצנדיק זיך אין דעם שפּיץ האָלאָבליע אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ביידל און קוקט אויף מיר עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן, גלייך ווי עס וואָלט גערעדט מיט פֿאַראיבל: „נאַ, זע! אַ הינטערשטער פֿוס איז מיר שטאַרק געשוואָלן, פֿאַרבונדן מיט שמאַטעס, עס רינט מיר נאָך אַן אויג, יאַטרעט [14] זיך מיר דער האַלדז, דאָס מויל זאָל מיר אָפּנעמען, אויב איך ווייס דעם טעם פֿון אַ האָבער. פֿון דעסט וועגן — וואָס זאָל איך טאָן? — שלעפּ איך מיך הונגעריק, קראַנק, צעבראָכן, נישט אויסצושפּאַנען זיך, חלילה, פֿון דער עבֿודה״... דאָס פֿלעשל גליטשט זיך פֿון די הענט מיר אַרויס, צוריק אין זיין רו אַריין. איך שטופּ דאָס רענצעלע [15] פֿון מיר אַוועק ווייט, זייער פֿאַרשעמט, מאַכנדיק דער־ביי מיט אַ קרעכץ טיף פֿונעם האַרצן: אָט, פֿון וועמען באַדאַרף אַ ייִד זיך אַ מוסר נעמען, ביי וועמען זיך לערנען שׂכל! מלפֿנו מבהמות ארץ [16]: ער לערנט אונדז פֿון די בהמות אין דער וועלט... ניין, פֿערדל מיינס; איך גיי אויך אין יאָך און שפּאַן מיך פֿון דער עבֿודה נישט אויס... נישקשה, ר׳ פֿערדל, דער רוח וועט אונדז ביידע נישט נע־מען! אָדם ובהמה, אַ מענטש אַ בהמה תּושיע ה׳. העלפֿט גאָט!... נישט דאָס בין איך אויסן.

אַ ייִד אַבי ער האָט איין מאָל געגעבן אַ בראָך די מיאוסע תּאווה פֿון עסן, מאַכט אים שוין די אַכילה אַזוי נישט אויס און קען דאָס גאַנצע לעבן זיינס אָפּקומען כּמעט מיט גאָרנישט. אי היינט נאָך, אין אונדזערע צייטן, געפֿינען זיך זייער פֿיל ייִדן, ביי וועלכע ס׳איז דאָ נאָר אַ סימן פֿון מאָגנס, טאַקע עט... וואָס, ווי אַ כּזית. און ס׳איז דאָ אַ גרויסע האָפֿענונג, אַז מיט דער צייט — די טאַקסע [17], בעלי־טובֿות און דאָס גלייכן, לאָזן נאָר נישט פֿאַרשטערט ווערן — וועלן זיי פֿונעם עסן אַלץ מער מער זיך אָפּגעוווינען, ביז עס וועט קומען

---

[14] נעצט, רינט, אייטערט. — [15] וואַליזקעלע. — [16] לערנסט אונדז וועגן די הויז־חיות. — [17] אָפּצאָל פֿאַר כּשר פֿלייש, בענטשליכט, הייוון (פֿון דער הכנסה האָט מען אויסגעהאַלטן די רעליגיעזע אַנשטאַלטן).

דערצו, אַז בײַ ייִדן איז די שפּעטערדיקע דורות וועט חוץ מערידן אַפֿילו אויך קיין סימן פֿון קיין מאָגן ניט זײַן. ייִדן וועלן דענסטמאָל אין דער וועלט זייער אַ שיין פּנים האָבן...

מיט דעם דאָזיקן שמועס אַצינד בין איך אויסן, אַז נאָכן אָוועקשטופּן דאָס רענצעלע פֿון מיר, בין איך געוואָרן עפּעס שטאַרקער און מיך שוין געפֿילט גאָר קיין מעשׂה נישט. איך האָב מיר געטראַכט פֿון מסחר און אונטערגעברומט עפּעס אַ תּשעה־באָבֿדיק ניגונדל. שוין, דאַכט זיך, גאָר גוט. טראָגט דער רוח אָן אַ יונגע ערלטע, אַ מכוערת, מיט אַ טעפּל פּילינצעס [18], דאָס בעסטע לאַקעטקע [19] מײַנס. אָן אַנדערער אויף מײַן אָרט, פֿון יענע גוטע לײַט, וואָלט עס גענומען אויף זײַנע כּלים, דאָס איז דער יצר־הרע אַליין אין דער געשטאַלט פֿון אַן אישה געקומען מיט אַן אויסרייד... נאָר, לא היה! איך בין אַ בעלן געווען און זיך גוט צוגעקוקט. פּשוט, אַן ערלטע אָן חכמות! און בעטנדיק מיך אַוועקצוקויפֿן בײַ איר די פּילינצעס אין איינעם מיט דעם טעפּל פֿאַר צען גראָשן, רוקט זי עס מיר אונטער גלײַך אונטער דער נאָז. דער ריח איז מיר פֿאַרגאַנגען שטאַרק אין דער נאָז, עס וועסערט [20] מיר דאָס מויל, עס קלעמט מיר דאָס האַרץ, טונקל ווערט מיר אין די אויגן. עס גלוסט זיך מיר אַ שרעק! און מחמת מורא, איך וועל מיך נישט קענען אײַנהאַלטן, כאַפּ איך און שפּרינג־אַראָפּ אויף דער ערד שטאַרק צעקאָכט, ווי איינער ראַטעוועט זיך אין אַ שׂריפֿה, אַז איך האָב נישט צעבראָכן רוקן און לענד, איז גאָר גרויסע ניסים, און לאָז־אַרויס נישט מיט מײַן קול אַ געשריי:

— ר׳ אַלטער! — די כּוונה מײַנע איז דערמיט געווען, אַלטער זאָל זײַן אַ שומר.

אויפֿן וואָגן אין דער לענג ליגט ראַקום [21], מחילה, מײַן ר׳ אַלטער אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט ווי אַ

---

[18] קליינע פּרוכט, יאַגדעס. — [19] נאַשוואַרג. — [20] ס׳גייט־אַרויס די סלינע. — [21] מיטן הינטן אַרויף.

צוויק [22], צעכראַשטעט מיט דעם רויט פֿאַרוואָקסענעם האַרצן אין דרויסן, פֿאַרברענט, פֿאַרבראָטן און נויטשוויים באַשלאָגט אים, אַז דאָס האַרץ, שׂונא־ציון, האָט געריסן קוקנדיק אויף אים.

— האַ־אַ? — מאַכט אַלטער, דערהערנדיק מײַן געשריי, עפּעס אויף קײַש [23], נישט רירנדיק זיך פֿון אָרט — וואָס איז?

יענע מיט דעם טעפּל פּיליניצעס, גיב איך אַ בליק, איז שוין בישטאָ, ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. איך מאַך מיך אָן אויסרייד און טו אַ פֿרעג אַלטערן:

— וויפֿל, מיינט איר, זאָל אַצינד האַלטן אַ זייגער?

— אַ זייגער אַצינד וויפֿל זאָל האַלטן? — ענטפֿערט אַלטער מיט אַ פֿאַרדומפּט קול — ווייס איך? צו די ערשטע שטערן וועלן די אויגן אויסקריכן גענוג וואַרטנדיק, נו מילא... אָ, שטאַרק הייס!

— אַ געשמאַקע היץ, אַ־אַ־אָ! — רוף איך מיך אָן, גייענדיק צו פֿוס נעבן אַלטערס בײַדל — איר שוויצט, ר׳ אַלטער? איך מיין, שוין צײַט צו פּאַשען, אונדזערע אָדלערס זײַנען נעבעך מיד, קוים וואָס זיי שלעפּן זיך. צום טראַקט אויף גלופּסק איז נאָך דאָ אַ פּאָר ווערסט־לעך, אפֿשר נאָך מיט אַ שמיצל. ניט ווײַט פֿון דאַנען, דאָרט ווו עס הייבט זיך אָן צײַען אַ וואַלד העט־העט ביז צום שליאַך, זע איך אין דער זײַט, לינקס, זייער אַ גוט אָרט צו פֿיטערן.

אין עטלעכע רגעס אַרום האָבן מיר אַראָפּגענומען זיך אין דער זײַט פֿונעם וועג און צוגעקומען צו יענעם אָרט, ווו ס׳איז געווען וואַלד, שיינע פֿעלדער, אַ געמויזעכץ [24] און אַלע גוטע זאַכן. מיר האָבן אויסגעשפּאַנט אונדזערע לייבן, געלאָזט זיי פֿרײַ פּיטערן זיך דאָרט בײַם ברעג וואַלד און אַליין האָבן מיר זיך אונטערגעלעגט אונטער אַ בוים.

---

[22] פלאַנץ. — [23] ווי אַ קו. — [24] שטייענדיק וואַסער ווו ס׳קלייבן זיך רמשים, שיטערע בלאָטע.

— ג —

אַלטער יקנה״ז האָט קוים געאָטעמט פֿאַר היץ. אַנגסטן האָבן אים באַשלאָגן. ער האָט געזיפֿצט, געקרעכצט, אַזוי אַז עס האָט מיך פֿאַרוואָר[1] ביים האַרצן אָנגעכאַפּט, און בכדי אים צו מינטערן אַ ביסל, אויך טאַקע צו ריידן, צו פֿאַרברענגען אַ ביסל די צייט, לאָז איך מיך אַריין מיט אים אין אַ שמועס: אַזוי:

— אַ פּנים, ר׳ אַלטער, אייך איז געשמאַק הייס?

— בע! — ענטפֿערט אַלטער גאַנץ בקיצור, עפּעס ווי אָנגעברוגזט, רוקנדיק זיך אונטער דעם בוים, ווו עס איז נישט געווען אַזאַ גרויסע באַהעלטעניש פֿון דער זון, וואָס עס האָט אַריינגעשיינט דורך די צווייגן.

— פֿע, נישט גוט פֿון דעם תּענית! וואָס, איר קרעכצט אַזוי? — מונטער איך מיין אַלטערן, פֿעסט ביי זיך אָפּגעמאַכט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך אַרויסבאַקומען ביי אים אַ וואָרט.

— בע! — מאַכט אַלטער און וויטער טאַקע אַ רוק אונטערן בוים.

מיט „בע״ אַליין אָבער האָב איך נישט געוואָלט מיך באַגענוגענען. איי, טראַכט איך. דו ביסט אַ געבראָטענער עקשן! נישקשה, דו וועסט ביי מיר ריידן, היץ, שוויס אין דער זייט. עס מוז זיך אָנהייבן פֿון געשעפֿט, דאָס בעסטע, איינציקע מיטל רײדנדיק צו מאַכן אַ ייִדן. אַ ייִד בשעת דער גסיסה אַפֿילו, קוים דערהערט ער נאָר עפּעס געשעפֿט, ווערט ער לעבעדיק און דער מלאך־המוות אַפֿילו קען דענסטמאָל צו אים אויך נישט צוטרעטן. דעם ערגסטן שׂונא מיינעם ווינטש איך נישט אַריינקומען צו אַ סוחר בשעת עס דאַכט זיך אים נאָר געשעפֿט. ער איז מבֿטל דענסטמאָל איטלעכן, אַפֿילו דעם בעסטן פֿריינד, אַן אייגענעם ברודער, מיט דעם בליק... נישט דאָס בין איך אויסן. איך ווענד מיך צו אַלטערן מיט אַזאַ שמועס:

---

[1] אויף אַן אמת.

— מיר ווען, דאַכט זיך, ר׳ אַלטער, מאַכן אַ געשעפֿטל! גוט, כ׳לעבן, וואָס מיר האָבן זיך דאָ היינט באַגעגנט. איי, האָב איך עס היינט מיט מיר אַ מין סחורה, גינגאָלד!

דאָס מיטל מיינס האָט געווירקט. אַלטער איז ווי איבערגעביטן געוואָרן. ער הייבט זיך אַ ביסל אונטער און קוקט אויף מיר מיט אויפֿגעשטעלטע אויערן. איך גיב אים ווייטער איין פיזעם [2] אַזוי:

— הייינטיקס מאָל, ר׳ אַלטער, גייט דאָס געשעפֿט צווישן אונדז אויף מזומן געלט. איר פֿאָרט דאָך פֿון יאַרמעליניצער יאַריד און מוזט, אָן עין־הרע, האָבן פֿולע קעשענעס.

— פֿולע קעשענעס, יאָ! אַ האַרץ פֿול מיט מכּות האָב איך — זאָגט אַלטער שטאַרק אָנגעברוגזט — איך זאָג אייך, ר׳ מענדל... גאָר נישט מער גאָר נישט; אַ מענטש אָן מזל זאָל נישט געבוירן ווערן גלייכער... עסקים, עס האָט מיר זיך געגלוסט נייע עסקים! אָן אַנדערער אויף מיין אָרט — הע־הע־הע! ביי מיר אָבער איז גאָר נישט, מיט דער פּוטער אַראָפּ. אַזאַ אומגליק! אַ ווייטיק נאָר צו דערציילן. שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פּנים. נישט מער וואָס, גאָר נישט...

איך האָב גוט אַרויסגעזען, אַז מיט מיין אַלטערן איז עפּעס נישט גלאַט, ס׳איז דאָ אַ צרה. אַבי נאָר עס האָט אים זיך געעפֿנט אַ מויל, איז שוין געווען אַ קליין קוועטשעלע, עס זאָל אים זיך שיטן ניין מאָס רייד. פֿון מיין זייט איז קיין מניעה נישט געווען. איך האָב געטאָן אַ גוטן קוועטש און מיין אַלטער האָט זיך צעוויגט, אָנגעהויבן צו דערציילן זיין אומגליק אויף זיין שטייגער אַזוי:

— מילא, קום איך מיר צו פֿאָרן אויף יאַרמעליניצער יאַריד. קומענדיק אויפֿן יאַריד, שטעל איך מיך מיט מיין ביידל אויף דעם פּלאַץ, פֿאַרשטייט איר מיך, און צעפּאַק מיר דאָס ביסל סחורה. מילא, בקיצור — גאָר נישט. שטיי איך מיר און קוק־אַרויס אויף לייזעכץ. געטראָפֿן אויפֿן יאַריד האָבן מיך די צרות. איך בין היינט, נישט

[2] שאַנס, קלייניקייט (אַ חיהלע וואָס איז ווייניק ווערט).

פֿאַר אײַך געדאַכט, מיאוס אין דער קלעם. דער דרוקער מאָנט געלט. מילא, דאָס איז גאָר נישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פֿאַרשטייט איר, מער נישט געבן קיין סחורה!... מײַן עלטערע בתולה איז שוין אין די יאָרן; אַ בתולה, פֿאַרשטייט איר, באַדאַרף חתונה האָבן. מילא, גיי זשע, דריי דעם קאָפּ, זוך אַ חתן. חתנים זײַנען דאָ, אָבער אַ חתן, דאָס הייסט, פֿאַרשטייט איר מיך, אַ חתן! איז נישטאָ... מײַן ווײַב באַדאַרף זיך צו די צרות פֿאַרגלוסטן האָבן אַ ייִנגל — און נאָך ווען? — פֿאַר פּסח. איר פֿאַרשטייט, וואָס הייסט אַ ווײַב האָט אַ ייִנגל? אַ חתונה, חתונה הייסט עס! נישט מער — גאָר נישט.

— נעמט נישט פֿאַר אומגוט — זאָג איך צו אַלטערן — וואָס איך פֿאַל אײַך אַרײַן אין די רייד. למאַי האָט איר אויף דער עלטער גענומען אַ יונג ווײַבל, זי זאָל אײַך אַזוי פֿיל קינדלען?

— גאָט איז מיט אײַך! — מאַכט אַלטער פֿאַרוווּנדערט — איך האָב דאָך געמוזט נעמען אַ באַלעבאָסטע אין שטוב אַרײַן. וואָס וויל דען אַ ייִד מיט דעם חתונה האָבן? גאָר נישט! אַ ייִד וויל, נעבעך, האָבן אַ גוטע באַלעבאָסטע...

— למאַי זשע, ר׳ אַלטער — טו איך אַ פֿרעג — האָט איר געגט אײַער ערשט ווײַב און איר פֿאַרוויסט דאָס לעבן? זי איז דאָך געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע!

— בע! — מאַכט אַלטער, פֿאַרקנייטשנדיק זיך זיך מיט אַ פֿינצ־טער פּנים.

— קיין עקרה, געלויבט השם יתברך, איז אײַער ערשט ווײַב אויך נישט געווען! — לאָז איך אַלטערן מײַנעם אַלץ נישט אָפּ — ווהין זײַנען הינגעקומען די קינדער, נעבעך? האַ, וואָס?

— בע!... — בעקעט אַלטער אָן לשון, אַ קראַץ געבנדיק זיך אין דער פּאה, אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן.

„בע" איז בײַ אונדז, ייִדן, אַ טײַער וואָרט, וואָס האָט זייער פֿיל טײַטשן און איז אַ תּירוץ אויף אַלע קשיות. „בע" קען מען געברויכן אין אַלע צײַטן אין אַ שמועס און עס זאָל תּמיד פּאַסן. אַ ייִד קען מיט „בע" זיך תּמיד אויסדרייען, ווען ער איז, נעבעך, אין דער קלעם

און שטייט שמאָל. מיט „בע״ סילוקט אַ שווינדלער, אַן אַנזעצער, אַז די בעלי־חובֿות טרעטן־צו מיט שטאַרקע טענות. „בע״ שטייט אַ ייִדן ביי אין דער נויט, ווען עס באַוויַזט זיך, אַז ער איז, נעבעך, אַ ליג־נער, מיט „בע״ קען מען אָפּענטפֿערן יענעם, וואָס דולט־אָן אַ קאָפּ צווייַ שעה, נישט צו הערן, נישט צו פֿאַרשטיין אַפֿילו קיין איין וואָרט פֿונעם גאַנצן שמועס. מיט „בע״ קומט־אָפּ אַ שיינער, צעבראָכענער ייִד, ווען ער דערלאַנגט שטילערהייט אַ ביס; אַ שיינע מורנו, ווען ער טוט־אָפּ אַ מיאוסע מעשׂה; אַ דימענטיק מענטשל, אַן חכמות, ווען עס לאָזט זיך גאָר אויס, ער איז געמלאכהט, האָט פֿול פֿליי אין דער נאָז. הכּלל, „בע״ האָט אַלערליי טעמים, משונה ווילדע פּירושים, ווי אַ שטייגער: רוף מיך קנאַקניסל, לאָד מיך צום ונתנה תּוקף, מהיכא תּיתי, קוממיות, געסמאַהע דיר פֿאַרפֿול, און נאָך טייַטשן אָן אַ צאָל. דאָס ייִדישע קעפּל שטויסט זיך תּמיד אָן, וווהין דאָס וואָרט „בע״ צילט, און פֿאַרשטייט דעם רעכטן פּשט דערפֿון, ווי עס פּאַסט צום ענין.

אַלטערס לעצטער „בע״ איז געווען אַ ביטערס, מיט גרינע ווע־רעם. אין אים איז געלעגן עפּעס ווי חרטה, אַ בענק טאָן, אַ באַשול־דיקן זיך אַליין. עס האָט אים זיכער געמוזט ליגן אויפֿן האַרצן ווי אַ שטיין זייַן מיאוסע באַנעמונג אַקעגן דעם ערשטן ווייַב און די קינדער פֿון איר. ער האָט געמוזט אין איטלעכס אומגליק, וואָס אים טרעפֿט, זען אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר זייַנע זינד. דאָס האָט באַשייַנ־פּערלעך אַרויסגעוויזן זייַן ביטערער זיפֿץ און דאָס אַ מאַך געבן מיט דער האַנט, אויך דער קראַץ אין פּאה דערבייַ, האָט אַזוי פֿיל געהייסן: „פֿאַרבייַס די ליפּן און שטום... אין דער ערד מיטן קאָפּ!״

איך האָב מיך אין האַרצן שטאַרק באַשולדיקט, למאַי האָב איך אויפֿגערירט אַלטערס אַלטע ווונדן. דאָס איז טאַקע די מעשׂה מיט אַ ייִדן, אַרייַנצומישן זיך אין יענעמס היימישע זאַכן און אַרייַנצו־קריכן מיט שאלות יענעם אין דער נשמה אַרייַן, בשעת זי טוט ווי און וואַרגט זיך, נעבעך, מיט די צרות שטילערהייט פֿאַר זיך אַליין. אַ חוץ דעם האָט מיך טאַקע געערגערט, וואָס די מי מייַנע איז אין

גאַנצן פֿאַרלוירן. אַלטער האָט זיך שוין אַזוי פֿײַן צעוויגט און גערעדט מחיה, דאָס צינגל האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער, פּלוצלינג באַדאַרף איך אָנרירן אינעווייניק אַ רעדל און דער אומרו איז געבליבן שטיין! איבער אַ נײַס מײַנע מיטלען, איבער אַ נײַס פּיזעם ר׳ אַלטערן. איך האָב נישט געקאַרגט, ווײַטער אײַנגעגעבן אַלטערן ריידמיטלען מיט דער פֿולער מאָס. צוגעפּאַסט צו אים אַ גוט שליסעלע, אָנגעדרייט אים מיט קונצן — און דער אומרו, דאָס צינגל זײַנס, האָט ווידער זיך צעשאָקלט.

— ז —

— מילא, שטיי איך מיר אַזוי נעבן מײַן בײַדל... — האָט אַלטער ווײַטער אָנגעהויבן צו דערציילן מיט זײַן לשון — בקיצור, ווי איך שטיי מיר דאָ, קוק איך און באַטראַכט מיר דעם יאַריד, אַ יאַריד — אַ יאַריד, עס קאָכט. דער עולם איז גרויס. ייִדן מאַכן געשעפֿטן, שטאַרק פֿאַרטראָגן, פּשוט — זיי לעבן. אַ ייִדעלע אויף אַ יאַריד איז אַ פֿישעלע אין וואַסער. דאָרט, פֿאַרשטייט איר מיך, לעבט עס. יעקבֿ אָבֿינוס ברכה טאַקע: וידגו — און זיי זאָלן זיך פֿישלען, בקרבֿ האָרץ — אויף דער וועלט... אמת, ר׳ מענדעלי? שטייט טאַקע אַזוי געשריבן ווי ייִדן זאָגן, „אויפֿן הימל אַ יאַריד״? הייסט עס, אַ פּנים, די עולם־הבא פֿאַר ייִדן איז אַ יאַריד!... מילא, שטייט, ניט שטייט... ייִדן יאַרידעווען, לויפֿן, האַנדלען, שטייען נישט אײַן אויף איין אָרט. צווישן די סוחרים זע איך בערל טעלעצע, אַמאָל אַ באַהעלפֿער, דערנאָך אַ משרת, הײַנט ר׳ בער, שטייט מיט אַ גרויסער קלייט, פּלאַמט אויפֿן יאַריד. בקיצור, גאָר נישט. ס׳איז אַ טאַראַראַם, אַ קאָכעניש. דאָרט, זע איך, לויפֿט אַ ייִדל, אַ צווייטער, אַ דריטער, אויך פֿאָרלעך, פֿאַרשוויצט שטאַרק, דאָס מיצל אויפֿן שפּיץ קאָפּ, דאָ אַ טאַפּ, דאָרט אַ טאַפּ, אַ מאַך אַהין, אַ מאַך אַהער, אַ דריי מיטן גראָבן פֿינגער און אַ קײַ דאָס שפּיצל בערדל, געפּאַלן, אַ פּנים, אויף אַ המצאה. עס לויפֿן גאָר אָן אַ נשמה מעקלערס, שדכנים, טאַנדעטניקעס, מאַכליאַ־

קעס [1], קורלאַפּניצעס [2], ייִדענעס מיט קוישן, ייִדן מיט טאָרבעס, מיט פֿינף פֿינגער, באַלעבעסלעך מיט שטעקלעך, באַלעבאַטים מיט בײַכ־לעך. איטלעכן פֿלאַמט דאָס פּנים. נישטאָ קיין צײַט. אַ רענדל אַ מינוט. מילא, בקיצור, גאָר נישט. עס האָט אויסגעזען, אָט כאַפּן זיי דאָס גליק! אײַ, אײַ, בין איך עס מקנא ווי איטלעכן גייט דאָס מזל! איטלעכער פֿאַרדינט, שעפּט גאָלד, און איך, שלימזל, וואָס? שטיי ווי אַ ליימענער גולם, פֿאַרלייגט די הענט נעבן מײַן צעריי־סענעם בײַדל, באַהאַנגען פֿון ביידע זײַטן מיט ציצית, קמיעלעך און אינעווייניק שמאַכטעס, פעקלעך ספֿרים. אַ קאַטאָוועס, כ׳לעבן, תּחינות שׂרה בת־טובֿים! שׂרה בת־טובֿים אין גאַנצן איז ווערט אַ דרײַער... גיי, לעב, צעפּיר זיך מיט איר די הענט, מאַך חתונה אַ מיידל! איך שעלט אין האַרצן עס, דאָס בײַדל, די דאַרע שקאַפּע [3] מײַנע — הלוואַי וואָלטן זיי אויף דער וועלט נישט געווען! געגנוג, מען באַ־דאַרף פּרוּוון דאָס מזל, אויך עפּעס טאָן! אַרבעטן! השם יתברך קען אפֿשר רחמנות האָבן, וואָס דען? בקיצור, עס פֿאַררײַסט זיך מיר דאָס היטל, עס פֿאַרקאַטשען מיר זיך די אַרבל, מײַנע פֿיס גייען־צו, ווי פֿון זיך אַליין, צו אַ וואָגן און באַלד קײַ איך מיר אַ שטרוי־עלע, וואָס איז פֿונעם וואָגן פֿאַרקראָכן מיר גלײַך אין מויל אַרײַן. מילא, קײַ איך מיר דאָס שטרויעלע און דער מוח מײַנער אַרבעט. אַ קנייטשעלע אַהער, אַהין און באַלד טאַקע אַ קלאַפּ מיטן פֿינגער אין שטערן: ס׳איז דאָ! אַ שיין געשעפֿטל, — אַ שידוך צווישן צוויי סוחרים, לײַטישע מענטשן, וואָס שטייען מיט קלייטן אויפֿן יאַריד. פֿאַרשטייט איר מיך, ווער? איינער איז ר׳ אליקום, ר׳ אליקום שאַ־ראָגראַדער! דער אַנדערער — ר׳ געצל גריידינגער. פֿאַרבייג איך מיך מײַן עסק, אין דער ערד מיטן קאָפּ דאָס בײַדל מיט דער שקאַפּע, מיט דעם דרוקער אין איינעם! טו מיך אַ געשמאַקן נעם צום נײַעם עסקל. למזל, עס רירט זיך!... אַ האָפֿענונג, עס וועט פֿאָרן. בקיצור, איך טרײַב־אָן. עס רוקט זיך. מײַנער ווייסט נישט מער ווי קאָלענד־

---

[1] (פּויל׳) מעקלערס, דרייערס. — [2] הינער־הענדלערינס. — [3] פערדעכל.

רעוועןⁱ[4], לויפֿן פֿון ר׳ געצלען צו ר׳ אליקומען, פֿון ר׳ אליקום צו ר׳ געצלען. איך לויף שוין ברוך השם, לײַטן גלײַך, שטאַרק באַשעפֿטיקט, נישט ערגער פֿון אַלע ייִדן. איך האָרעווע, אַקער מיט דער נאָז די ערד, עס מוז ווערן — און דאָ טאַקע, אויף דעם יאַריד. וואָס דען? איז דען דאָ נאָך אַ בעסער אָרט ווי אויפֿן יאַריד? בקיצור, אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש, די מחותּנים קוקן זיך אָן, איינער דעם אַנדערן געפּעלט, בײדע באַקומען חשק, ווילן שטאַרק. נו, וואָס זשע באַדאַרף מען נאָך? אַז בײדע מחותּנים צאַפּלען, ברענען, האָבן חשק און זײַנען פֿאַרטיק!... איך ווער גרעבער ווי לענגער פֿאַר שמחה. דאָס פֿאַרדינסט איז בײַ מיר גלײַך ווי אין קעשענע. איך קלער שוין אַפֿילו וויפֿל נדן מײַן בתולה צו געבן. דרילך[5] אויף אײַנשיטן האָב איך אויף דעם סמך געהאַנדלט נאָך פֿריִער, שוין געהאַלטן אַפֿילו אין קויפֿן בײַ אַ טאַנדעטניק[6] אַ געניצט סאַמעטן מענטעלע. העמדער, דאָס איז שוין די לעצטע דאגה, ווי גאָט וועט געבן... מילא, בקיצור — גאָר נישט. נאָר הערט אַ מעשה, וואָס קען זיך פֿאַרלויפֿן! אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל, זאָל מען בעסער נישט געבוירן ווערן. אַז עס האַלט שוין בײַ טעפּ ברעכן און מען דערמאָנט זיך גראַד אַרום חתן־כּלה, לאָזט זיך גאָר אויס... וואָס מיינט איר? — אַ וויטיק, כ׳לעבן, צו דערציילן — לאָזט זיך גאָר אויס בוידעם!!! ניין, בוידעם איז נאָך אַ הונט אַ גאָרנישט. עס לאָזט זיך אויס קאַפּויער! הערט נאָר דאָס אומגליק, די שטראָף פֿון גאָט! בײדע מחותּנים האָבן — וואָס מיינט איר, האָבן זיי? בײדע האָבן — בחורים!...

— ס׳טײַטש, ר׳ אַלטער! — שיס איך אויס מיט אַ געלעכטער

— איך בעט אײַך איבער, ווי אַן אייגענע מוטער: ווי פֿאַלט איר אויס צו טאָן אַזאַ שטותערײַ? ריידן אַ שידוך אידער איר ווייסט, ווער פֿון די מחותּנים האָט אַ בתולה און ווער אַ בחור?!

— אַוודאי, פּשיטא! — גיט זיך אַלטער אַ קרים שטאַרק מיט

---

[4] אַרומגיין שליגנ און שלאָנג. — [5] ביליקער שטאָף, ענלעך צו טוך, וואָס צעקריכט. — [6] אַ קאָנפעקציאָניסט, ביליקער בעל־מלאכה, פּאַרטאַטש.

פֿאַרדראָס — איך האָב נאָך, כ׳לעבן, אַזוי פֿיל שׂכל ווי אַנדערע און באַדאַרף מיך ביי קיינעם נישט לערנען. כ׳לעבן, איז ער דען אַ ייִד און ווייסט דען נישט, ווי אַזוי עס ווערן שידוכים!!... דאַכט זיך, ר׳ מענדעלי, איר ווייסט זייער גוט דעם ייִדישן איינפֿיר, דעם גאַנצן שטייגער אין דעם משדך זיך זיין און חתונה האָבן ביי אונדז, ייִדן. וואָס זשע חידושט איר זיך אַזוי אויף דעם אומגליק מיינעם, וואָס האָט זייער גרינג געקענט מיט איטלעכן זיך מאַכן? — איך האָב זייער ווויל געוווּסט, אַז ביי ר׳ אליקומען איז מחויבֿ זיין אַ בתולה און נאָך וואָס פֿאַר אַ בתולה! אַזאַ שטיק גאָלד זאָל איך האָבן! איך האָב זי מיט אַ יאָר פֿריִער געזען אַליין מיט מיינע אויגן, אַזוי זאָל איך זען פֿיל גוטס. נישמער — גאָר נישט. אַז קיין מזל איז נישטאָ, העלפֿט נישט קיין חכמות. באַדאַרף די שיינע בתולה קיין צייט נישט האָבן און אויף צעשפּרינגעניש חתונה האָבן. עפּעס אַן אויסכאַפּעניש אויף איר געקומען, ווי אין דער בהלה. איך זאָל דאָס אָנהייבן כאָטש עפּעס צו וויסן. וויסן זאָל איך אַזוי פֿון מיין דלות! היינט פֿרעג איך אייך, אַדרבה, געדענקט זשע, אַז איך קום דאָ ווענגן דעם שידוך און זאָג גאַנץ ייִדישלעך, ווי געווינטלעך: ר׳ אליקום! איך וויל אייך משדך זיין מיט ר׳ געצלען. ווועמען האָב איך פֿון מיין זייט געקענט מיינען? מסתמא ר׳ אליקומס בתולה. זי, עס פֿאַרשטייט זיך, מיט ר׳ געצלס בחורל. אָרויסריידן עס בפֿירוש איז נאָר אַ גע־לעכטער, אַן איבעריקע זאַך, וואָרעם די קשיא איז דאָך: פּשיטאָ! וואָס לאָזט דו מיך הערן? עס פֿאַרשטייט זיך, אַז נעמען נעמען זיך נישט צוויי זכרים, ווי דען זשע? אַ זכר מיט אַ נקבֿה, ווי דער שטיי־גער איז. דאַכט זיך פֿון מיין זייט האָב איך געהאַנדלט ווי עס געהער צו זיין. קיינער, ביי מיין ייִדישקייט, וואָלט בעסער נישט געהאַנדלט. בקיצור, איך האָב גערעדט ריין, שאַרף, דעם רעכטן עיקר מכּוח נדן, מכּוח קעסט. דערביי מוזט איר נישט פֿאַרגעסן, אַז אויף אַ יאַריד, און דערצו נאָך מיט סוחרים, קען מען גאָר נישט ריידן איבעריקע רייד, ביי'זאַכן, נאָר געציילטע ווערטער, דעם עיקר, דאָס געשעפֿט אַליין: נישטאָ קיין צייט. מילא, האָט איר אייך אַן ענטפֿער פֿון מיין

זײַט. הײַנט לאָמיר גײן צו ר׳ אליקומען. ר׳ אליקום ווידער, פֿון זײַן זײַט, הערנדיק ווי איך רייד אים אַ שידוך מיט ר׳ געצלען, האָט זיכער דערונטער געמיינט זײַן בחור, אַנדערש קען עס דאָך גאָר ניט זײַן. אים אַליין רעדט מען מיט ר׳ געצלען? ווי שיקט זיך עס? און אײַנפֿאַלן אַ בתולה האָט אים אויך נישט געקענט. אַז ער ווייסט בײַ זיך זייער גוט, ער האָט חתונה צו מאַכן אַ בחור, נישט קיין בתולה. מילא, קומט־אויס, בײדע זײַנען גערעכט. נישט מער — גאָר נישט. הײַנט פֿאַרשטייט איר שוין?

— בע!... — מאַך איך קוים אײַנהאַלטנדיק זיך פֿאַר געלעכטער און אָנטועענדיק זיך אַ כּוח אָנצונעמען אַן ערנסט פּנים.

— נו, געלויבט איז גאָט, אַבי איר פֿאַרשטייט! — זאָגט אַלטער, אַ טײַט געבנדיק אויף מיר מיטן גראָבן פֿינגער און מאַכנדיק דערבײַ צעצויגן „אָ!“, גלײַך ווי איך האָב מיט מײַן „בע“ געטראָפֿן פּונקט אין קאָרב [7].

און, דעם אמת מוז איך זאָגן, איז מיר אַלטערס דערקלערונג אַרײַן טאַקע דערנאָך אין קאָפּ. טאַ, פֿאַר וואָס ניט? אויף דעם ייִדישן גאַנג, ווי עס ווערן געשלאָסן שידוכים בײַ אונדז, פֿאַר וואָס זאָל זיך טאַקע אַזוינס נישט מאַכן? — עס כאַפּט זיך מיר פֿונעם מויל אַרויס נאָך אַ מאָל „בע“, אַ קוק געבנדיק אויף אַלטערן עפּעס גאָר פֿרײַנדלעך.

— אָ, יאָ! — מאַכט אַלטער, ווײַטער אַ טײַט געבנדיק מיטן פֿינגער — אָ, יאָ, איר פֿאַרשטייט! נישמער — גאָר נישט. איר זײַט נאָך נישט פֿאַרטיק. עס האָט נאָך געצאַנקט אין מיר עפּעס אַ האָפֿענונג, מיך צו אַן עסקל, לאָז איך עס אַזוי גיך נישט אָפּ.

— ר׳ אַלטער, גאָט איז מיט אײַך! וואָס רעדט איר? — שפּרינג איך אַדש אונטער פֿאַר גרויס ווונדער און מיין זיכער. אַלטער איז אין תּמוז פֿאַר גרויס היץ משוגע געוואָרן — וואָס פֿאַר אַ האָפֿע־

[7] קנייטש (פֿון הויז), טרעפֿן אין פּינטל.

נונג, ר׳ אַלטער, האָט געקענט איבערבלײַבן נאָך דעם, אַז עס האָבן זיך אַרויסבאַוויזן צוויי חתנים?!

— לאָזט זיך דינען! — נעמט מיך אײַן אַלטער — לאָזט זיך דינען, ר׳ מענדעלי! ס׳איז רעכט. עס האָט זיך נאָך געשלאָגן בײַ מיר אַן אָדער. גאָט גיט די רפֿואה פֿאַר דער מכּה. פֿאַרשטייט איר מיך, עס האָט געטאַנצט אין קאָן אַ טעלעצע [8]. נאָך גאָר אויפֿן אָנהייב איז מיר אײַנגעפֿאַלן טעלעצע. דאָרט זײַנען שוין דאָ מידלעך זי־בערע, איר מעגט מיר גלייבן. עס האָט מיר תּחילת זיך געדרייט אין קאָפּ מיט אַ מאָל: אליקום, געצל, טעלעצע. פֿון זיי האָט מען באַדאַרפֿט אויסקלײַבן אַ פּאָר. האָב איך באַדאַרפֿט גראָד בלײַבן בײַ ר׳ אליקומען, און טעלעצע דערווײַל אַוועקשטעלן אין דער זײַט. מילא, אַז דאָס אומגליק האָט מיך דאָ אַזוי געטראָפֿן, וואָס זשע טוט מען? באַדאַרף מען אַרויספֿירן אויפֿן פּלאַץ טעלעצע, געהויכט, גע־קרוינט, שוין מיט דער גאַנצער מורנו: ר׳ בערישל! בקיצור, איך פֿאַררײַב דעם פֿעלער בײַ די פּריערדיקע בײדע צדדים. שולדיק־שמולדיק — זיי אַ ביסל, איך אַ ביסל, און אַ ביסל אויך דאָס מזל אונדזערס. מסתּמא איז עס נישט געווען מן השמים, נישט באַשערט. פֿאַרשטייט איר מיך?... עס הייבט זיך אָן דער גרויסער מזמור: ר׳ בערישל איז אָן עין־הרע אַ גבֿיר, אַ דימענט, אַ בעל־צדקה, אַ גבאי אין פֿיל חבֿרות. ס׳טײַטש, ר׳ בערישל! דעם טיטל „חכם" רעכן איך נישט, ווײַל עס פֿאַרשטייט זיך אַליין, עס ליגט שוין אין דעם נאָמען גבֿיר... מילא, גאָר נישט. דער פּונקט פֿון האָפֿענונג האָט אין מיר זיך אַלץ ווײַטער מער צעברענט. גם זו לטובֿה, טראַכט איך, וואָס עס זײַנען ווי בוימל אויפֿן וואַסער אַרויפֿגעשווומען צוויי בחורים. אַצינד זײַנען דאָ פֿאַר זיי בײדע טאַקע צוויי בתולות, גלײַך ווי אָנגעמאָסטן. ר׳ בערישל וועט מיר צו רעכט מאַכן אַלצדינג און עס וועט אם ירצה השם זײַן גוט. אַהער־אַהין, בקיצור, איך אַרבעט אויף אַלע כּלים. איך האָב ווײַטער דאָס לויפֿעניש. דאַכט זיך, אין פֿלוג, גאָר

[8] יונגע בהמה, צווישן אַ קאַלב און אַ קו.

נישקשהדיק, עס האַלט אויף אַ שטיקל שטייגער. נישמער — גאָר נישט. באַדאַרף זיך אין מיטן דרינגען אויסלאָזן דער יאַריד. אַן איבערקערעניש. אַלע צעפּאָרן זיך. צעלויפֿן זיך, אויס געשעפֿטן, און פֿאַרפֿאַלן מײַן מי. אַזוי פֿיל מי!

— הײַנט פֿאַרשטייט איר? — ווענדט זיך אַלטער צו מיר מיט אַ ניגון פֿון געבעט, אויסשטרעקנדיק בײדע הענט, ווי ער קלאָגט זיך, גיסט־אויס זײַן שווער, ביטער האַרץ און פֿאַרלאַנגט פֿון מיר עפּעס אַ הילף — פֿאַרשטייט איר שוין? אַז ס'איז ניטאָ קיין מזל, דאָס פּיצעלע מזל, העלפֿן נישט אַלע חכמות. אוי, אַ צאָרן פֿון גאָט איז שוין פֿון אַ צײַט אויף מיר אויסגעגאָסן געוואָרן, אַ שטראָף פֿאַר מײַנע זינד. „אויף מזומן געלט!", זאָגט איר? אַן איבעריקן גראָשן האָב איך דען אין קעשענע, אַז אָך און ווי און ווינד איז מיר!

— אײַ, ווי אין באָד! — צעהיץ איך מיך אויף אַ קול און טו מיך אַ געשמאַקן רוק.

אַלטער שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגן, שאָקלט מיט דעם קאָפּ, שטאַרק אויפֿגעבראַכט, מאַכנדיק דערבײַ ווי אין דער וועלט אַרײַן:

— אַ גנבֿ אַ ביסל פֿון אַ ייִדן! אַ מענטש ווערט, שונא־ציון, צעזעצט, די גאַל שפּרינגט אים פֿאַר צרות, רעדט, און ער — גאָר נישט! האָט אין זינען זײַן נפֿשל. אַ קאַטאָוועס, ס'איז הייס ווי אין באָד! וועט צעשמאָלצן ווערן... איך פֿאַרשטיי, נישקשה, ייִדישע אָנשטעלן. דאָס וויל אַ ייִד אַ כאַפּ טאָן זיך צוריק, אַרויסזעענדיק, אַז בײַ יענעם איז קיין מזומנים נישטאָ, קיין געשעפֿטן מיט אים וועט ער נישט מאַכן.

— כ'לעבן... — רוף איך מיך אָן, אַ צי געבנדיק אַלטערן פֿאַר דער באָרד, כמנהג ייִד — וואָס פֿאַלט אײַך אײַן, ר' אַלטער, אַזעלכעס צו טראַכטן? איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש. אײַער סוף מעשׂה אַצינד אויף דעם יאַריד האָט מיר דערמאָנט אין זייער אַ שיינער מעשׂה אַ מאָל אין באָד, וואָס ליגט מיר עד־היום אין טעם און קען עס נישט פֿאַרגעסן. אויך די אייגענע מעשׂה, עס זאָל דאָס פֿעלן אַ האָר!

נאָר דאָרט איז עס געווען בקיצור און זיך אויסגעלאָזט מיטן קנאַק. מען מעג עס הערן. אָ, איר שוויצט, ר׳ אַלטער! רוקט זיך, זײַט מוחל, אַ קאַפּעלע אַהין, וועל איך מיר ליגן אָט אַזוי מיט דעם רוקן צו דער זון און דערציילן.

אַלטער ווישט מיטן עק אַרבל פֿונעם העמד אָפּ דעם שווייס פֿון זײַן פּנים, נעמט פֿון דער בוזעם־קעשענע אַרויס זײַן פֿאַרצע־לײַען פּיפּקעלע מיט עפּעס אַ יפֿה־פּיה אויסגעמאָלט דערויף; מאַכט אויס מיט אַ דרעטל, וואָס הענגט אויף אַ קייטעלע בײַם טאָמבאַ־קאָוון [9] דעקל פֿון דעם ליולקעלע, דאָס קורצע ציבעכל, פֿון וועלכן דאָס דינע אויסגעבויגענע מונדשטיקל, ווי אויך דער אונטערשטער טייל, זײַנען גרוי־שוואַרצלעכע ביינדעלעך און דאָס מיטלשטיקל אַ ווייכס, אויסגעהעפּט אַרום מיט זאַמד־פּאַטשערקעס; פֿאַררייכערט דערנאָך דאָס פּיפּקעלע, טוט דערבײַ אַ קליין קוקעלע אויף דער יפֿה־פּיה און ציט זיך אויס, ווי גרויס ער איז, אונטער דעם בוים. איך הוסט מיך אויס, טו מיך אַ רוק און הייב־אָן מײַן מעשׂה אַזוי.

— ה —

אין דער גלופּסקער געמויערטער באָד האַלט זיך זינט אַ לאַנגער צײַט אויף אַ בחור — פֿישקע דער קרומער. ווער פֿישקע איז, פֿון וואַנען ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קיינעם אײַנגעפֿאַלן צו וויסן. גאָר נישט! עס דרייט זיך אַרום אַ באַשעפֿעניש, אַ פֿישקע, ווי אַלע אַנדערע פֿאַרוואָרלאָזטע נפֿשות, זײַן גלײַכן, וואָס גיבן זיך אַ ווײַז בײַ אונדז, יידישע קינדער, עפּעס פֿון דער העלער הויט, ווי די שוועמלעך, פֿאַרטיק מיט אַ מאָל, מיט די אַלע חנדלעך, מען זאָל עס געווען אָנהייבן זען, ווי זיי האָבן ביסלעכווײַז געשפּראָצט, כאָטש האָבן פֿון זיי פֿריִער עפּעס אַ סימן... עס זיצן זיך ערגעץ אין לע־

---

[9] ביליקער מעטאַל, אין קאָליר פֿון קופּער.

כער קבצנים, קינדלען זיך שטילערהייט — וועמענס עסק איז עס? — פּרוכפּערן זיך און מערן. ס'איז אָן עין־הרע אַ גרויס געוועטע־ניש. דאָס קליינוואַרג גיט זיך אַ הייב אויף די פּיסלעך און פלוצלינג שפּרינגען־אַרויס אין דער וועלט פּריש צאַפּלדיקע קליינע יידעלעך: פּישקעלעך, כײַקעלעך, חיימלעך, יאָסעלעך, גנאַקעטע, באָרוועסע, מיט לײַבסערדאַקלעך [1], פּלאָנטערן זיך אומעטום פאַר די פּיס, אויף די גאַסן, אין די הײַזער און די קלײַזלעך. קיין שטאַרק גרויסן פאַרשוין קען מען פּישקען נישט אָנרופן. ער האָט אַ גרויסן פּלאַטשיקן קאָפּ, אַ ברייט, גרויס מויל מיט געלע קרומע ציין, רעדט שטשיפּילאַווע [2], קען נישט קיין „ריש" שאַרף אַרויסזאָגן און הינקט שטאַרק אויף אַ פוס. פּישקע איז שוין געווען אין די יאָרן, פון זײַנעטוועגן האָט ער שוין געקענט לאַנג חתונה האָבן און מזכה זײַן גלופּסק מיט עטלעכע קינדערלעך; נאָר אויף זײַן פינצטער מזל האָט מען אין אים זיך פאַרגעסן און ער איז, ווי אַ פוילער מין אין אונדזער ספרים־האַנדל, געוואָרן אַ לעגער [3]־סחורה. מען האָט אין אים זיך פאַרגעסן אַפילו בשעת דעם רעקרוטן נעמען פאַר כאָלערע, חתנים, דאָס הייסט, בשעת גלופּסקער קהל האָט געכאַפּט אין דער בהלה וויסטע קאַליקעס, דראַבעס [4], שלעפּערס, און זיי חתונה געמאַכט אויף דעם הייליקן אָרט, צווישן די קבֿרים, מיט אַבי אָט מיידלעך, בכדי דורך דעם זאָל די שלאָפקייט אויפהערן. אַנשטאָט אים האָט קהל דאָס ערשטע מאָל מכבד געווען מיט חתונה האָבן דעם באַרימטן קאַליקע יאָנטלען, וואָס רוקט זיך אויף זײַן געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעך אין די הענט. מען האָט אים געפּאָרט מיט דער אָרעמער יידענע, די מפורסמת, וואָס האָט גרויסע ציין ווי לאָפּעטעס אין איין אונטערשטער ליפּ. די כאָלערע האָט זיך פאַר זיי שטאַרק דערשראָקן און נאָכדעם, אַז זי האָט פאַר שרעק מזיק געווען אין גלופּסק אַ סך מענטשן, האָט זי געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און איז אַנט־

[1] אונטערערקלעך, אַרבע־כנפות. — [2] אומקלאָר, טעמפּ. — [3] פאַרלעגענע, אויף לאַגער, וואַרט אויף אַ געלעגנהייט. — [4] גאָרגישטן, פּוסטעפּאַסניקעס.

לאָפֿן... דאָס צווייטע מאָל האָט מען אויסגעקליבן נחומצע דעם שטאָט־מעגעגע [5], דעם געוויסן לעקיש. לעקיש האָט אויף דעם בית־עולם, פֿאַר אַ גאַנצער עדה שיינע ייִדן, צוגעדעקט דעם קאָפּ פֿון יע־נער מויד, וואָס איר קאָפּ איז פֿון קינדווײַז אָן באַדעקט, איך בעט אײַך מחילה, מיט אַ קרויז, און אויף וועלכער עס גייט אין דער שטאָט אַרום אַ קלאַנג, אַז זי איז אַן אַנדרוגינוס. דער עולם, זאָגט מען, האָט אויף זייער חתונה זיך גאַנץ שטאַרק משׂמח געווען, מען האָט זיך וויל געטאָן און עפּעס גאָר אַ ים בראַנפֿן צווישן די מצבֿות אויסגעטרונקען. אָט, האָט מען געזאָגט, נישקשה! לאָזן זיך פֿרוכ־פּערן, לאָזן ייִדישע קינדער, דער כאָלערע אויף צעשפּרינגעניש, זיך מערן! לאָזן אָרעמע קאַליקעס, נעבעך, אויך הנאה האָבן... נישט דאָס בין איך אויסן. הכּלל, פֿישקען האָט קהל פֿאַרגעסן. אויף גלופּסק איז געקומען ווײַטער אַ כאָלערע און פֿישקען האָט עס פֿאָרט נישט געהאָלפֿן. ער איז געבליבן אַ בחור ווי פֿריִער. אַפֿילו די מומע אָן אַ נאָז, וואָס איר שטיגער איז צו העצקען זיך אין מיטן דער גאַס, בשעת איר קלעזמערל סקריפּעט אויף עפּעס אַ מין פֿידעלע, צוזינ־גענדיק דערצו אויפֿן בײַקולכל, נעמט־צונויף אויף אַ טעלערל נדבֿות, בכדי צוויי מתים זאָלן גיין טאַנצן, קאַליקעס, קבצנים, אָרעמע מייד־לעך זאָלן חלילה נישט פֿאַרזיצן — אַפֿילו די גוטע, באַרעמהאַרצע־דיקע מומעניו האָט אין פֿישקען זיך גאָר פֿאַרגעסן און אים געלאָזט אומגיין אָן אַ ווײַב. ס'איז אַוודאי, נעבעך, אַ גרויס רחמנות, אַ צער בעל־החיים. נאָר מסתמא איז זײַן מזל שוין געווען אַזאַ.

פֿישקעס גאַנג איז געווען געוויינטלעך: באָרוועס, אָן אַ קאַפּאָטע, נאָר אין אַ גראָב געלאַטעט העמד מיט אַ לאַנגן פֿאַרשמאָלצעוועטן אַרבע־כּנפֿות און תּחתּונים פֿון גראָבע לײַוונט מיט אַ סך פֿאַלדן. זײַן אַרבעט איז געווען צו גיין רופֿן אויף דער גאַס: „באַלעבאַטים, אין באָד אַרײַן!" — פֿרײַטיק, און „ווײַבערלעך, אין באָד אַרײַן!" — מיטוואָך, זומער, ווען עס פֿלעגט זיך אָנהייבן ווײַזן גאָרטנוואַרג, האָט

[5] צעקראַכענער פֿאַרשוין, שאינו יודע לשאול, צוגעפּליעטשטער.

אין דער ייִדישער גאַס זיך געלאָזט הערן זײַן קול ווי פֿון אַ שלײַען[6]: „ייִדעלעך, אַהער! יונגער קנאַבל, ייִדעלעך!" אין באָד פֿלעגט ער היטן דאָס אָנטאָן, אונטערטראָגן אַ שעפֿעלע וואַסער, אַרײַנלאָזן אַ קויטיק העמד אין דעם אַרבל אַרײַן מיט אַ קנופּ אינעווייניק, ווי אַ מײַסטער, דערלאַנגט אַ קויל פֿײַער, וואַרפֿנדיק עס פֿון אײן האַנט אין דער אַנדערער, צו פֿאַררייכערן אַ ציגאַר טיטון, און כאַפּן דערפֿאַר מיט אַ מאָל אַ האַרטן צווייער אָדער אַ דרײַער. פּישקע האָט זיך שוין גערעכנט דערמיט פֿאַר אַ שטיקל כּלי־קודש און געהאַט דאָס רעכט אויף געוויסע זאַכן, ווי אַ שטייגער, אַרומגיין אין אײנעם מיט דעם פּעקל שמײַסערס, באַדלײַט, איבער די הײַזער, נאָך פּורים־געלט, חנוכּה־געלט, קומען מיט דער קאָמפּאַניע אויף אַ לעקעך־און־בראַנפֿן, אויף אַ קריאַת־שמע לייענען, אויף אַ ברית בײַ באַלעבאַטים אין באָד און כאַפּן אַ כּוסע מיט אַ שטיקל האָניק־לעקעך און אַרומגיין פּסח מיט אַ טאָרבע צונויפֿנעמען בײַ די באַלעבאַטים שטיקלעך מצה.

איך האָב פּישקען זייער גוט געקענט, פֿלעג ליב האָבן אַרײַנצולאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס און אָנקוועלן אַ מאָל פֿון זײַנע ווערטער. ער איז גאָר נישט געווען אַזאַ מיאוסער שוטה, ווי ער האָט אויסגעזען. וואָרעם ווען איך בין נאָר אין גלופּסק, איז בײַ מיר די ערשטע זאַך פֿון אַלע מלאכות זיך אַראָפּצוכאַפּן אין דער געמויערטער באָד, אויסצופּרודען[7] די זאַכן, די זאָקן און צו פּאַרען די ביינער אויף דער אייבערשטער באַנק. זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, דאָס איז דער בעסטער תּענוג בײַ מיר. וואָס קען, דאַכט זיך, בעסער זײַן פֿון שוויצן? איך זאָג אײַך בפֿירוש נאָך אַ מאָל, אַצינד אַ אַפֿילו וואָלט איך אויך שטאַרק הנאה געהאַט פֿונעם ביסל שוויס, ווען די זון זאָל מיר נישט זײַן אַקעגן פּנים.

— רוקט זיך נאָר, ר' אַלטער! רוקט זיך, זײַט מוחל, ווײַטער

[6] האַלבערונדיק פּישל, באַדעקט מיט שליאַם, גליטשיק. — [7] אויספּאַרען.

אַ ביסל! — אָ, איר האָט איצט אַן עין־הרע גאָר דעם גוטן שוויס! טוט זיך נאָר, זײַט מוחל, אַ רוק אָט אַזוי, אַזוי.

— נו, אַן עק, אַ סוף זאָל עס האָבן! — מאַכט אַלטער אָנגעברוגזט — איך ליג שוין, דאַכט זיך, גוט. ציט נישט, איך בעט אײַך, בײַ דער נשמה און מאַכט עס בקיצור.

— האָט צײַט, ר׳ אַלטער! דער טאָג איז נאָך גרויס — רוף איך מיך אָן און הייב־אָן ווײַטער צו דערציילן.

— אַז איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין גלופּסק און פֿון דער ווײַטנס, אויף דער גאַס, דערזען פֿישקען, בין איך פּשוט אויס דער הויט געשפּרונגען פֿאַר גרויס ווונדער. פֿישקע מײַנער, זע איך, גייט מיט די קרומע פֿיס, אָנגעטאָן ווי אַ שטשאָגל[8] אין אַ שפּיגל נײַער טשערקאַסענע קאַפּאָטע מיט נײַע שיך און זאָקן. אויפֿן קאָפּ אַ גרויס פּליסן[9] היטל און אויפֿן האַרץ בלישטשעט אים, ערשט נײַ פֿון דער נאָדל, אַ לײַבצודעק פֿון האַרט אָנגעקראָכמאַליעטן ציץ מיט גרויסע רויטע קווייטן. וואָס קען עס באַטײַטן? — טראַכט איך בײַ מיר — זאָל זײַן אַפֿשר, קהל האָט אים אויסגעקליבן פֿאָרט פֿאַר אַ כאָלערע־חתן? נאָר אויף גלופּסק אָבער איז אין יענעם יאָר קיין כאָלערע נישט געקומען. נישט דעריבער, ווײַל מען האָט אַפֿשר אויסגערייניקט דעם טײַך, צוגענומען די בערגלעך עיפּושדיקע בלאָטע און די געפּגרטע קעץ פֿון די גאַסן, אָדער באַלעבאָטים האָבן געמאַכט אַ האַסלע[10], אויף צו להכעיס דעם גאַנצן אַלטן מנהג, ווײַטער נישט אויסצושיטן די מיסט, אויסצוגיסן די פּאָמוינִיצעס אונטער דער נאָז, פֿאַר די הײַזער? חלילה! ווי קען מען אויף אַזאַ ייִדישער קהילה אַזוינס גאָר טראַכטן! נאָר וואָס דען? ס׳איז גלאַט געווען נאָר ריינע ניסים... ייִדן האָבן אַפֿילו דענסטמאָל זיך געקלאָגט אויף די בײַכער, צו ביסלעכווײַז אויך אונטערגעשטאָרבן. נאָר דאָס איז געווען גלאַט אַזוי, אַן איבערגאַנג. מען האָט עס צוגעשריבן די גרינע אוגערקעס. דער אָרעמער עולם האָט מיט אַ הייסן הונגער זיך צוגע־

[8] (פויגל) נאַריש אויסגעפּוצט. — [9] געפּרעסט. — [10] לאָזונג, רוף.

כאַפּט צום יונגן גאָרטנוואַרג און... ס'איז, געלויבט גאָט, מיט חסד...
נישט דאָס בין איך אויסן. דערווײַל, ווי איך טראַכט דאָ און ווונדער
מיך אַזוי, איז פֿישקע פֿאַרשווונדן געוואָרן. גראָד בין איך, נישט
הײַנט געדאַכט, דענסטמאָל געפֿאַלן אויף די קריזשעס [11], געליטן
שטעכעניש. שוין טאַקע אַ לאַנגע צײַט נישט געלאָזט צו דער אָדער.
נישט געשטעלט קיין באַנקעס, אַחוץ נאָר אַ צען פּיאַווקעלעך אין
דער גאַנצער צײַט פֿון עטלעכע חדשים!... נו, האָב איך מיר פֿירגע־
נומען, מאָרגן, בלי נדר, גיי איך בײַ צײַטנס אין באָד, וועל דאָרטן
צוברענגען גוטע עטלעכע שעה און שוין אָנשמעקן דאָרט אַלצדינג...
נישט דווקא וועגן פֿישקען אַליין, ווי אויך טאַקע וועגן אַנדערע
וויכטיקע זאַכן: מכּוח פּאָליטיקע, פּאָטשטן און אַלצדינג. װאָס קאָכט
זיך, פֿאַרלויפֿט זיך אויף דער וועלט און אין דער שטאָט. דאָס
איינציקע שטיקל אָרט פֿאַר ייִדן אויף צו שמעקן, אַרויסצוגעבן
וואָס עס בורטשעט אינעווייניק אין זיך און כאַפּן צוריק עפּעס אַ
לעק פֿון אַנדערע. דאָרט, אין דער באָד, ווערט מען געוויר פֿון
זייער פֿיל סודות. דאָרט ווערן אָפּגעמאַכט זייער פֿיל געשעפֿטן אין
עס רודעוועט [12] זיך מער נאָך ווי אויף אַ יאַריד. מען באַדאַרף אַהין
קומען אין אַ פֿרײַטיק, זעט מען שיינס: אין איין ווינקל זיצן רופֿאים
מיט דעם קליפּערצײַג [13], אַרום זיי ייִדן אַ סך. איין רופֿא גאָלט קעפּ,
דער אַנדערער רופֿא מיט אַ בריטווע [14] צעקאָדראַשעט [15] פּלייצעס,
שטעלט באַנקעס דעם, כאַפּט־אַראָפּ געשטעלטע באַנקעס בײַ יע־
נעם, און ייִדיש בלוט גיסט זיך טײַכנווײַז אויף דעם פּאָל [16], אונ־
טער מענטשן, פֿאַרמישט אין איינעם מיט בלעטלעך פֿון בעזעמער
און אָפּגעגאָלטע האָר. דעם רופֿאס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיך
מיט אַ צעפֿלאָכטענעם קנויט, שפּריצט, בריזגעט מיט אַ בייזער, מיט
אַ פֿלאַמפֿײַער פֿון אַ מיתה־משונה־קאָליר. אויף די ווענט, אויף דער
סטעליע, נעבן אויוון, הענגען ווי אין דעם גרעסטן מאַגאַזין אַלער־

---

[11] לענדן־געבײן. — [12] רודערט זיך. — [13] קלאַפּערגעצייג, מכשירים. —
[14] ראַזיר־מעסער. — [15] צעשניטן, צעבלוטיקט. — [16] דיל, פּאַדלאָגע.

ליי קליידער: העמדער, זאָקן, כּל אַ מיני לײַבצודאַקן, אַלע סאָרטן תּחתּונים, קאַפּטנס, קאַפּאָטעס, אויך קײַלעכדיקע פּעלפּענע[17] היט־לעך. פֿון דער אייבערשטער באַנק לאָזן זיך הערן שרעקלעכע קו־לות. אַ טייל ייִדן ליגן דאָרט אָן כּוחות, זיפֿצן און קרעכצן, אַ טייל זײַנען געוואָפּנט מיט בעזעמלעך און שרײַען:

— גוואַלד, ייִדישע קינדער! גוואַלד האָט רחמנות! געוואַלד! געוואַלד, פּאַרע!...

אין באָד ווערט קאַלט, אַלע שרײַען, און קיין איינער שטרעקט נישט אויס אַ האַנט אויפֿצוגיסן אויפֿן שטיין. ביז צום סוף געפֿינט זיך עפּעס אַ ווײַסחברהניק[18] און מאַכט אַן אַזאַ היץ ווי אין גיהנום, אויף דערשטיקט צו ווערן. צוויי אויסגעווייקטע ייִדן שלאָגן זיך דאָרט פֿאַר אַ ראַשקעלע[19], אויסרײַסנדיק איינער פֿונעם אַנדערנס הענט מיט זידלערײַ, אַ שרעק! אַ דאַרער מלמד, וואָס בלאָנקעט זיך דאָ אַרום אָן געצײַג, לייגט זיך אַרײַן אין שלום, מאַכט אַ פּשרה — און אַלע דרײַ טונקען זייערע פֿאַרשמאָלצעוועטע פֿאַטשיילכנס און וואַשן זיך פֿון איין ראַשקעלע. אויבנאָן, אין אַ קופּקעלע, זיצן מיוחסים, נגידים, לײַטישע מענטשן, און שמועסן עסק, פֿון תּוך־זאַכן: מכּוח דער טאַקסע, מכּוח הײַנטיקע עזות־פּנימער, מכּוח דעם נאַבאָר[20], מכּוח די וויבאָרעס אויף גלאַסנעס[21], אויף אַ רבֿ, מכּוח אַכצן און מכּוח דעם נײַעם פּאָליצמײַסטער. צו זיי שאַרט זיך צו ווי אַ קעצעלע עפּעס אַ שיינער ייִד און מאַכט אַ שמועס מכּוח דער תּלמוד־תּורה, מכּוח די נײַע גזרות, מכּוח חטאים אין שטאָט און רוימט דערבײַ איטלעכן אײַן סודות אין אויער... פּלוצלינג קומט־צו איינער אַ ווילער יונג, וואָס שאַרפֿט די ציין אויף גלאַסנע און פֿאַרבעט מיט חניפֿה־שמייכעלע אויף דער אייבערשטער באַנק דעם גרעסטן יחסן און בעל־דעה, זועמען ער וויל אַ ביסל אויספּאַרען

---

[17] פּליושענע. — [18] שטיפּערס, די וואָס באַהאַלטן זיך אויס (אין ווייסן, חי מתים), פּראַוועין לצנות. — [19] כּלי. — [20] פּריזיוו, רופֿן צו מיליטער־דינסט. — [21] וואַלן פֿון אַ ראַסמאַן.

טשאַקנדיק מיט זײַן כּבֿוד אַליין. דער שיינער ייִד, וואָס האָט אויך אַ קוק אויף עפּעס אַ התמנות און וויל אָפּלעקן אַביינדל פֿאַלט דאָס גלײַכן אויף דער אייגענער המצאה, טוט זיך אַ בייג מיט אַ חניפֿהלע און פֿאַרבעט אויך אַ יחסן צום טאַנץ, אַלע קריכן־אַרויף אויבן אויף דער באַנק, די בעזעמלעך הייבן זיך און די געשעפֿטן זײַנען אָפּגעמאַכט... בזכות די מיוחסים ווערט אין באָד געשמאַק הייס, קליין און גרויס, יונג און אַלט כאַפּן זיך צו די כּלים. דער עולם קרעכצט, אײַקעט, פּאָסמאַקעוועט זיך אויף אַלערליי קולות, און דענסטמאָל קריכט מײַנער אַרויף העט־העט הויך, אין אַ ווינ־קעלע, ביחידות, פֿאַר זיך אַליין, און טוט זיך אַ נעם פּאַרען די ביינער אויף וואָס די וועלט שטייט.

— אוי, ר׳ אַלטער, אַ רוק! כאַטש אַ קליין רוקעלע, אַהין, צַהין אַ ביסל קיין צפֿון־זײַט!...

אַלטער קוקט מיך אָן עפּעס ווי אַן אַנשיקעניש, מאַכנדיק מיט די אַקסלען:

— נאַ, נאַ!

— האָט צײַט אַ ביסל — נעם איך אים אײַן — וואָס איז אַזוי דאָס כאַפּעניש? באַלד, באַלד! לאָמיך נאָר אַ קאַפּעלע זיך אָפּרוען.

—ו—

אַלטער האָט זיך עפּעס צו שטאַרק געפּאַרעט מיט דעם מונד־שטוקל [1], וואָס איז געווען מיאוס פֿאַרלייגט. דערנאָך האָט ער עס אָפּגעדרייט פֿון ציבעכל, שעלטנדיק עס, מיט פֿאַרדראָס אײַנגע־זעצט אַנשטאָט אים אַ גענדזנפּענדל, פֿאַררייכערט אויף דאָס נײַ זײַן פּיפּקעלע — פֿוף־פֿוף־פֿוף — און אַרויסגעלאָזט ווי פֿון אַ קוימען אַ גאַנצן וואָלקן רויך. איך האָב אַ ביסל אויסגעגלײַכט די אַלטע ביינער און ווײַטער אָנגעהויבן צו דערציילן.

---

[1] פּאַפּיראָסן־האַלטער.

אויף מאָרגן בין איך געקומען אין באָד ביי ציטנס, אַ סך פריִער איידער דער עולם איז זיך ביסלעכווייז צונויפגעקומען. בערל דער שמײַסער איז געזעסן אין הויז אויף אַ באַנק צווישן ראַשקע־לעך, אויפגעשטעלט ווי אַ טורעם איינע אין די אַנדערע און גע־בונדן בעזעמלעך, איבערקוקנדיק די בלעטלעך מיט אַזאַ ערנסט פּנים, ווי אַ ייִדענע קלײַבט אַרבעס. נישט ווײַט פון אים שטייט נעבן אויוון איציק דער היטער, אַ ייִד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעם ברויט אַ יאָר דרײַסיק, טוט נישט מער ווי קוקן מיט צונויפגעלייג־טע הענט אויף די פעקלעך זאַכן, צווינטשעווען איטלעכן בײַם אַרויס־גיין פון מרחץ „צו רפואה!“ און ציט דערפון דאָס שטיקל פרנסה. ער גענעצט אויף אַ קול, אויסציִענדיק דערבײַ די הענט אין דער הויך, מאַכט אַ חשבון וויפל דאָס ווײַב בעט אויף שבת, שמועסט־איבער מיט בערלען פון די הײַנטיקע שיינע פּאָרדינסטן, שפּעט־אויס איטלעכן פון די באַלעבאַטים באַזונדער, מאַכט אַלע אויסצו־דרייען, דער איז אַזוינער, יענער — אַזוינער, נישטאָ די מענטשן וואָס אַמאָל, גאָר נישט דאָס מרחץ וואָס פריִער. וויניקער פון אַ זעקסער האָט דער קאָרגסטער אַפילו נישט געוווסט, און הײַנט... טוט ער אַ שפּײַ און לאָזט־אויס: „הײַנט מעגן זיי אַלע די כּפּרה ווערן!“...

בערל און איציק האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסן „ברוך־הבא“. שוין טאַקע אַ היפּשע צײַט אַז מיר האָבן זיך נישט געזען און איך בין בײַ זיי געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פיל זאַכן און כ'בין אין דער מיט שמועס אַרויפ־געקומען אויף פישקען. ווו, פרעג איך, איז אונדזער פישקע?

— פישקע! — מאַכט בערל אַ טרעסע [2] געבנדיק דאָס בעזעמל — העי־העי! פישקע איז אַ מענטש, אַ באַלעבעסל, איבער גליקלעך!

— פישקע! — זאָגט איציק, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — פיש־קע איז הײַנט אַ פריץ! אויסער זײַן שאָדן, געזאָגט געוואָרן אויף

[2] טרייסל, שאָקל.

אַ סך!... נו, פֿישקע! ער האָט זיך גאָר קיין מאָל אַזוי גוט נישט געווונטשן.

אָט וואָס בערל דער שמײַסער האָט מיר לסוף דערציילט:

— אַ דאָנערשטיק פֿאַר נאַכט, איין מאָל, אײַנהייצנדיק אין אַלע איוונס און זיך שטאַרק אָנגעמאָרדעוועט פֿון דער אַרבעט, לייג איך מיך מיט חבֿרה אויף די בענק, אַ ביסל דעם אָטעם צו כאַפּן. חוץ אונדז זײַנען דאָרט געלעגן אויסגעצויגן נאָך עטלעכע ייִדן בטלנים. וואָס האַלטן זיך דאָ אויף. ווי מיר ליגן זיך דאָ אַזוי רויִק, רייכערן און שמועסן זיך אַזוי גאַנץ פֿריילעך, מיט אַ מאָל הערן מיר, ווי מען פֿאָרט עפּעס צו גלײַך צו דער באָד. נו, צוגעפֿאָרן — צוגעפֿאָרן, וואָס מאַכט עס אויס? איידער מיר קוקן זיך אַרום, קומען אַרײַן דרײַ אײַזערנע, געזונטע פֿאַרשוינען, אַלע אין איין קול:

— גוט ג'אָוונט, ייִדן! וווּ איז פֿישקע? גיט אַהער פֿישקען!...

דאָ האָב איך מיך שוין טאַקע אַ ביסל ווי דערשראָקן: וואָס הייסט עס פֿאַר אַ לשון, עפּעס גאָר אין איין אָטעם: „גיט אַהער פֿישקען“... באַלד אָבער האָב איך מיך צוריק מיישבֿ געווען. וואָס איז דאָ אַזוי די שרעק? קיין גנבֿ, חלילה, איז פֿישקע ניט. עפּעס געשעפֿטן גרויסע מאַכט פֿישקע אויך ניט. און ווען אַפֿילו די פֿאַרשוינען זײַנען כאַפּערס, וואָס זשע הערט זיי פֿישקע? אַקוראַט ווי דאָס מילכעדיקע קלינגל [3]. מיט זײַנע מעלות איז פֿישקע, ברוך השם, באַוואָרנט פֿאַר אַ רעקרוט.

— פֿישקען באַדאַרפֿט איר? — רוף איך מיך אָן באַהאַרצט — ער איז אַצינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פֿעטערס, צו וואָס טויג אײַך פֿישקע? איך וויל עס וויסן.

די ייִדן קוקן זיך איבער אַ ווײַלע צווישן זיך, דערנאָך טרעט איינער פֿון זיי אַרויס און מאַכט צו מיר:

— מהיכא תיתי, מיר ווערן אײַך זאָגן. פֿאַר וואָס נישט? מען האָט, חלילה, דערמיט זיך נישט צו שעמען: דאָס איז אַ ייִדישע זאַך. די מעשׂה דערפֿון איז אַזוי:

---

[3] סינאָנים פֿון טעמפּקיים, ווי אַ מעסער פֿאַר מילכיקס.

די בלינדע יתומה קענט איר דאָך, די בלינדע יתומה, וואָס זיצט שוין פֿון גאַנץ לאַנג נעבן דער טויטער שול, בײַם אַלטן בית־עולם, און בעט נדבֿות מיט דעם באַקאַנטן לידל, וואָס איינער פֿון די בריות האָט אויף איר געמאַכט. די דאָזיקע בלינדע יתומה איז הײַנטיקס יאָר געבליבן אַן אַלמנה. זי האָט זיך געאײַלט גיך צו פֿאַרקנסן מיט עפּעס אַ טרע־גער, זיך מתחיבֿ געווען אים אויסצוקליידן באַלעבאַטיש און געבן אים זײַן באַדערפֿעניש, דערצו נאָך אַ ביסל געלט. הײַנט האָט געזאָלט זײַן די חופּה. מען האָט אָנגעגרייט זייער אַ גוטע וועטשערע: בראָנפֿן, בולקעס, פֿיש און טאָפּ־געבראָטנס. אַ גילדענע יויך מיט עופֿות, ווי דער שטייגער איז בײַ ייִדישע קינדער. דאָס אַלצדינג קאָסט געלט. אַז מען איז אין גאַנצן פֿאַרטיק געוואָרן, די כּלה אויסגעפּוצט, אויס־געשלייערט, שײַנט, לײַכט ווי אַ ייִדישע טאָכטער, איז מען געגאַנגען צו דעם חתן נעמען אים צו דער חופּה. דער תּכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישטאָ אין דער היים! מען וואַרט אַ שעה — נישטאָ. מען וואַרט נאָך אַ שעה — ער קומט נישט. ער איז ווי אויסגע־טריקנט געוואָרן. וואָס לאָזט זיך צום סוף אויס? דער בחור, ברענען זאָל ער, האָט חרטה! באַשר זײַן באָבע, וואָס איז אַזוי פֿיל יאָרן שוין אַ קעכנע[4] בײַ אונדזער גבֿיר, לאָז געזונט זײַן, וויינט, ליאַרעמט, פּילדערט, שרײַט אויף דעם שידוך, ס׳איז איר נישט לכּבֿוד. זי דינט פֿאָרט אַזאַ צײַט בײַם היגן גבֿיר, איז אויסגעקאָכט מיט אַ סך באַלעבאַטים אין דער שטאָט, וואָס גייען צום גבֿיר אויף דער הינ־טערשטער טיר דורך דער קיך. זי קען מאַכן אַ גוטן קוגל מיט כאַנ־טשעס קבלה און צו אירע כרעמדזולעך איז קיין גלײַכן נישטאָ. עפּעס אַ קאַטאָוועס אַ קעכנע אין דעם גבֿירס געזינד, וואָס האָט אין יאַטקע די גרעסטע דעה, וואָס דער שמש פֿון דער שול ברענגט איר מיט זײַן כּבֿוד אַליין דעם אתרוג בענטשן, וואָס דער אונטער־חזן אין דעם קלײַזל לייענט איר פּורים די מגילה אין דער קיך און ריקלע די זאָגערין טרינקט בײַ איר אַ גלעזל ציקאָריע ראש־השנה נאָך אויס־

[4] (הערנידערנדיק, חוזק־שפּראַך) קעכין, דינסט.

נעמעניש. פֿאַר וואָס זשע זאָל הײַנט דאָס אייניקל איר אויף דער עלטער דאָס פּנים פֿאַרשוואַרצן און צעשטערכן[5] איר דעם גאַנצן יחוס? ניין, כאָטש האַקט אים און בראָקט אים. שרײַ חי וקים, עס העלפֿט נישט. ער וויל נישט דעם שידוך, וויל נישט די כּלה. רופֿט מיך, זאָגט ער, קנאַקניסל און לאָדט מיך צום ונתנה תּוקף[6] — מיר אַלע זײַנען געבליבן ווי אויף דער מילכעדיקער באַנק. עס טוט אָבער קיינעם נישט אַזוי באַנג דער חתן ווי די וועטשערע. וואָס טוט מען מיט דער וועטשערע, מיט אַזעלכע פֿיש און געבראָטנס? מיר, מתעס־קים, האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעמאָרדעוועט, אַרומגעלאָפֿן, געטאָן, געאַרבעט. אונדז קומט נאָך אויך פֿונעם שדכנות. אָן עבֿירה, כ׳לעבן, אַזוי פֿיל מי, אונדזער אַרבעט! מיר האָבן געטראַכט, געטראַכט, געקלערט, געקלערט און אונדז איז אײַנגעפֿאַלן פֿישקע! לאָז ער, כ׳לעבן, אַרויספֿירן איטלעכן פֿון דער נויט. לאָז פֿישקע, כ׳לעבן, זײַן דער חתן, וואָס מאַכט עס אויס? וואָס קען עס אים אַרן? מיר זײַנען דאָס אַצינד געקומען נעמען אים באַלד טאַקע צו דער חופּה אָנשטאָט דעם טרעגער.

אין דעם, ווי די ייִדן טענהן דאָ אַזוי, קומט אָן פֿישקע. מיר האָבן אים געטאָן אַ נעם, געכאַפּט די כּשרע מציאה, נישט צו מאַכן מיט אים קיין פֿיל הסברות, קיין לאַנגע שאַלות — גיי, בחור, מיט די קראַנקע פֿיס, געניט זיך געפּאַסעט! גיי, בחור, אונטער דער חופּה! — מען האָט אַלצדינג אָפּגעמאַכט גאַנץ געשווינד, נאָך איידער פֿישקע האָט צײַט געהאַט אַפֿילו זיך צערומצוקוקן. חבֿרה האָט געהאַט אַ גוטע וועטשערע, געגעסן, געטרונגען איף וואָס די וועלט שטייט און צו־געווינטשעוועט דעם נײַעם פּאָרפֿאָלק.

פֿישקע גייט עס הײַנט אין דער טשערקאַסענער[7] קאַפּאָטע, וואָס אין איר האָט געזאָלט גיין דער טרעגער און איז גאָר דער ווילער

[5] צעשטעכן, צעקלאַפּן, מאַכן אַ תל. — [6] (שפּריכוואָרט) האָט פֿאַר קיינעם נישט קיין מורא, מאַכט זיך פֿון קיינעם נישט קיין וועזן. — [7] אַ מין ליוסט־ריניגע קאַפּאָטע.

יונג. זײַן אַרבעט איז הײַנט, אַרויסצופֿירן אַלע פֿרימאָרגן זײַן ווײַב, די בלינדע יתומה, אויף איר אָרט, נעבן אַלטן בית־עולם, און תּחילת הלילה אַוועקצופֿירן זי פֿון דאָרט צוריק אַהיים. מיט עסן און טרינקען האָט פֿישקע נישט וואָס צו זאָרגן. זײַן ווײַב איז אַן אשת־חיל, האָט אַ שטענדיקע גוטע פּרנסה אין די הענט. דאָס פּאָרל האָט זיך ליב, איינער דעם אַנדערן האָט נישט, חלילה, אויסצוזעצן קיין חסרונות.

אָט דאָס, ר׳ אַלטער, האָט מיר דערציילט בערל דער שמײַסער. זעט איר שוין, רוף איך מיך אָן, וואָס אויף דער וועלט קען זיך טרעפֿן. ווי אַזוי מען פּאָרט בײַ אונדז, ייִדעלעך, הינקעדיקע מיט בלינדע, ווי אַזוי מען שטעלט חופּות, מאַכט זיווגים, צוליב וואָס? די טוערס זאָלן זיך זאַט אָנעסן, אָנטרינקען! אַזוי איז בײַם געמיינעם עולם, בײַ די אָרעמע און אַזוי אויך בײַ די נגידים. דאָרט ווערט אויך זייער אָפֿט געשלאָסן אַזעלכע מיני שידוכים, וואָס נישט געשטויגן. עס פֿאַרשטייט זיך, צוליב אַן אַנדער מין וועטשערע, מיט אַן אַנדער חן... נישט דאָס בין איך אויסן. זאָרגט, כ׳לעבן, נישט, ר׳ אַלטער! אויב אײַך איז נישט געראָטן פּאָרן מיט אַ בחור אַ זכר, דערפֿאַר וועט אײַך געראָטן, אם ירצה השם, צונויפֿפֿירן עפּעס אַן אַנדער מין שידוך. פֿאַלט נאָר בײַ אײַך נישט אַראָפּ. נישקשה, כ׳לעבן! איך זע, איר טויגט, איר האָט געכאַפּט דעם סטרי[8] באַלד טאַקע, גאָר לומדיש. פֿאַרקערט, אַדרבה, אָנגעהויבן אײַער גײַ געשעפֿט האָט איר גאַנץ גוט, ווי אַ לאַנד־שדכן טאַקע. אײַ, וואָס, דער בחור... נו, בע, כ׳לעבן! דערפֿאַר אָבער, אַז איר וועט ערגעץ שוין אָנשמעקן אַ מויד, וועט עס שוין גיין ווי אַ מזמור. אַ בלינדע, אַ שטומע, אַ קרומע, גיי, טאָכטער, גיי מיט מזל אונטער דער חופּה! דער דרוקער מאָנט געלט, די שקאַפֿע באַדאַרף עסן, די בתולה מײַנע מוז חתונה האָבן, מײַן ווײַב איז געלעגן געוואָרן, למזל, מיט אַ ייִנגל, גיי זשע, טאָכטער, גיי, רוק זיך אונטער דער חופּה!...

[8] שניט, סטיל,

רוקט זיך נאָר, אין מחשבֿותן, ר׳ אַלטער, ווײַטער אַ ביסל. אָ, איר שוויצט, אָן עין־הרע, ווי אַ ביבער! שוויצט, שוויצט געזונ־טערהייט!

— ז —

— מילא, בקיצור, ווי די מעשׂה איז, דערווײַל איז שפּעט! — מאַכט אַלטער, ווי אַליין צו זיך, מיט אַ קרעכץ, באַטריבט, פֿאַראו־מערט און גרויסע טראָפּנס שווייס טרעטן אים אַרויס אויפֿן פּנים. ער הייבט־אויף די אויגן, דערלאַנגט אויף מיר אַ בליק, עפּעס מיט אַזאַ רירנדיקן קנייטשעלע, מיט אַזאַ רחמנות־פּנימל, ווי אַ זייגנדיק קינד קוקט אויף דער מאַמען, בשעת עס לעכצט נאָך דער ברוסט. אַלטער, נעבעך, האָט געמיינט פּרנסה. עס האָט אים געצויגן צו מאַכן מיט מיר עפּעס אַ געשעפֿטל. וואָרעם ווי ליגן עס צוויי ייִדן מיט בערד, אין מיטן העלן טאָג, גלאַט אַזוי אָן עסק?! ווען צוויי ייִדן זאָלן, אַ שטייגער, פֿאַרוואָרפֿן ווערן ערגעץ אין אַ עק אויף אַ וויס־פּע[1], וווּ חוץ זיי איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש, איז גאַנץ זיכער, אַז איינער וועט מיט דער צײַט מאַכן עפּעס אַ קלייטל, דער אַנדערער — אויך עפּעס אַ שטיקל געשעפֿט, בײדע צווישן זיך וועלן האַנדלען, איינער דעם אַנדערן באָרגן, געבן אין קאָמיסיע און איי־נער פֿונעם אַנדערן ציִען דאָס שטיקל פּרנסה. אַלטער האָט באַלד טאַקע אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס געפֿינט זיך בײַ מעלתו[2] הײַנט עפּעס אין בײַדל?

עס האָט אַזוי פֿיל געהייסן ווי: מאַמע, טאַטע!... צעפּאַקט אײַך, ר׳ מענדל, און אַרויס מיט דער סחורה!

אין ברירה! מען טאָר זיך ניט פֿוילן. איך נעם אַפֿיר מײַן פּעקל סחורה, אַלטער זײַן פּעקל און נעמען זיך קנעלן, געשמאַק, צום עסק. מיר סטעכעווען[3], בײַטן; איך גיב אַלטערן אין חילוף אַרײַן בריהשע

---

[1] אינדזל. — [2] (שפּאַסיק) עקסעלענץ. — [3] שאַצן, דינגען זיך.

ביכלעך מיט קורצע שורהלעך און הה, אַך, ווײַ געשריגן! — וואָס איך וויל זיי פּטור ווערן, ער איז אָבער אויך קיין נאַר נישט און וויל זיי אַפילו אין די הענט אַרײַן נישט נעמען.

— פוילע סחורה! — זאָגט אַלטער, פאַרקרימענדיק זיך — שמאָכטעס [4] פון עפּעס פאַרשימלטע באַנקקוועטשערס, אָרעמע בעלי־עבירות! ווייס איך, וואָס זיי האָבן דאָרט עפּעס אָנגעמאַכט! פאַר ווע־מען? קיינער פונעם עולם פאַרשטייט דאָרט נישט אַפילו קיין וואָרט. עפּעס טערקיש, מישטיינס געזאָגט, לשון!... איין מאָל שוין געטאָן אַ נאַרישקייט צו פירן מיט זיך אַזאַ לעגער־סחורה. פּע, כ׳לעבן! גיט אַהער, ר׳ מענדעלי, עפּעס העכטס!

איך לייג־אַרויס רומל, איין מין נאָך דעם אַנדערן — מײַן אַלטער קווענקלט זיך אַלץ, זעצט־אויס חסרונות. צו איין מין אָבער באַ־קומט ער שטאַרק חשק און איז צו אים ווי צוגעזאָטן געוואָרן. ס׳איז באמת געווען גאָר אַנטיק. די בלעטלעך פון כל המיני קאָלירן, און נישט פון איין גרויס. די אותיות אַ ביסל מטושטש און אַלערליי שריפט: רש״י, דימענט, פּערל, פּרקים, גרויס און קליין וועליש [5]. דאָס אויסשטעלעכץ גאָר אַ וווּנדער, שמאָלע פּאַסיקלעך אָנגעדרוקט מיט קליינע אותיותלעך בײַ די זײַטן, אַ ברייטער פּאָס, מיט גרע־סערער שריפט אינעווייניק, אין דער מיט, אונטן אַ בויך מיט פּי־צעלעך אותיות, אָנגעזעצט ווי מאָן, און צווישן די אַלע שטיקלעך ציִען זיך אין דער לענג, אין דער ברייט סטעזשקעלעך, ווי ווײַסע, שמאָלע בענדלעך, די אַלע גוטע מעלות, וואָס ייִדן אין אונדזער ווינקל האָבן ליב. פאַרווענדטע בלעטלעך איז אין פּיל שטעלן אויך געווען. דאָס איז דאָך ערשט די גאַנצע חריפות: אַדרבה, לאָז אַ ייִד ברעכן דעם קאָפּ, פאַלן אויף דעם שכל און געפינען! גלאַט אַזוי, פּראָסט, ווי עס געהער צו זײַן, קען דאָך אַפילו אַ גראָבער יונג אויך אָנטאַפּן... פון גרײַזן רעדט מען שוין נישט — דאָס מוז דאָך שוין זײַן. און ווען עמען גייען זיי אָן? אַ ייִד האָט אַ קעפּל און איז, נישקשה.

[4] קליינע, חייניק חיכטיקע זאַכן. — [5] נעמען פון טיפּן שריפטס.

נישט קראַנק זיך אָנצושטויסן, וואָס מען מיינט. נאָר אַ לשון, אַ לשון איז עס דאָרט געווען קונציק ווויל, גאָר נישט צום פֿאַרשטיין! אַקו־ראַט אין דעם ייִדישן גוסט. אָץ קוּצץ[6] איז דאָך עפּעס אויך געגוג גוט, האַרבלעך מחיה, נאָר אָץ קוצץ־לשון שרײַבן בײַ אונדז הײַנט געוויינטלעך אויך פֿיל אַנדערע, מען קען פֿאָרט ווי עס איז זיי אײַנ־בײַסן, טרעפֿן וואָס זיי מיינען. מילא, וואָס זשע איז דאָס אַזאַ חשיבֿות? וואָס זשע לאָזן זיי מיך דאָ הערן? גוט, אמת גוט איז בײַ ייִדן נאָר אַזוינס, וואָס ברעכט דעם מוח און אוממעגלעך צו פֿאַרשטיין. אַז מען פֿאַרשטייט עס נישט, מסתּמא מוז דאָך דרינען עפּעס שטעקן... נישט דאָס בין איך אויסן.

מײַן אַלטער כאַפּט דעם דאָזיקן מין סחורה מיט בײדע הענט און מען זעט, ווי עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט. דערנאָך בײַטן מיר תּחינות אויף בבֿא־מעשׂיות, מענה־לשונס, אויף טויזנט און איין נאַכט, שיר־המעלותן אויף קמיעלעך; סטעכעווען אַ מאה זשיטאָמי־רער סליחות אויף בערשעטער טלית־קטנס, ווילנער קינות אויף שופֿ־רות, חנוכּה־לעמפּלעך אויף וואָלפֿציינדלעך[7], שבתדיקע מעשענע לײַכטערס אויף הבֿדלות און קינדערשע בליטשקענע[8] יאַרמולקע־לעך. בײדע צדדים האָבן דערווײַל פֿונעם גאַנצן משׂא־ומתּן קיין גראָשן אין די אויגן נישט געזען און געבליבן שטאַרק צופֿרידן, גלאַט פֿונעם האַנדל אַליין. מען האָט דאָך געטאָן, געהאַנדלט, געמאַכט גע־שעפֿטן, נישט געזעסן ליידיק. אַלטערס מרה־שחורה איז ווי אַ רויך פֿאַרשווונדן געוואָרן, ס'איז אים געווען צו דערקענען אין דעם פּנים, אַז יאַרמעליניצער יאַריד מיט זײַן פֿינצטערן מזל איז אים פֿונעם זינען אַרויסגעגאַנגען. ער רעכנט עפּעס שטילערהייט פֿאַר זיך אויף די פֿינגער, האַלטנדיק דעם לינקן אויער אָנגעבויגן, גלײַך ווי אין קאָפּ בײַ אים חשבונט אַ בוכהאַלטער, צו וועלכן ער האָדכט

---

[6](פיוס) ווערטערשפּיל: מ'קען דעם טייטש, דאָך איז שווער צו פֿאַרשטיין. — [7]ווי אַ בייטשל קאַרעלן, וואָס מ'טוט־אָן קליינע קינדער פֿאַר אַ סגולה קעגן קראַנקייט. — [8]האַרטע באַוול, צום שטריקן, מאַכן שטאָף.

זיך גוט צו און, אַ פּנים, דער חשבון ווײַזט־אויף אַ פֿאַרדינסטל, אם ירצה השם, ווײַל דאָס מויל שפּאַלט זיך אים אין דער גאַנצער ברייט און פֿון צווישן זײַנע געדיכטע וואָנצעס בליצט־אַרויס אַ זיס שמייכעלע.

דערווײַל איז געוואָרן מנחה־צײַט. אַ געשמאַק ווינטעלע הייבט אָן צו בלאָזן און אויפֿן הימל ווײַזן זיך שטיקלעך וואָלקן, אויף וועלכע מען האָט, ווי אויף טײַערע געסט, שוין אַ לאַנגע צײַט אַרויסגעקוקט. דיביימער הייבן פּאַמעלעך אָן זיך צו שאָקלען, איינער צום אַנדערן אײַנגעבויגן דעם קאָפּ, און פֿירן צווישן זיך אַ שמועס אויף זייער לשון, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַזוי לאַנג געשוויגן שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אויפֿגעוועקט די שלאָפֿנדיקע תּבֿואה. אַלע זאַנגען כאַפּן זיך ווי יונגע קינדער אויף מיט אַ קול און צעקושן זיך גאָר פֿרײַנדלעך. גאָטס באַשעפֿעניש רירט זיך אומעטום. אויפֿן פֿעלד, אין וואַלד און אין דער לופֿט. איינס נאָך דאָס אַנדערע טרעטן שפּילפֿייגלעך אַרויס, אויף צווײַגלעך, ביימלעך, נידעריק און גאַנץ הויך, פּוצן זיך די פֿעדערלעך, אַ וויש מיט דעם שנעבעלע, אַ טרעסע, אַ שאָקל און הייבן־אָן די זיסע זמירות צו זינגען, צו שווישטשען. באַבעטשקעס [9], רײַך געקליידט אין אַטלעס, סאַמעט, מאָדע־אַנטיק מיט טײַערע צירונג, כאַפּן אַ טענצל, שוועבנדיק אין דער לופֿט, הייבן זיך, דרייען זיך און מאַכן חן. צווײי בושלעס, גוואַרדייצעס [10], מיט לאַנגע, רויטע פֿיס שטייען אויפֿן גראָז, פֿאַררײַסנדיק די קעפּ אין דער הויך און קוקן מיט גדלות. עפּעס אַ קונדס, אַ פֿויגל, שטיפֿט, פֿליט פֿון איין בוים צום אַנדערן, מאַכט „קוקו, קוקו!“, ווי ער שפּילט זיך אין באַהעלטעניש. אים ענטפֿערט־אָפּ פֿון צווישן ווייץ און קאָרן אַן אַנדער מין פֿויגל עפּעס. „פּיק־בער־וויק, פּיק־בער־וויק!“, ווי גערעדט: אײביק וועסטו מיך דאָ נישט כאַפּן, כאָטש שיט מיר אָן זאַלץ אויפֿן עק... פּאַקט זיך, ר' קרובֿ, ווײַטער און אָוועק, אַוועק!... נישט ווײַט אין אַ וועלדעלע, קנאַקט דער סאָלאָווי, צעלאָזט זיך אויף

[9] פלאַטערלעך. — [10] שטאָרכן, חי פּאָליצײ.

זײַן העלדזעלע, מאַכט זיסע שטייגער און שפּילט גאָר מחיה. איט־לעכער, וואָס קען נאָר עפֿענען אַ מויל, האַלט דעם וועלטבאַרימטן חזן אונטער. זשאַבעס אַפֿילו פֿון די טײַכלעך ערגעץ טערעלייקען [11]. אַפֿילו פֿליגן, בינען האָבן נישט געשוויגן, און דער זשוק, דער שייגעץ, דער אָנכאַפּער, האָט פֿליִענדיק אויך געזוזשעט. דאָס איז געווען אַזאַ קאָנצערט, וועלכן מען האָט געמעגט אויף בילעטן גיין הערן... די גאַנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרן און באַקומען אַ פֿריילעך פּנים. אַ פֿרייד, אַ פֿאַרגעניגן צו הערן, צו זען, צו שמעקן די זיסע ריחות פֿון אַלע זײַטן.

— ר' אַלטער, ס'איז גוט! ר' אַלטער, ס'איז שיין! עס ציט עפּעס בײַ דער נשמה, עס רעדט עפּעס צום האַרצן: גאָטס וועלטל איז שיין, גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט און גלוסט זיך אַרײַנוואַרפֿן זיך עפּעס אַהין, אַהין מיט הענט און מיט פֿיס...

— ר' מענדעלי, בע... ר' מענדעלי, עט... פֿע! — טוט אַלטער אויף מיר זיך אַ קרים — שוין צײַט בעסער מנחה דאַוונען. פֿאַרגעסט בעסער נישט פֿון אײַערע אַלע זאַכן, צו זאָגן „עננו" [12]...

איך פֿאַרבינד די זאַקן, גאַרטל־אַרום מיט אַ פּאַסיק די קאַפּאָטע און הייב־אָן זאָגן „קטורת" אויף אַ בײַ־קול, גאַנץ לוסטיק. מײַן אַלטער, זאָל לעבן, צעלאָזט זיך באַלד טאַקע נאָך מיר אויף דער גראָבער סטרונע, אויף דער געמבע, און מיר בײדע גיבן־אָפּ אַ שבֿח זײַן ליבן נאָמען, בשעת אַלע קרײַטעכצער און בלעטלעך אויף די פֿעלדער, אַלע חיות און עופֿות אין די וועלדער לויבן גאָט, זאָגן שירה.

נאָך בײַם אָנהייב „פּטום הקטורת", אַז אַלטער איז אַרויס מיט דעם גאַנצן אַפּטייקל קרײַטעכצער און געווירצן: החלבנה — טײַ־ווילשקויט, והלבֿונה — לויטערע ווײַרעך, הצפּורן [13] — אַ וואָרצל

---

[11] קוואַקען, רופֿן, לאָזן זיך הערן. — [12] (חכמהט זיך) דאַוונס נאָר ווי צום אָפּפּאַסן. — [13] שמעקעדיקע נעגעלעך (מענדעלע ווייזט, ווי די אמאָליקע שיינקיים באַגלייט דעם ייִדן ביי דער שוואַרצסטער אַרבעט).

גלאַט ווי אַ נאָגל, איינגבער און שטענגלעך זאַפֿראַן, האָט ער אַרויסדערטאַפּט פֿון אונטער דער קעלניע דאָס בעל־העגלהשע טריף געווירץ, אַ קליין פּעסעלע מאַזניצע[14] מיט סמאָלע. מיט דעם דאַוונען איז ער פֿאַרטיק געוואָרן גיך און בשעת איך האָב נאָך געהאַלטן אין דער מיט האָט ער שוין געשמירט די רעדער.

— האַיעט נישט, ר׳ מענדעלי, מאַכט עס בקיצור! — טרײַבט מיך אַלטער אונטער — נעמט זיך איר דאָ צו אײַער וואָגן און איך וועל דערווײַל אַ גיי טאָן נאָך די פֿערדלעך, צײַט צו פֿאָרן, ביז נאַכט קענען מיר גאַנץ ווײַטלעך אײַנפֿאָרן.

אַלטער גייט באַלד טאַקע אַוועק און איך נעם מיך צו דעם וואָגן, טאָן אים זײַן רעכט. איך אײַל מיך נישט, שמיר די רעדער באַלעבאַטיש, איך קאַרג נישט קיין טריף געווירץ, באַטראַכט מיר די אַקסן, איטלעכס פּיצעלע באַזונדער. דאָס האָט געדויערט אַ היפּשע צײַט — און מײַן אַלטער קומט נישט. די פֿערדלעך האָבן געמוזט פֿאַרגיין ווײַטלעך אַ ביסל אין וואַלד און זיך גוט׳ אונטערגעפּאַסעט. אַזוי דענק איך מיר און טו אַ קוק אויף דער זון, וואָס האַלט נאָענט בײַם אונטערגיין. איך שטיי מיר אַזוי אַוועק ווײַטער אַ היפּשע צײַט. די זון האָט זיך שוין גועזעצט. אירע לעצטע שטראַלן קריכן ביסלעכווײַז אַראָפּ פֿון די ביימער, אויף וועלכע זיי האָבן ערשט אַזוי פֿריילעך לײַכטנדיק זיך געשפּילט, זאָגן דעם וואַלד: אַ גוטע נאַכט!...

עס באַפֿאַלט מיר עפּעס אַ מורא. אפֿשר איז אַלטערן נישט גוט געוואָרן? אַ קאַטאָוועס נאָך אַזוי פֿיל שוריס, נאָך אַזאַ לאַנגן טאָג פֿאַסטן! אפֿשר איז ער דאָרט ערגעץ חלשות געבליבן אָדער אפֿשר איז אים דאָרט עמעצער באַפֿאַלן? ס׳איז דאָך אַ וואַלד, אַ פֿאַרלעגן אָרט, אין דער זײַט וועג! מען טאָר אַזוי די זאַך נישט לאָזן, מען מוז גיין זען.

איך מאַך מיר האַרץ און גיי אין וואַלד אַרײַן. איך גיי און זוך, אַן עבֿירה אָבער די מי. אַלטער און די פֿערד זײַנען אַזוי ווי אין

---

[14] שמירעכץ.

װאַסער אַרײַנגעפֿאַלן. איך בין שױן פֿאַרגאַנגען טיפֿלעך און קום לסוף צו עפּעס אַ לאַנגן, שמאָלן טאָל, װאָס האַקט פֿאַר מיר איבער דעם װאַלד אין צװײ טײלן. דער טאָל איז באַװאַקסן מיט טשערעט[15] און מיני בײמלעך שטעכעדיקע װי דערנער, און ציט זיך מיט אײן זײַט צום שליאַך, מיט דער אַנדערער ערגעץ אַנדערש, העט װײַט צו אַלדי שװאַרצע יאָר. דער װאַלד שטײט און שלאָפֿט, איבערגעדעקט פֿון אױבן עפּעס מיט אַ טונקעלן פֿאָרהאַנג. אַרום און אַרום איז שטיל. נאָר צײַטנװײַז הערט מען, װי צװײ היכגעװיקסיקע בײמלעך, נאָ־ענטע שכנים, שושקען זיך מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ צװישן זיך, אײנער דעם אַנדערן אַ קיצל געבנדיק הינטערװײַלעכס מיט די צװײַגן; אָדער װי אַ פּאָר בלעטלעך ערגעץ פֿלאַטערן, באַרירן זיך, גלײַך װי עס גרימט זײ עפּעס און לאָזט זײ נישט רוען. דאָס רעדט דער װאַלד פֿון שלאָף. דאָס חלומט זיך אים נעכטיקער טאָג מיט אַלע לײד און פֿרײד אין אים. דער שאָרך פֿון די דאַרע ריטלעך דאָרט — דאָס קומען אים צו חלום בײמער געבעך, װעלכע מען האָט פֿאַר דער צײַט אױסגעהאַקט. דער קלאַפּ בײַם אַראָפּפֿאַלן עפּעס פֿון דער הויך — דאָס באַטײַט אַ נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פֿײגע־לעך, װאָס דער שפּאַרבער, דער זשוליק, האָט פּלוצלינג צעשטערט, און דאָס טאַקע פֿלאַטערן די בלעטלעך דאָרט אױף דער טױטער מוטער מיט אירע דערהרגעטע קינדער, װאָס קומען אַצינד אים צו חלום... עפּעס אַ גאַנצער װאָלקן מרה־שחורה רוקט זיך אױף דעם װאַלד און אױך אױף דער נשמה מײַנער. דער כּוח־המדמה[16], דער פֿאָקוסניק, דער װעלט־באַרימטער ליגנער, מעקלערט־אױס מיט שװינדל עפּעס אַ מין שותּפֿות־געשעפֿטל, אַ קאָמיסיע צװישן מיר און דעם טאָל. איך שטײ און קוק־אָן. איך באַקום פֿון אים אַ טראַנס־פּאָרט משונה שרעקלעכע בילדער, און פֿון מײַן קאָפּ־פֿאַבריק גײט די אײגענע סחורה, איבערגעמאַכט אױף אַן אַנדער שטײגער, מיט

---

[15] אַיִר, הויכע, שטײפֿע גראָזן, װאָס װאַקסן בײַם טײַך און מ׳ניצט זײ צ״אַ אױך פֿאַר סכך. — [16] כּוח הדמיון, פֿאָרשטעלקראַפֿט.

באָך פיל ווילדע זאַכן, אַהין צוריק. אין איין טראַנספּאָרט קומט מיר פון דאָרטן אָן אַ מת, אַ דערהרגעטער אַלטער יקנה״ז און ביינער פון אונדזערע פערד, צוויי פגירות. ביי מיר אין קאָפּ ווערט עס קונציק אויסגעאַרבעט מיט טויזנטער פאַרפּוצונגען, און באַלד טאַקע, גיך, פלינק טראַנספּאָרטירט צוריק מיט אַ גזלן אַ רויטן, אַ געזונטן און אַ וואָלף מיט אַ קאַרק און שרעקלעכע ציין אַ צוגאָב דערצו...

און ווי איך האַלט שוין אויף אַראָפּצוגיין אין דעם טאָל, שטעלט מיך פּלוצלינג אָפּ אַ געדאַנק אַזוי: די ביידלעך שטייען דאָרט אויפן פעלד הפקר. פונעם גאַנצן ביסל פאַרמעגן אונדזערס קען, חלילה, נישט בלייבן קיין זכר. עס וואָלט נישט געשאַדט פריער אַ קוק צו טאָן. נאָר זייער מעגלעך אפשר, אַז אַלטער האָט שוין לאַנג זיך צוריקגעקערט מיט די פערד און באַאומרויקט זיך אַצינד וועגן מיר. דער דאָזיקער געדאַנק לייגט זיך מיר אויפן מוח און ווערט ביי מיר עפּעס שטאַרקער. די האָפענונג ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער אַזוי, ביז זי צעררייסט די געדיכטע וואָלקנס מרה־שחורה און עס לייטערט מיר זיך אַ ביסל אויס אויפן האַרצן.

איך לאָז מיך גיין געשווינד צוריק.

— ח —

גאָט האָט געהאָלפן, איך בין געקומען בשלום און נישט אויסגעבראָכן קיין פוס ביי איטלעכס מאָל פאַלן אויפן וועג, אין איילעניש אָנשלאָגנדיק זיך אין אַ בוים. דאָס אויפשטיין אַ געפאַלענעם אין וואַלד איז חלילה נישט מיאוס אַזוי ווי אין שטאָט, וווּ מענטשן שטייען און לאַכן. דעריבער פלעג איך איטלעך מאָל מיך גאַנץ פיין אויפהייבן פון דער ערד מיט גרויס הנאה און געלויבט גאָט, וואָס כאָטש מיט חסד. און אַז דער חסד פון גאָט איז יאָ אַזוי גרויס מיט מיר, האָב איך שוין געהאַט דאָס רעכט צו טראַכטן, מסתמא וועל איך קומענדיק אויך זוכה זיין צו טרעפן מיין אַלטערן מיט די פערד.

נאָר אַזוי פֿיל גנאָד פֿון זײַן ליבן נאָמען האָב איך נישט פֿאַרדינט...

אַלטער איז נישטאָ!

איך בלײַב שטיין ווי אָפּגעבריט. זייער נישט גוט אויפֿן האַרצן! גאָט ווײס, וואָס מיט אַלטערן איז געשען, ווו זײַן געביין איז אַהינגעקומען. דאָ האָט דאָס פֿינצטערע מזל זײַנס זיך טאַקע געמיט. אַזוי גלאַט איז די זאַך זיכער נישט. הײַנט איז אויך די שאלה מיט מיר: וואָס טוט מען? וואָס קען פֿון מיר ווערן? דער חשבון מײַנער איז געווען: אָפּזעצן אין גלופּסק מײַנע זאַכענישן, אָננעמען דאָרט ווי מעגלעך מער קינות אויף צו באַטיילן די אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום, ווי דער שטייגער מײַנער איז תּמיד. ס'איז שוין די „דרײַ וואָכן" [1]. די צײַט איז קורץ. אַ שעה טאָר מען נישט פֿאַרלירן. באם, חלילה, איך פֿאַרהאַיע [2] מיך דאָ אין וועג, בלײַבן ייִדן אין די שטעטלעך אָן קינות. אַ קאַטאָוועס עפּעס, ייִדן אָן קינות!... איך קען מיר פֿאָרשטעלן דעם גוטן תּשעה־באָבֿ: ייִדן האָבן זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיט די מילכיקע לאָקשן. אַרײַנגעלייגט אין בויך דאָס האַרטע איי אײַנגעטונקט אין אַש, זיצן שוין ברוגז, אָנגעלאָדן אויף דער ערד נאָר אין זאָקן מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, פֿליי בײַסן, קונדסים האַלטן די בערלעך [3] גרייט צום וואַרפֿן, מען וואַרט נאָר הערן אָן אָנהייב, עפּעס אַ גוט וואָרט, און פּלוצלינג — נישטאָ קיין קינות, מענדעלי איז צו אַלדי שוואַרצע יאָר פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, נישט געבראַכט קיין קינות!... צען ייִדן אויף איין קינה. ס'איז אַ שטופּעניש, אַ קוועטשעניש, אַ פֿאַרמישעניש מיט די פֿליי, אַ פֿאַרפּלאָנטעניש מיט די האָר: בערד, פּאות פֿול אָנגעזעצט מיט בערלעך. עס גיט זיך נאָך [4] אייער, לאָקשן, וואָס קריכן פֿונעם האַלדז, איינעם דעם אַנדערן אונטער דער נאָז... פֿון די ווײַבער איז די יסורים נאָך נישט אַזוי גרויס, זיי נעמען וואָס נישט איז, אַבי געדרוקט, אַ תּחינה, אַ בענטשערל,

---

[1] פֿון שבֿעה עשׂר בתּמוז ביז נאָך תּשעה באָבֿ, אין צײַכן פֿון טרויער נאָך אַ רײ גרויסע היסטאָרישע געשעענישן. — [2] פֿאַרזאַם זיך. — [3] שטעכלקעס, בוזיקעס. — [4] ס'גייט נאָך דער שלעכטער ריח.

די דינים פֿונעם טרייבערן, אַ הגדה — אַלץ איינס — וואָס מאַכט עס אויס? — וויינען, יאָמערן איבער דעם הויך אויף אַ קול. און וואָס באַדאַרף מען דען מער ווי פֿאַרגיסן טרערן?

אוי, אַ מיאוסע לאַגע. נישט פֿריילעך אַרום און אַרום. ביטער אויפֿן האַרצן... נישט דאָס בין איך אויסן.

אָפּהענטיק פֿון דעסט וועגן טאָר מען ניט זײַן. מען מוז עפּעס טאָן, נישט זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט. מען מוז ווײַטער טאַקע גיין זוכן. איך טו אַ קוק אויף די שטערן און דערמאָן מיך, שוין צײַט אָנצובײַסן. איך נעם מיך צום רענצעלע, שמועס־איבער, פֿאַר צרות, מיט דעם פֿלעשל בראַנפֿן, בול־בול־בול גלײַך אין מויל אַרײַן, כאַפּ אין איילעניש עטוואָס פֿאַרבײַסן, טאַקע נאָר פֿון יוצא וועגן. געזעגן מיך מיט דעם פֿלעשל, נאָך אַ מאָל בול־בול־בול און לאָז מיך גיין אַלץ טאַקע געשווינד.

איך בין ווידער אין וואַלד, ווידער נעבן טאָל און באַלד טאַקע בין איך שוין אין דעם טאָל. נאָר לאָמיר נישט זאָגן קיין ליגן, איך בין דאָרט נישט אַליין. אויפֿן האַרצן איז מיר אויך נישט אַזוי שלעכט ווי פֿריִער. איך גיי אין צווייען, שמועס מיר מכּוח מײַן איצטיקן עסק און גאַנץ נישקשהדיק, גאָר נישט אומעטיק. אַ פּנים, בשעתן געמען זיך אין איילעניש צום פֿלעשל, נאָך אַזוי פֿיל פּײַן און יסורים, האָב איך איבערגעכאַפּט די מאָס, אַן איבעריקן זופּ געטאָן אויפֿן ניכטערן מאָגן אין געגעסן האָב איך כּמעט גאָר נישט, ס'איז מיר אין האַלדז נישט געקראָכן, מיך געוואָרגן מיט דעם ביסן. דער דאָזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בײַגעשטאַנען אין די נויטן ווי אַ טאַטע. ער האָט מיר אונטערגעגעבן מוט און מיך שטאַרק באַריידעוודיק געמאַכט אויף מײַן שפּאַציר, נישט הײַנט געדאַכט. אַזוי איז שוין דער שטייגער מײַנער תּמיד, פֿון אַ איבעריקן לעק משקה, פּורים אָדער שׂמחת־תּורה אַ מאָל, שיטן זיך פֿון מיר רייד ווי פֿון אַ לע־כערדיקן זאַק. איך רייד צו דער וואַנט און שמייכל מיר דערבײַ זייער זיס. בין גוט און ווייך, כאָטש צוצולייגן מיך צו אַ געשוויר. דענסטמאָל צעציט זיך מײַן גוף ווײַטלעך, עפּעס איז ער גרינג,

שיטער ווי לעמעשקע [5]. עס באָמבלען זיך אַרום אים פֿון אַלע זײַטן עפּעס חלקימלעך מענדעלי, נישט רעכט צו פֿילן ווו איז דאָס וויכ־טיקסטע, מיטלסטע פּינטעלע, בײַ וואָס אָנצונעמען. עס ווערט דענסט־מאָל פֿון מיר, דאַכט זיך, גאָר צוויי מענדעלעך. איינער קריכט קיין יעהופּעץ, דער אַנדערער קיין בויבעריק. די בשותּפֿותע פּיס ווערן משוגע, נישט צו וויסן וועמען צו פֿאָלגן. איינער פֿרעגט, דער אַנ־דערער ענטפֿערט. די רייד מײַנע קומען מיר, ווי פֿון דער זײַט אַ ווידער־קול, צוריק טאַקע אין מײַנע אויערן אַרײַן, עפּעס גאָר נישט מײַן שטימע, אַ קול ווי פֿון אַן פּוסטער פֿאַס. דעם קאָפּ אין גאַנצן פֿון דעסט וועגן פֿאַרליר איך נישט. עפּעס בלײַבט מיר נאָך איבער אַ שטיקל זכר ווי אין חלום.

— גוט נ׳אָוונט! — וויטע [6] איך מיך מיט אַ פֿאַרבייג — וווהין גייט מען עס בײַ נאַכט דאָ?

— עט... טיפּשים, פֿערדישע קעפּ! — ענטפֿערט צוריק אַ מענ־דעלי מיט אַ גוט, זיס שמייכעלע — זיי צו ווערן פֿאַרפֿאַלן זיך פֿאַר־גלוסט זיי. אַ געלעכטער, כ׳לעבן! אַ גרוב, ר׳ מענדעלי! היט אײַך די ביינער! יאָ, ווי איך בין אַ ייִד, אַ גרוב! איך געפֿאַלן בין שוין אַפֿילו. דאָס צוואַנציקסטע, דאַכט זיך, מאָל. שטייט זשע, זײַט מוחל, אויף! נישט קיין דרך־ארץ עפּעס זיך צולייגן אַזוי. אַ שיינעם דאַנק, ר׳ קרובֿ. איך מיט דער בײַטש טאַפּ ווײַטער שוין... אַ געלעכטער, כ׳לעבן, ביימלעך גייען!... געזונטערהייט!... קומט בקאָמפּאַניע. פּע, דראַפּעט נישט!... אײַ, ווײַטער אַ דראַפּ! פּע, פּע, אויגן אַרויסגענומען שיִער מיר, טפֿו! — שפּײַט, ר׳ מענדעלי, אויף זיי! זיי באַלד פּטור ווערט מען זיי. אויף אַ סטעזשקעלע אַרויס דאָ גייט, זײַט מוחל, אויפֿן פֿרײַען פֿעלד. גוט, בין שוין דאָ! אײַ, אַ לבֿנה, אַ באַק־דיזשע [7], אַ שיינע אָדעסער לבֿנה! אַ נאָז מיט אויגן... שאַ, מקדש זײַן די לבֿנה!

— שלום עליכם?

---

[5] גרויפּן־קאַשע, מאַכל פֿון מעל מיט וואַסער. — [6] (פּויל׳) באַגריס. —
[7] פּורעם (אויף אַריינשטעלן אין אויוון).

— עליכם שלום!

— שלום עליכם?

— עליכם שלום! אַזוי ווי איך אַקעגן דיר שפרינג און אַנרירן דיך נישט קען איך... שפרינגט זשע, פּעטער! — האָץ, האָץ, האָץ! אַזוי מיך אַנרירן זאָלן מײַנע שׂונאים נישט... וואָס זיי צו אונדז האָבן וואָס? — צעכליפּע איך מיך פלוצלינג. וואָס איך שולדיק, אַז איך לעב איך און וויל עסן איך? נאַ, אַ לייב, מישטיינס געזאָגט, אַ שפּענדל! שטענדיק קרענק! וויטיקן... אויך געהאַט אַ מאַמע, מיך געגלעט, געקושט האָט זי... ווײ מיר, איך בין אַ יתום, אַ יתום! — צעוויין איך מיך נאָך שטאַרקער. שאַ, שאַ! — ענטפּערט זיך צוריק מיט אַ טרייסט — וואָס קען מען טאָן? ווי שעמט זיך עס נישט אַן אַלטער ייִד מיט אַ באָרד, אַ באַווײַבטער, אַ מטופּל מיט קינדער, צו וויינען אין דרויסן פאַר דער לבֿנה! שאַ, נישט קיין דרך־ארץ, כ׳לעבן! שאַ, דער רוח וועט אײַך נישט נעמען... נישקשה, היט זיך בעסער, אָט איז אַ פּליט. יאָ, ווי איך בין אַ ייִד, טאַקע אַ פּליט. שוין אַ גוטן זעץ געטאָן מיך אַפּילו. וואָס טוט מען? — מען נעמט און קריכט־אַריבער, אָט אַזוי, אַזוי, — אַ שיינעם דאַנק: איך שטיי שוין מיט בײדע פּיס אין גאָרטן.

— ברוך הבא, מחותּן! זײַט זיך מטריח ווײַטער.

— האָט קיין צרות נישט, איך גיי. וואָס פאַר אַ גערעטעניש! באָב, אַרבעס, אָנגעזעצט, אוגערקעס, גאָר אָן אַ צאָל!

— מאַכט ברכה, פּעטער, לאָזט זיך נישט בעטן!

— יישר כּוח! אוגערקעס גאָר אַ דערקוויקעניש! געשמאַק מחיה!... האַ, אַ קלאַפּ! וואָס באַטײַט דער קלאַפּ? פון וואַנען דער קלאַפּ?

דער קלאַפּ איז געווען פון אַ געזונטן ערל, וואָס האָט הינטן אַרום מיך געטאָן אַ כאַפּ און מיר גוט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אין אַ פרעמדן גאָרטן איז ניט שיין צו קריכן. דער קלאַפּ האָט באַטײַט, אַז פרעמדע אוגערקעס נעמען בײַ נאַכט טאָר מען נישט. פון די קלעפּ, און מעגלעך אפשר אויך טאַקע פון די פרישע אוגערקעס,

האָב איך כּמעט אין גאַנצן מיך אויסגעניכטערט. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע פֿאַרדולט, ווי אויפֿכאַפּנדיק זיך פֿון שלאָף. דאָס ערשטע וואָרט מײַנס, עס פֿאַרשטייט זיך, איז געווען: געוואַלד!... באַלד דער־רויף בין איך מיך מיישבֿ. לאָמיך קלאָמפּערשט מאַכן זיך נישט וויסנדיק, און גיב אַ פֿרעג דעם ערל מיט גוטן, אויף זייער גראָב לשון: „צי ני באַטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקאַ אים קינאַמי? קאַזשי־נאָ טשילאָוויטשע!" [8] — דער ערל אָבער טוט זײַן זאַך, וויל נישט הערן, שלעפּט מיך בײַם אַרבל, דערלאַנגט מיר אַ מאָל אויך אַ שטופּ פֿון הינטן אין איין קול: — קום, קום! עס העלפֿט נישט, איך גיי, מען קען קיין חזיר ניט זײַן... און מיר קומען אַזוי צו בידע ועפּעס נעבן אַ שטוב, בײַ וועלכער עס שטייט אַ געשפּאַנט בריטשקעלע מיט פֿיר גוטע פֿערד, און עס לײַכט פֿון די פֿענצטער.

בײַם אַרײַנקומען אין שטוב טוט דער ערל מיך אַ שטופּ פֿאָרויס און אַליין שטעלט ער זיך נעבן דער טיר אָן אַ היטל. איך ברירה, איך נעם אויך אַראָפּ דאָס היטל, קראַץ מיך אין קאָפּ און קוק ווי אַ נעבכטיקער.

בײַ אַ טיש זיצט אַ שרײַבערל און שרײַבט, סקריפּענדיק מיט דער פּען, וואָס בעט זיך איטלעכע רגע אין טינטערל אַרײַן, אָפּצו־נעצן אַ ביסל דאָס מײַלכן אירס, נאָך דעם ווי זי ברעכט מיאוס אָן אויפֿן פּאַפּיר. דאָס שרײַבערל האָט מיט איר דאָס לויפֿעניש, קרימט זיך און זידלט זי בײַ איטלעכן טונק. מען זעט, בידע פּײַניקן זיך, נעבעך, בידע זײַנען נישט צופֿרידן: זי מיט זײַן שווערער האַנט, מיט זײַנע מיאוסע גרײַזן, און ער — מיט אירע חלשותדיקע קלעקן. ער — איר אַ קוועטש, און זי — אים אַ קלעק... אין מיטן שטוב שטייט אַ רויטער קאָלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס אַ מין מענטש מיט אַ בויך און אַן אָנגעבלאָזן פּנים. גלאַנצט מיט די קליינע אויגן און בשעת עס פֿאַרוואַרפֿט זיך אים דאָס שוואַרצאַפּעלע, קוקט־אויס דאָס

---

[8] „צי האָט איר נישט געזען, אפשר, דאָ אַ ייִדל פֿון אונדזעריקע? זאָגט זשע, מענטשן!"

װײַסעלכן פֿון אויג פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט. ער דרייט די לאַנגע װאָנצעס און רעדט אויפֿן גוידער, בייזערנדיק זיך, צו צוויי פֿאַרשוינען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין דער זײַט פֿון דער טיר. איינער — אַ הויכער מיט אַ געזונטן קאַרק, אונטערגעגאָלט דער האַלדז, און אַ זילבערן רייפֿעלע אין לעפּל פֿונעם לינקן אויער, דער אַנדערער — אַ דאַרער מיט אַ שפּיצאַסט[9] בערדל, אויפֿן האַרצן אַ בלעך, האַלט אַ לאַנגן שטעקן מיט בײדע הענט, בלינצלט מיט די אייגעלעך און בוקט זיך איטלעכע רגע. דער רויטער קאָלנער בייזערט זיך אויפֿן ערשטן פֿון די צוויי פֿאַרשוינען, שרײַט:

— אין קייטן! קיין סיביר אַזאַ סטאַראָסטע!... און אויפֿן צווייטן:

— פּאַסן װעל איך פֿון דיר שינדן, דו, סאָטסקע[10], אַזוינער און אַזוינער, אין דײַן מאַמען!

איך בין טויט מיט אַלע מײַנע אבֿרים. עס װאַרפֿט מיט מיר װי אין אַ קדחת. עס רוישט מיר אין קאָפּ, קלינגט אין די אויערן. איך הער נישט און זע נישט, װאָס אַרום מיר טוט זיך. איך האָב נישט רעכט געהערט אַפֿילו די טענות פֿון מײַן ערל, בשעתן קלאָגן זיך אויף מיר. נאָר אַז דער רויטער קאָלנער האָט אַ היק געטאָן אויף מיר מיט דעם האַרבן װאָרט אויף יוונית[11], האָב איך מיך באַלד אויפֿגעכאַפּט און שוין גוט געהערט. פֿאַר די אויגן מײַנע שװעבט אַ קולאַק און עס הערן זיך שרעקלעכע װערטער: גנבֿ, קאָנטראַבאַנדשטשיק, טריפֿה־סחורה, בײַטלשנײַדער, קייטן, טורמע, קנוטעס[12], סיביר!... ער זוכט זיך פּלוצלינג צו מײַנע פּאות און נאָכקרימענדיק מיך שטאַרק אין כּעס כאַפּט ער אין אימפּעט פֿונעם טיש אַ שער און שערט מיר אָפּ אין גאַנצן איין פּאה! — איך באַװאַש מיך מיט טרערן, קוקנדיק אויף דער ערד מײַן פּאה, מײַן גרוי־אַלטע פּאה, װאָס איז געװאַקסן מיט מיר פֿון קינדװײַז אויף ביז אין מײַנע אַלטע יאָרן; װאָס האָט איבערגעהאַט מיט מיר פֿרייד און לייד גענוג אין מײַן לעבן. די מאַמע האָט זי אין דער יוגנט געגלעט, געצװאָגן, גאָר נישט

[9] שפּיציק. — [10] ציוילער שומר (אין אַ דאָרף). — [11] גויִש. — [12] שמיץ.

געקענט זאַט אָנקוקן זיך אויף די שוואַרצע, שיינע גרינזועלעך אירע. זי איז געווען אַ צירונג מײַן פּנים אין מײַנע גוטע טעג, ווען איך בין געווען פֿריש און שטאַרק. זי איז פֿרי פֿאַר דער צײַט גרוי געוואָרן פֿאַר צרות, נעבעך, און איר גרויקייט האָט מיר חלילה נישט געמאַכט קיין בושה. בײַדע האָבן מיר זיך פֿרי געעלטערט פֿאַר פּורעניות, נויט, עלנט, גריזאָטע, אומזיסטע פֿײַנדשאַפֿט און רדיפֿות אין דער וועלט. וועמען, חלילה, האָט זי געשאַדט? וועמען, חלילה, האָבן מײַנע גרויע האָר עפּעס שלעכטס געטאָן? — עס וויינט אין מיר דאָס האַרץ, שרײַט „גוואַלד, שטילו!“, נישט אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן קיין וואָרט. איך קוק שווײַגנדיק ווי אַ שעפּעלע בײַם באַשוירן עס, און פֿון די אויגן קאַפּ, קאַפּ, טרערן ווי די באָב... מײַן הויל געבליבענע באַק האָט מיר שטאַרק געפּלאַמט. דאָס פּנים האָט געמוזט מיר זיך פֿאַרענדערן — אַ שרעק! עס האָט געמוזט זײַן אַ רחמנות מיך אָנצוקוקן דענסטמאָל, ווײַל באַלד דערויף האָט דעם רויטן קאָלנער עפּעס ווי אָפּגענומען דאָס לשון. שוין גערעדט מיט גוטן, אַרויפֿלייגנדיק בײַדע הענט מיר אויף די אַקסלען. אונטער דעם מעשענעם קנעפּל, אַ פּנים, האָט זיך גערירט אַ מענטשלעך האַרץ. מײַנע גרויע האָר און מײַן גאַנץ אויסזען האָבן אים באַוויזן מײַן אָרנטלעכקייט. און, ווי איבערבעטנדיק מיך, פֿאַלט ער מיט אַ בייזער אָן אויף מײַן ערל, וואָס פֿאַר עפּעס אַן אוגערקע שלעפּט ער אַן אַלטן מענטשן, נעבעך, טוט אַ היק און טרײַבט אים אַרויס. ער אַליין נעמט דאָס היטל, דרייט זיך אַ ביסל אַרום, זאָגנדיק דעם, יענעם אַ וואָרט, גייט דערנאָך אַרויס און באַלד הערט זיך, ווי דאָס ברישקעלע פֿאָרט־אַוועק.

די אַלע מענטשן אין שטוב ווערן לעבעדיק. דאָס שרײַבערל טוט אַ וואָרף די פּען, אָפּשיקנדיק זי צו אַלדי רוחות. דער סטאַראָסטע און דער סאָטסקע גלײַכן זיך אויס, אויפֿהייבנדיק די קעפּ. איטלעכער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צו דער גאַס צו און די אויגן זייערע רײדן: יבֿרכך! פֿאַר געזונטערהייט און לאָז מען דיך נישט אָנקוקן!... דער

סטאַראָסטע כאַפּט דעם אָטעם, פֿאָרט־אַרײַן מיט אַלע פֿיר פֿינגער צו זיך אין די האָר פֿונעם קאָפּ, טוט אים אַ גוטן שאָקל און מאַכט דערבײַ: נו, אַ סטאַנאָוואָי[13]!...

די גוייִם האָבן מיר גערעכט, נאָך דעם ווי איך האָב זיי דער־ציילט וועגן מײַן אומגליק, צו גיין צו דער קרעטשמע בײַם דאָרף, נישט ווײַט פֿון דאַנען. דאָרט באַדאַרף זײַן אַצינד אַן עולם מענטשן, צוריקפֿאָרנדיקע פֿונעם מאַרקטאָג: מעגלעך, בײַ זיי וועל איך עפּעס מיך דערגיין. איך הייב־אויף מײַן פּאה, באַהאַלט זי אין קעשענע, בינד־אונטער די באַק מיט אַ פֿאַטשיילכן, זאָג אַ גוטע נאַכט און גיי אַוועק.

— ט —

די קרעטשמע איז געווען באַלאַגערט אין דרויסן מיט פֿורלעך און וועגעלעך אַלערליי. אַ טייל ליידיקע נאָר מיט אַ ביסל שטרוי, אַ טייל פֿאַרנומענע מיט מיני זאַכן און חפֿצים, סײַ נישט קיין פֿאַרקויפֿ־טע, סײַ געקויפֿטע דאָרט אויפֿן מאַרק. אויף איין פֿורל ליגט אין אַ זאַק אַ חזיר, אַרויסגעשטעקט פֿון אַ לאָך זײַן שיין פּיסקל און מאַכט לעכער אין קאָפּ, שרײַענדיק משונה אויף אַ גרילצנדיקן קול. הינטער אַ וואָגן, אָנגעלייגט מיט נײַע לאַפּטיעס[1], מיט נײַע ליימענע טעפּ, טעפּלעך און מאַקערעטעס[2], שטייט צוגעבונדן אַ רויט געפֿלעקטע קו מיט איין האָרן און רײַסט זיך מיט אַלע כּוחות זיך צו באַפֿרײַען, גיי־כער קומען צו אירע אַלטע חבֿרטעס אין שטאַל מיט דער בשׂורה: נישקשה, מען איז אירער נאָך נישט פּטור געוואָרן, געליבט דער שור הבר[3], מען זעט זיך געזונט!... אַ פּאָר גרויע, ברייטבײַכיקע, פֿײַנע אָקסן שטייען געשפּאַנט אין דעם יאָך, מאַכן אַזוי ערנסט מיט דעם מויל און מעלה־גרהן געשמאַק, קיין מינוט חלילה נישט מפֿסיק

[13] פּאָליציי־קאָמיסאַר פון אַ קליינער געגנט. — [1] פויערים־שיך, ווי שטעק־שיך. — [2] ליימען טעפל פאַר געבראָטנס, פאַר אַ ראָסטעלע. — [3] (שפּאַסיק) ווייל ער וואַרט אין... גן־עדן, און דערווייל לעבט מען.

צו זײַן, גלײַך ווי זיי זײַנען פֿאַרטיפֿט אין אַ וויכטיקער זאַך און טוען
מיט זייערע אָקסענע קעפּ אויף עפּעס אַ גרויסן שׂכל. דעם אַרענדאַרס
ציג שטייט דערווײַל אויפֿן וואָגן, שטעקט הינטערווײַלעכס אַרײַן דעם
קאָפּ אין אַ זעקעלע דאָרט, נעמט באַלד אים אַרויס מיט אַ פֿול מויל,
פּירקעט [4], דרייענדיק דאָס עקל, קײַט, מאַכט מיט די באַקן, טרעסעט
דאָס בערדל גיך, געשווינד, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן. איין
אַלטער אויסגעדאַרטער דאַרפֿסהונט לעבט אויף דער עלטער פֿון קצבֿה,
אָן אַ שטעלע, מיט אַ הינקעדיק פֿיסל און אַ קאָלטון [5] באַמבלענדיק זיך
אים אויפֿן עק, שאַרט זיך צו נאָענט צום וואָגן, קוקט מיט דרך־ארץ,
קומט דערנאָך צו נענטער אויף עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט
דער נאָז, דערטאַפּט עפּעס אַ טרוקן, אָפּגעלעקט ביינדל, לויפֿט מיט
דער מציאה אָפּ אַ ביסל ווײַטער, שטרעקט זיך אויס אויף דער ערד
און נעמט זיך קנאַקן דעם ביין, האַלטנדיק דערבײַ דעם קאָפּ אין דער
זײַט אויף די פֿאָדערשטע לאַפּעס. דאָס פֿערדל דאָרט אין יענעם
וואָגן, נמאס ווערנדיק אים אַ לאַנגע צײַט צו שטיין אויף איין אָרט,
גאָר נישט צו טאָן, נאָר דרעמלען, מאַכן מיט העך מאָרדע און שאָק־
לען די אויערן, איז זיך מיישבֿ אָפּצושטעקן אַ וויזיט אַ פּאָר אײַנ־
געשפּאַנטע אָקסלעך, וואָס טוען זיך ווויל איבער אַ זעקל פּאָלאָווע [6],
און זײַן זייער אורח אויף וועטשערע. נאָר בײַם גיין פֿאַרהאַקט זיך
די אַקס פֿון זײַן וואָגן אין אַ רעדל פֿון אַן אַנדער פֿורל, שיִער אומצו־
וואַרפֿן עס. יענץ פֿערדל דאָרט, אַרויסשפּרינגענדיק פֿון די האַלאַב־
ליעס, טרעט־אָן אַן אַנדער פֿערד אויפֿן פֿוס, עס טוט אַ הירזשע און
שטעלט זיך דיבאָם. די ציג דערשרעקט זיך, טוט גיכער אַ שפּרונג
און טרעט־אָן דעם דאָרפֿסהונט אויפֿן ווידל [7]. ער שפּרינגט דערשראָקן
אַוועק אויף דרײַ פֿיס, הײַלנדיק [8] אויף אַ קוויטש מיט אַ צענגאָרנ־
דיקן שלשלת [9].

מיט גרויס מי שלאָג איך מיך דורך צווישן די אַלע פֿורלעך,

---

[4] פּאַרסקעט, חי אונטערהוסטנדיק. — [5] אַ בינטל פּאַרקאָלטנטע האָר. —
[6] פּלעווע. — [7] עק. — [8] הילכנדיק, פּאַרטויבט געשריי. — [9] דריי מאָל
בעדרייט.

גוט צוקוקנדיק זיך, טאָמער איז דאָ דאָס, וואָס איך זוך, און לאָז מיך אַרײַנגיין אין קרעטשמע.

דאָס אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אין קרעטשמע טוט זיך, דערפֿיל איך ביסלעכווײַז, איינס נאָך דאָס אַנדערע כּסדר. נישט אויף איין מאָל. דעם ערשטן כּיבוד דאָרט האָט מײַן נאָז. באַלד בײַם אַרײַנקומען, נאָך אויף דער שוועל, טוט מיר אַ זעץ אַ שאַרף ביטערער צאַפּן־שטינקענדיקער ריח פֿון בראַנפֿן, מאַכאָרקע [10] און מענטשנשווייס אין אײנעם. אַז די נאָז ניסט־אָפּ איר „מה־טובֿו” פֿון אַזאַ ברוך־הבא מיט אַ הילך, צעגיסנדיק זיך אין שטייגער, גייען צום סמיק [11] די אויערן. אַ רעש, אַ געפּילדער פֿון אויסגעמישטע אין אײנעם דינע, גראָבע, היזעריקע, צעריפּעטע [12] און כריפּעדיקע קולות קײַקלען זיך אַרײַן אין זיי מיט אַ גרילצן, נאָר טויב צו ווערן. אַז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאַט זייער ערלעך אויסקומעניש, זײַנען שטאַרק אין דער אַרבעט, נעבעך, די אויגן נאָך דעם ווי זיי בלאָנקען זיך פֿריִער אַרום אין דער טונקלעניש צווישן אַ געדיכטן עולם מענטשן, צונויפֿגעשמאָלצן אין אײנעם, נישט צו האָבן אַ פּיצל סימן פֿון עפּעס אַ זאַך, דערזעען זיי פֿון דער ווײַטנס אויף אַ לאַנגן הילצערנעם טיש אַ חלבֿדיק ליכטל אין אַ ליימען לײַכטערל, וואָס ברענט מיט אַ רויטן שטעכנדיקן פֿלאַם, אַרומגערינגלט מיט געל־גרין־בלוי־גרויע רעדער ווי רעגנבויגנס פֿון דער הייסער פּאַרע און זײַלן רויך, וואָס שלעפּן זיך איבער דער שטוב אַרום. ערשט דערנאָך הייבן־אָן אַרויסצושווימען פֿונעם טונקעלן טומאַן [13] כּסדר: נעז, בערד, בערדלעך, טשופּרינעס, גאַנצע פּנימער און צורות פֿון מאַנסבילן און נקבֿות. עס שווימען אַרויס רעדלעך מענטשן, אַ טייל האַלט זיך אויף די פֿיס פֿון ערשט נאָכן פֿערטן, פֿינפֿטן טרונק בראַנפֿן. אין דער זײַט האַלדזן זיך צוויי שיכּורימלעך, זידלען זיך פֿאַר גרויס ליבשאַפֿט מיט מיאוסע ווערטער. נעבן זיי שטייט אַ פּלוניתטע באַר־

[10] טיטון, געשניטענער טאַבאַק. — [11] סמיטשיק, פֿידלבויגן. — [12] צעקראַצטע. — [15] נעפּל, ווי אַ רויך.

װעס, אין אַ קורץ קלײדל, מיט אַ געשטיקטן העמד, אויסגעשניטן װײַט, און האָט הנאה, פּאַטשט אײנעם, דעם אַנדערן אויפֿן רוקן, מיט גוטן מאַכנדיק דערבײַ: געװנג, אַהיים, אַהיים! דאָס שיכּורע פֿאַרפֿאַלק אָבער שמעלצט זיך נאָך מער פֿאַר ליבשאַפֿט. נעמט זיך שטײַפֿער אַרום און פֿאַלט. װידער אַ טייל זיצן אויף לאַנגע בענק נעבן פֿלעשלעך משקה מיט פֿאַרבײַסן. צװיי בעלי־הגופֿן טרינקען אײנער צום אַנדערן לחיים און זײַנען בײדע, װי מען זאָגט, בגילופֿין. אײנער, אַ שטאַרקער ליבהאָבער פֿונעם ביטערן טראָפּן, װאָס דאָ איז שטענדיק זײַן מקום־מנוחה, װיטעט זיך פֿון דער װײַטנס, רײַכערנדיק זײַן ליולקעלע, דאָס מיט די דאָזיקע צװיי לײַט, דאָס מיט יענעם, דאָס מיט אַן אַנדערן און װינטשעװעט־צו: לחיים, לחיים! כאָטש מען קוקט זיך אַפֿילו אויף אים נישט אום. און גאָר צו לעצט שװימט־אַרויס אין דער געשטאַלט פֿון אַ ייִדענע, אַ רירנדיקע, אַ זשװאַװע, מיט אָפּגעבליאַקעװעטע פֿעלענע מושקעס [14] און עפּעס אַ מין טיכל אויפֿן קאָפּ, דעם שענקערס װײַב מיט איר כּבֿוד אַלײן, נעבן פֿעסלעך, פֿלעשער, קעלישקעלעך, גלעזלעך, קרענצלעך בײגל, געקאָכטע אײער, דאַרע פֿישלעך און שטיקלעך פֿאַרהאַרטעװעטע לעבער. דאָס מויל מאַכט איר זיך קיין רגע נישט צו. די הענט אירע רוען אויך נישט פֿונעם טענהן, רײדן מיט איטלעכן באַזונדער, פֿון געבן און נעמען גרײט געלט מזומן אָדער משכּנות אָדער מיט אַ קרײַדל אָנשרײַבן אויף דעמס, אויף יענעמס חשבון פּאַסעקלעך און רינקעלעך.

איך דריי מיך אַרום װי אַ גר צװישן דעם דאָזיקן גאַנצן עולם, פּרוּװ רײדן מיט דעם, מיט יענעם, און דער שפּיץ איז אַלטערס װערטל טאַקע: מילא, בקיצור, גאָר נישט.

אין קרעטשמע װערט שיטערער. דער עולם הײבט אָן זיך צעפֿאָרן און איך לאָז מיך צו גײן צו דער באַלעבאָסטע. האַלטנדיק די בײַטש אונטערן אָרעם אַקעגן אירע אויגן. דאָס טו איך בכּיוון מיט אײן אײבער־הסבּרה, װײַל קרעטשמערקעס בכלל האָבן ליב בעלי־

[14] מופּסעס (אויף אַרײַנלײגן די הענט צו אָנװאַרעמען).

עגלות, קויפֿן זיי אונטער מיט בראַנפֿן, מיט עסן און מיט נאָך עפּעס, בכדי זיי זאָלן פֿאַרפֿאָרן צו זיי מיט פֿאַרשוינען. די בײַטש איז מיר געווען אַ מליץ און מיר געגעבן חן און לײַטזעליקייט אין דער באַלעבאָסטעס אויגן. עס הייבט זיך צווישן אונדז אָן אַזאַ שמועס:

— גוט ג׳אָוונט! — גוט יאָר! — ווו איז דאָס אײַער מאַן? — וואָס טויג אײַך מײַן מאַן? — גלאַט אַזוי זיך. — זאָגט, אפֿשר וועל איך טויגן. — טאַ... מהיכא־תּיתי! — אַהער, אַהין, מיר צעשמועסן זיך ברייטלעך. איך דערצייל איר דאָס אומגליקל, וואָס מיך האָט דאָ געטראָפֿן, מײַן איצטיקע מיאוסע לאַגע. זי טרייסט מיך מיט אַ זיפֿץ, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט דער האַנט און צווי פֿינגער אויף דער באַק, מאַכט אַלץ: „אַ מעשׂה, אַ מעשׂה! און ווײַטער אַ זיפֿץ. — איך טו איר צוליב, דערצייל אַלצדינג, ווער איך בין, ווי איך הייס, מיט וואָס איך האַנדל, און זי פֿון איר זײַט באַשיט מיך מיט רייד, זאָגט מיר אַרויס איטלעכס פּיצעלע, וואָס בײַ איר אונטערן נאָגל, פֿון איר מאַן דעם שלימזלניק, פֿון די קינדער און פּרנסה... עס ווערט צווישן אונדז אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט. מיר רעכענען זיך אויס, אַז מיר זײַנען גאָר ביידע שטיקלעך קרובֿים! זי הייסט חיה־טרײַנע, נאָך מײַנס אַ קאַלטער מומע פֿון דער באָבעס צד. אַ שׂמחה, אַ פֿרייד! זי פֿרעגט מיך אויס אויף מײַן ווײַב, אויף די קינדער, אויף איטלעכן בײַ מיר באַזונדער, און אַז דער מאַן איז דערויף אָנגעקומען, זאָגט זי אים אָן די בשׂורה גיך אין איין אָטעם: מיר האָבן אַ גאַסט... אַ טײַערן גאַסט, ר׳ מענדעלי מוכר ספֿרים!... מײַנער אַ קרובֿ! און לאָזט אויס מיט גדלות צום מאַן, אָננעמענדיק זיך מיט ביידע הענט בײַ די זײַטן:

— האַ, מיינסט אפֿשר, פֿון אַ שטאַל האָסט דו מיך אַרויסגענומען! נישקשה, איך וועל ברוך־השם, פֿאַר אַנדערע נישט מבֿויש ווערן, מעגסט זיך, כ׳לעבן, איבערנעמען מיט מײַן משפּחה!

— טאַ, רבונו של עולם! — טראַכט איך מיר — לאָז זײַן אַזוי: שאול האָט געזוכט אייזלען און געפֿונען די מלוכה, איך זוך פֿערד און געפֿונען אַ חיה־טרײַנע!...

חיה־טרײַנעס מאַן איז געווען אַ ייִד מיט אַ לאַנגער נאָז, דאָס שיטערע בערדל, די פּאות און די ברעמען — העלבלאָנד ווי פלאַקס. בשעת שווײַגן קײַעט ער די צונג און אײדער ער קלײַבט זיך צו רײדן באַלעקט ער זיך פריִער, אַזוי אַז אים אָנקוקנדיק דערנסטמאָל, פאַרשטײט מען, וואָס טײַטש לעקיש... בײַם אָפּשטעקן מיר אַ שלום־עליכם מורמלט ער עפּעס גאָר אָן ווערטער און פונעם גאַנצן באַנע־מען זײַנעם דערקען איך באַלד, אַז ער ליגט אונטערן ווײַבס פּאַנטאָפל, האָט פאַר איר דאָס גײַניאַריקע קדחת. ווי עס האָט שפּעטער מיט דער צײַט זיך אַרויסגעוויזן, הײסט ער אין דער סבֿיבֿה: חיים־חנא חיה־טרײַנעס, און חיה־טרײַנע אַלײן הײסט: חיה־טרײַנע קאָזאַק.

— ווו האָסטו עס ביז אַציגד געהינעט[15]? — נעמט היה־טרײַנע דעם מאַן אױפֿן ציהונדער[16] — וווהין האָט עס דיך, שלימזל, דער שוואַרציאָר געטראָגן? האָסטו געהערט? העון אַ ביסל!... מען זאָל אַוועקוואַרפן אַ שטוב מיט דער באַלעבאַטישקײט און גאָר נישט... נישקשה, ר׳ מענדעלי איז אַן אײגענער, פאַר אים מעג מען זאָגן, וואָס פאַר אַ שלאַק דו ביסט, אַ שלאַק פון זײַן ליבן נאָמען. קוקט אים אָן, שטײט ווי אַ לײמענער גולם און קײַט די צונג...

— דו האָסט דאָך מיך אַלײן, האָסטו מיך געשיקט צו גאַווריל־אָן נאָך אַ זאַק קאַרטאָפליעס מיך געשיקט! — פאַרענטפערט זאָך חיים־חנא, באַלעקנדיק זיך פריִער מיט דער צונג.

— און דער רבי, דער שײנער רבי, איז קראַנק געווען ברענגען צו טראָגן דעם זאַק קאַרטאָפליעס! עסן, נישקשה, קען ער פאַר צען.

— דער רבי איז דאָך געגאַנגען, דער רבי, אָפּפירן די פּעריס־טע[17] קי מיט דעם קעלבל אין פעלד אָפּפירן! — גיט חיים־חנא דעם ווײַב צו פאַרשטײן.

— אָט, שווײַג שוין, שווײַג, קײַ דיר בעסער די צונג! — מאַכט היה־טרײַנע, קוקנדיק בײז אױפֿן מאַן. דערנאָך ווענדט זי זיך צו

---

[15] (פון רוסיש) פאַרלוירן געגאַנגען, אַהינגעטאָן. — [16] פאַרהערן (אױפֿן ציליגדער?). — [17] (פּערעסטעז?) ווילדע, וואָס לאָזן זיך נישט מעלקן.

מיר מיט אַ גאַנצן שמועס, וואָס זי האָט פֿון איטלעכן אויסצושטײַן. ווען נישט זי, וואָלט די גאַנצע שטוב שוין לאַנג האָרנעם־קאָרנעם [18] איבערגעקערט געוואָרן, און מישט אַלץ אַרײַן אין די רייד: „נישקשה, פֿאַר אײַך מעג מען, ווי פֿאַר אַ טאַטן! איר זײַט דאָך אַן אייגענער, ר׳ מענדעלי!״

איך לייג מיך אַרײַן אין שלום און פֿאַרריכט בײַ חיה־טרײַנען דעם מאַנס דאָליע. פֿון שלום וועגן זאָג איך אַ ביסל אַ ליגן, באַשול־דיק בכלל אַלע מענער, מיך דערונטער אויך אַ ביסל, און חנפֿע, לויב אין טאָג אַרײַן די אַלע ווײַבער, באַזונדערס חיה־טרײַנען, חלילה ווען נישט זיי, וואָלט די וועלט קיין וועלט נישט געווען... חיה־טרײַנע איז געוואָרן ווייכער.

— געזונט זאָלט איר זײַן, ר׳ מענדעלי! — זאָגט זי מיט אַ שײַ־נענדיקן פּנימל און מאַכט באַלד טאַקע צום מאַן מיט גוטן:

— גענוג צו קײַען די צונג! נעם בעסער, חיים־חנא, וויש איבער דאָ די קעלישקעלעך און די טעלער, פֿון וועלכע עשׂו האָט געפֿרעסן. ר׳ מענדעלי מוז אַוודאי גוט הונגעריק זײַן! — טוט זי אַ זאָג צו מיר, אויפֿהייבנדיק זיך פֿונעם געזעס אירס בײַם שענקל. איך פֿיל עס אין מיר אַליין טאַקע. אין אַ מאַרקטאָג פֿאַרשפּעטיקן מיר זיך תּמיד מיט דער וועטשערע. נישטאָ, נימערערגער [19], קיין צײַט. קומט זײַט מוחל, מיר בעטן זייער שיין צו אונדז אין שטוב!

גלײַך פֿונעם שענקל קומט מען אַרײַן אין אַ פֿינצטער אַלקערל, ווו אַקעגן אין אָפֿן אַ טיר גאָך אין אַן אַלקער, און לינקס, אין דער זײַט, פֿירט אַ טיר אין אַ היפּשן חדר, אַ נידעריקער, אָן אַ דיל, מיט קליינע פֿענצטערלעך. די שײַבלעך זײַנען אַ טייל צעשפּאָלטן, אַ טייל געלאַטעט פֿון צונויפֿגעקלעפּטע שטיקלעך און אַ טייל אין גאַנצן אויסגעשלאָגן: נאָר ערגעץ אין אַ ווינקל שטעקט אַן איבערגעבליבן שטיקל גלאָז, ווי דער איין־איינציקער צאָן בײַ אַ זקנה, וואָס בײַ

---

[18] פֿון אויבן ביז אַראָפּ, מיט די פֿיס אַרויף. — [19] (נומער ערגער) פֿאַר־פֿאַלן, נישטאָ וואָס צו מאַכן.

נאָר עפּעס אַ ווינטל שאָקלט זיך עס, שטיל געבעבעט: זים־זים־זים, זייער אומעטיק, אין איין עק שטוב, צו דער גאַס צו, שטייט אַ טיש, נעבן אים, ביי די ווענט, לאַנגע, שמאָלע בענק, נישט געפאַרבט. אין דעם אַנדערן עק, אַקעגן, שטייט אַ בעט מיט אַ סך בעבעכעס, אָן עין־הרע: מיט קישנס, גרויסע, מיטעלע, קליינע, קלייניטשקע, אַ הויכער טורעם ביז אין דער סטעליע. און ביי דער זייט אויוון, דאָרט, צירט זיך אַ ברייטע באַנק, וואָס דינט ביי נאַכט פאַר אַ בעט צום שלאָפן. אַרום די ווענט, אין דער הויך, הענגען פּאָרטרעטן באַדעקט מיט שפּינוועבס, מיט געפגרטע פליגן, אויסגעטריקנטע אייער פון פריסן און פליגנקויט. פונעם קויט אויף די דאָזיקע פאָרטרעטלעך קוקן־אַרויס עפּעס געשטאַלטן: אַ „מזרח" מיט קראָליקלעך, מיט משונה־ווילדע חיהלעך, האַלב ציג — האַלב הירש, האַלב לייב — האַלב אייזל, האַלב לעמפּערט און האַלב פּיפּערנאָטער. אַ הויכער המן, געקליידט ווי אַן אונטעראָפיציר, הענגט אויף אַ תליה, וואָס גרייכט אים קוים ביז צום אַקסל, אַזוי אַז גיכער הענגט די תליה אויף אים! דערביי שטייט מרדכי אין אַ שטריימל, אַ ראַצעמאָרענער[20] קאַפּאָטע מיט אַ גאַרטל, אויבן אַ טיזליק[21], אין שיך און זעקעלעך מיט פּאה־קעלעך, טאַקע נאָר „מאָנדרוש"[22]. אַרום אים „באַבערדלטע, באַנאָזנדיקע" ייִדן מיט כּוסות אין די הענט און מאַכן: „לחיים, רבי מרדכי!" צו זרשן מיטן טאָפּ האָבן זיך זייער מיאוס צוגעכאַפּט די פליגן, האָבן פון איר, נעבעך, איבערגעלאָזט נאָר אַ האַלבן קאָפּ מיט אַ שטיקל פּעדער־חלק. נאַפּאָלעאָן, נעבעך, איז אויך אַריינגעפאַלן אַהינצו אין ייִדישע הענט. אַז אַך און ווי איז צו אים, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט געהאַט! ער איז געהאָנגען צווישן פּוטיפרס ווייב, עפּעס אַ פאַר־זעניש, אַ מיאוסקייט, וואָס מאַכט חן, שלעפּנדיק יוסף הצדיק ביי די פּאָלעס, און צווישן אַ שמאָלן, פאַרשמאָלצעוועטן, שטאַרק־אָנגע־

[20] חסידיש, רביש געקליידט. — [21] קורץ פעלצל. — [22] פּאָפּולערער נאָמען, אונטער וועלכן מרדכי ווערט פאָרגעשטעלט אין פאַרשיידענע פורים־שפּילן (אין פוילן קלינגט דער נאָמען: חכם גדול).

בויגענעם שפיגל, הינטער וועלכן עס האָט געשטעקט אַ פֿאַרדאַרטער לולבֿ און אַלטע אָפּגעשלאָגענע הושענות.

אין שטוב דרייט זיך אַרום אַ דיקע, אַ ברייטע, אַ האָרעפּאַשנע מויד מיט אַ פּאָר באַקן ווי די פּאַמפּושקעס; אויפֿן קאָפּ זייער ווייניק האָר און צוויי קליינע צעפּעלעך פֿון הינטן. די הענט האַלט זי ביז די עלנבויגנס שטײַף צו בײדע זײַטן, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלײַך פֿאָרנט ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך נישט צו הייבן קיין פֿיס, אַרויסשיקנדיק דעם קאָפּ אַ ביסל פֿריִער פֿאַר איר. רוקט זיך גיך, טראָגנדיק אין די הענט אַ טישטעך מיט טעלער און גרייט צום טיש. חיה־טרײַנע רוימט איר עפּעס אין אויער אײַן, זי קערט־אויס די האָלאָבליעס, דער קאָפּ לאָזט זיך פֿאָרויס, זי אַליין מיט די פֿיסלעך באַלד טאַקע נאָך אים און ווערט גיך אַנטרונען פֿון דער שטוב. אין אַ ווינקעלע קריגן זיך אַ שטיק פֿיר קינדער, מיידלעך מיט ייִנגלעך, רײַסן זיך עפּעס איבער אַ קליין הינטעלע, אַ מאָפּסיק, וואָס פּישטשעט, נישט צו הערן, צו זען וואָס הינטער זיי טוט זיך אין שטוב. חיה־טרײַנע באַפֿאַלט זיי פּלוצלינג, טוט שטילערהייט אַ קניפּ דעם, אַ צופּ יענעם, כאַפּט דאָס פּיצל הינטעלע און וואַרפֿט עס אַרויס. די קינדער שטעקן זיך אונטער די נעז אָפּ פֿײַגן און צעלויפֿן זיך אין ווינקעלעך. באַלד קומט־אָן חיים־חנא מיט אַ גרויסע לאַדיש[23] סמעטענע. דאָס ווײַב נעמט עס בײַ אים צו, פּאָרעט זיך מיט דעם אַ ביסל דאָרט פֿאַר זיך און הייסט זיך אונדז וואַשן.

אַ בחורל אָן אַ קאַפּאָטקע, באָרוועס, אין אַ לײַבסערדאַקל מיט הויזלעך, לויפֿט־אַרײַן מיט אַ שׂמחה: דער רבי האָט געכאַפּט אין שטאַל אַ וואָראָבייטשיקל!... אַלע קינדער בלײַבן פֿאַרגאַפֿט מיט אויסגעצויגענע פּנימער פֿאַר גרויס וווּנדער, און אײדער זיי זײַנען צו זיך געקומען, קומט־אַרײַן אַ יונגערמאַנטשיק עפּעס מיט אַ געשוואָלענער נאָז און גראָבע ליפּן, וואַשט זיך גיכער איבער דער פּאָמוי־

---

[23] הויכע ערדענע מילכטעפּ מיט „העלדזער".

ניצע, זעצט זיך דערנאָך צום טיש און רוקט־אַרײַן אין מויל אַ גרויס שטיק ברויט, אַלץ אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש, נישט צו שענקען קיינעם אַ קוק, גלײַך ווי אויס מורא, ער זאָל, חלילה, נישט פֿאַרשפּעטיקן, מען זאָל אָן אים נישט אָפּעסן. דערווײַל רוקט זיך אַרײַן יענע ברייטע מויד מיט די פּאַמפּושקעס, אויסגעפּוצט שבתדיק, און זעצט זיך אויך צום טיש. חיה־טרײַנע מאַכט צו מיר, ווײַזנדיק מיט אַ פֿינגער אויף דער מויד: דאָס איז מײַן עלטערע טאָכטער, האָסיע־גרונע. דער עולם עסט, פֿריִער עפּעס מיט דרך־ארץ, אַ שעפּ מיט דעם לעפֿל און אַ לייג אַנידער, דערנאָך הייבט עס אָן גיין לעבעדיק, ראַשיק: אַ צען לעפֿל אַרבעטן געשמאַק אין איין שיסל און פֿליִען פֿון דאָרט געשווינד אין צען מײַלער, וואָס זופּן, איטלעכס אויף זײַן שטייגער, ס׳איז אַ כאַפּעניש, אַ בהלה, אַ זופּערײַ: „ווופּ־הופּ, הופּ־פּופּ״! מײַנע נײַ־געפֿונענע קרובֿים טרײַבן מיך אַלץ אונטער: „עסט, לאָזט זיך נישט בעטן״! און איך: „ווויפּ־פּפּיפּ״... אויף מײַן נוסח. דער יונגערמאַנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאָז פֿוילט זיך נישט, אַרבעט פֿאַר צען און גרונטעוועט זיך ביז דעם פֿויגל, וואָס קומט לסוף אַרויס, אויסגעמאָלט אינעווייניק אויפֿן דעק פֿונעם שיסל. אָפּגעפֿאַרטיקט זיך פֿון דער אַרבעט מיט אַ זיפֿץ טיף פֿונעם בויך, שטעלט ער אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגן און קוקט אויפֿן עולם; טוט פּלוצלינג אַ שטרעק די האַנט, אונטערהייבנדיק זיך אַ ביסל פֿונעם אָרט, גלײַך צו מיר, מאַכנדיק דערבײַ: „שלום עליכם! איר זײַט מיר עפּעס קענטלעך... מה שמכם?״ — איך זאָג אים מײַן נאָמען. ער שפּרינגט צַזש אונטער פֿאַר גרויס ווונדער:

— ר׳ מענדעלי!... ר׳ מענדעלי מוכר ספֿרים!! פּישש... אַ קאַטאָוועס עפּעס! ווער קען נישט ר׳ מענדעלין?! איך האָב געהאַט אַ מאָל די זכיה, אין גלופּסק נאָך, קויפֿן בײַ אײַך אַ בענטשערל.

— ר׳ מענדעלי איז מײַנער אַ קרובֿ! — זאָגט חיה־טרײַנע מיט גדלות, שמעלצנדיק זיך פֿאַר פֿרייד, און אָנווײַזנדיק מיר אויפֿן יונגנמאַנטשיק, מאַכט זי — דאָס איז אונדזער רבי! אַ נו, הושיעקעלע —

ווענדט זי זיך צום בחורל אָן דעם קאַפּאָטקעלע — ר׳ מענדעלי וועט דיך פֿאַרהערן. שעם דיך נישט, נישקשה, דער פֿעטער וועט דיך נישט אויפֿעסן.

שיקעלע האַלט אַ פֿינגער אין דער נאָז, קוקט אין דער זײַט אָנ־בלאָזנדיק זיך, פֿאַרציט דעם אַקסל און מאַכט:

— איך סעם מיך, סעם מיך...

— וויפֿל איז אַלט אײַער הושיעקעלע, זאָל לעבן? — פֿרעג איך דער מאַמען.

— מײַן הושיעקעלע, זאָל לעבן, איז אין וועסנע [24] געוואָרן בר־מצווה! — ענטפֿערט די גליקלעכע מאַמע.

— נו, הושיעקעלע — נעם איך דאָס בחורל אָן פֿאַרן בעקעלע — זאָג, שעם דיך נישט! וואָס גייט הײַנט פֿאַר אַ סדרה?

— זאָג, זאָג! טרײַבט מען הושיעקעלען אָן פֿון אַלע זײַטן — ער שטעלט־אויס אַ פּאָר אויגן און שווײַגט.

— ב... ב... ב... — מאַכט דער רבי מיט די גראָבע ליפּן.

— ב־ב... בהאַי! — לאָזט הושיעקעלע אויס אויף אַ קול, קוקנ־דיק צום רבין.

— נו, בלק, בלק... — זאָג איך אונטער און גיב ווײַטער הושי־עקעלען אַ פֿרעג — וואָס האָט אַזוינס בלק געשיקט זאָגן?

דער רבי לעקט דעם פֿינגער, בכדי דער תּלמיד זאָל זיך דערמיט אָנשטויסן.

— לעקן! — טוט הושיעקעלע אַ געשריי מיט אימפּעט.

— ווער, ווער? — טרײַבט הושיעקעלען אונטער דער רבי און עס ווערט אים גרינגער אויפֿן האַרצן, מיינענדיק אַז ער האַלט שוין מיט דעם תּלמיד זײַנעם אויף אַ שטיקל דרך — ווער, האַ?

— דער רבי! — שרײַט הושיעקעלע אויס אויף אַ קול.

— דו פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ איינער! — צעהיצט זיך דער רבי מיט כּעס — ווער, זאָגט בלק, וועט לעקן?

---

[24] (רוס׳) פרילינג.

— די ייִדן!... — טוט הושיעקעלע גיך אַ זאָג אויף אַ קוויטשיק קולכן.

— יאָ, די ייִדן, די ייִדן... הושיעקעלע! — זאָג איך, אַ גלעט געבנדיק אים דאָס בעקעלע — זייער וווּיל, דו קענסט.

די מאַמע איז גאָר איבער גליקלעך, האַלט די הענט אויפֿן בויך און קוועלט: אַז וווּיל איז, כ׳לעבן, דעם בויך, וואָס האָט אַזאַ תּכשיט געבוירן! דער טאַטע קײַט די צונג און האָט שטאַרק הנאה.

נאָך דער וועטשערע שמועסט מיט מיר חיה־טרײַנע איבער וועגן מײַן עסק אַזוי: אין אַ פּאָר שעה אַרום באַדאַרף אָנקומען מיין יאַנקאָ מיט די פּערד. דענסטמאָל, ר׳ מענדעלי, זעצט איר אײַך אויף רײַטנ־דיק אויף איינעם, מײַן מאַן אויף דעם אַנדערן פּערד און פֿאָרט פֿאַר־נעמען די בײַדלעך מיט דער סחורה דערווײַל אַהער. און ווײַטער וועלן מיר שוין זען. לעת־עתּה לייגט זיך אַ ביסל צו, אָט האָט איר אײַך אַ בעט מיט איבערבעטן.

— אַ שיינעם דאַנק! — רוף איך מיך אָן — אין די בעבעכעס, אַז איך וועל אַרײַנפֿאַלן, וועט שווער זײַן דערנאָך אַרויסצובאַקומען מיך פֿון דאָרט. גאָט ווייס וויפֿל איך קען דאָרט אָפּשלאָפֿן, און דאָ איז די צײַט טײַער. אָן אַנדערש מאָל אם ירצה השם, אַז איך וועל קומען צו אײַך מיט מײַן ווײַב און די קינדער צו גאַסט, דענסטמאָל, זעט איר, געזעגן איך מיך מיט אײַך אַלע און וואַרף מיך, אויף גאָטס באַראָט, אַרײַן טיף אין דעם תּ ה ו ם בעבעכעס אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צײַט.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאַכט חיה־טרײַנע מיט חן — זעט זשע, מיט אַלע קינדער טאַקע; נעמט אויך מיט יאַכנע־סאָסען, זאָגט זשע זיך נישט אָפּ, כאָטש נעמען אַ קישעלע אַהין אין אַלקערל.

— שלאָפֿט געזונט! — געזעגנט זי זיך מיט מיר — נישקשה, מײַנער וועט אײַך גאַנץ פֿרי, כּלחוך השור [25] אויפֿוועקן!

[25] ווען דער אָקס הייבט־אָן לעקן, קייען (פֿאַר טאָג).

— י —

חיה־טרײַנע איז טאַקע אַ כשרע ייִדענע, אַ גוטע, נאָר וואַנצן האָט זי געהאַט אין שטוב רשעים, זייער בייזע. זיי זײַנען מיך באַפֿאַלן ווי באַלד איך האָב מיך געלייגט אויפֿן טאַפּטשאַן [1] אין אַלקערל און די מלחמה צווישן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן.ביידע צדדים האָבן זיך פֿאַרעקשנט, געאַרבעט אין עסק: זיי — מיטן מויל, איך — מיט די הענט; זיי קריכן, איך שפּרינג אונטער; זיי מיט טענות: „דער טאַפּטשאַן איז אונדזערער, דרך־ארץ זשע, ר׳ ייִד, און לאָזט זיך בײַסן!״ — איך זיפֿץ, פֿאַרבײַס די ליפּן, קראַץ מיך מיט אַלע כּוחות; זיי אַ ביס — איך אַ קראַץ; זיי אויף מיר — איך אויפֿן קישן, אַראָפּ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, דאָס קישן! דאָס הינקעדיקע בענקל אויף דרײַ פֿיסלעך פֿאַלט אום; דאָס ליימענע קריגל מיט נעגלוואַסער — טראַך־טראַך; טאַראַקאַנעס אויפֿן דיל לויפֿן, דראַפּען, האַרמידערן; פֿעדערן פֿון דעם צעריסענעם קישן פֿליִען אין דער נאָז, אין די אויגן אַרײַן; דער טאַפּטשאַן אונטער מיר ריפּעט, סקריפּעט. אַ טאַראַראַם, אַ גערודער! איך בין דול, צעמישט, צאַפּל מיט אַלע גלידער און וואַרף מיך פֿון איין זײַט אויף דער אַנדערער. עס הערט נישט אויף צו בײַסן. עס שטינקט וואַנצן! — נמאס ווערנדיק מיר די גאַנצע מעשׂה, בלײַבט בײַ מיר עוקר צו זײַן. איך פֿאַרלאָז מײַן געלעגער, שפּרינג־אַראָפּ גלײַך צום פֿענצטער, צו אָטעמען אַ ביסל פֿרײַ און טו אַ קוק אין דרויסן אויף גאָטס וועלט.

אויפֿן בלויען הימל שטיל רויִק גייט די גילדענע לבֿנה. איר שײַנענדיק פּנים איז זייער ערנסט, עפּעס שטאַרק פֿאַרטראַכט. שאַ אַרום און אַרום!... איר פֿאַרטראַכטקייט וואַרפֿט אויף מיר אָן אַ זיסע מרה־שחורה. זי רעדט עפּעס צו מײַן האַרץ. די נשמה מײַנע נעמט זי מיר אַרויס מיט איר איטלעכן בליק. זי רופֿט אין מיר אַרויס אַ ים געפֿילן און עס טראַכט זיך, טראַכט זיך עפּעס גאָר פֿון זיך אַליין.

---

[1] סאַפּקע, געלעגער (אָרעמאַנסקע).

עס טראַכט זיך פֿון דעם ביטערן לעבן פֿול קרענקונג, אַלערליי ליידן מיט באַליידיקונג, פֿול פּלאָגן, אָנשיקענישן, אַלטע אויך נײַע, און צעפּעסטען מיך פֿאַר איר ווי אַ שלאָף קינד, נעבעך, פֿאַר דער מוטער: אוי, מאַמע, עס טוט וויי!... אוי, ווערט מען עס פֿאַרשוואַרצט, קומט מען עס אָפּ!... קאַרג קאָפּדרייעניש, בויכווייטיק, איז מען נאָך גרויס אין די אויגן; קאַרג אייגענע מכּות און ווונדן, האָט מען נאָך אויס־צושטיין געבראָטענע לייד; קוים, קוים וואָס מען זשיפּעט, פֿאַרגינט מען נאָך נישט דאָס שטיקל געפּלאָגטע לעבן. אוי, מאַמע, עס שמאַרצט, אוי, עס טוט וויי!... די לבֿנה קוקט אויף מיר מיט איר ליכטיקער צורה אַלץ ערנסט, פֿאַרטראַכט און דאַכט זיך, זי נעמט מיך אײַן: „שאַ, בידנע קינד, שאַ! וואָס זאָל מען טאָן?”... דאָס האַרץ וויינט אין מיר נאָך מער. הייסע טרערן טרעטן מיר אַרויס אין די אויגן. איך שפּאַר־אָן דעם קאָפּ אויף מײַן אָרעם, די זײַט מיט דער אָפּגעשווי־רענער פּאה דער לבֿנה אַקעגן. נאַ, זאָל זי זען, זאָל זי כאָטש זען!... עפּעס עפֿנט זיך אין מיר אַ קוואַל פֿון געפֿילן, צופּן מיך בײַם האַרצן, פֿאַרפֿלייצן מיר די געדאַנקען. די אויגן, אָנגעקוואָלענע ווי די באַנ־קעס, קוקן אין דער וועלט אַרײַן מיט אַ רירנדיקן געבעט: גוואַלד, העלפֿט, האָט רחמנות! עס טוט וויי, וויי, וויי... אַזוי כאַפּט זיך אויף פֿונעם שלאָף בײַ דער נאַכט אַ קראַנק קינד, נעבעך, יאָמערט פֿונעם האַרצן פֿאַר זיך אַליין, קוקט מיט די אייגעלעך בעטנדיק רחמים... נישטאָ קיינער! קיינער הערט נישט! אַלע שלאָפֿן שאַ!... אַ הינטל נאָר שטייט אויף דער גאַס וואַך, דער ווידל צווישן די פֿיס, דער קאָפּ פֿאַרריסן הויך און בילט מיט אַ קאַלטער לעבער אַקעגן דער לבֿנה, און זי גייט איר וועג רויִק, פֿאַרטראַכט, פֿון אַ הונטס בילן זיך גאָר נישט צו מאַכן...

אויפֿן האַרצן ווערט מיר גרינגער. עפּעס וואַרעמט מיך אינע־ווייניק אַ געפֿיל פֿון האָפֿענונג און טרייסט אָן ווערטער — אַזאַ גע־פֿיל, וואָס אַ ייִד פֿילט אַז ער וויינט זיך אויס פֿאַר גאָט אויף זײַנע צרות; אַזאַ געפֿיל, וואָס מאַכט דעם מענטשן ווייך ווי טייג, גוט אָן אַ

ברעג, גרייט איטלעכן אַוועקצוגעבן די נשמה, אַרומצונעמען די גאַנ־צע וועלט און זי אַ קוש צו טאָן פֿאַר גרויס ליבשאַפֿט.

„און זיי, די ווענצעלעך, זײַנען דען נישט גאָטס־באַשעפֿעניש? וואָס זײַנען זיי שולדיק, אַז זיי שטינקען, נעבעך? וואָס זאָלן זיי טאָן, אַז עס ליגט שוין אַזוי אין דער טבֿע זייערער צו בײַסן? טוען עס נישט פֿאַר שלעכטס, פֿאַר שׂנאה און צו להכעיס, נאָר פֿאַר דעם שטיקל פּרנסה; זיי ווילן, נעבעך, טרינקען, אָנזעטיקן זיך מיט יענעמס בלוט. מילא, לאָז שוין מײַנס איבערגיין. עפּעס דאָס ערשטע מאָל אין לעבן איז מיר דען וואָנצן? און וועלכער ייִד האָט דען נישט פֿון זיי צו זינגען און צו זאָגן?...

איך גיי־אַוועק פֿון דעם פֿענצטער און, זאָגנדיק „אין דײַן האַנט טו איך מײַן זעל באַהאַלטן", גיב איך מיך אַ וואָרף אויפֿן טאַפּטשאַן און — גאָר נישט, איך שלאָף!... חלומות האָב איך פֿײַנט צו דערציילן. נאַרישקייטן!

דאָס אויפֿשטיין אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי האָט מיר געקאָסט גרויס מי. עס האָט מיר ווי געטאָן איטלעכס אבֿר. נאָר די נויט האָט מיך געצוווּנגען און מיט מיר אַ טראָג געטאָן פֿון מײַן געלעגער. אַ ייִד לעבט מיט אימפּעט. די נויט טרײַבט אים צו לויפֿן, אַרומצויאָגן, צו טאָן, צו אַרבעטן. לאָז נאָר שוואַך ווערן אַ קאַפּעלע דער אימפּעט, בלײַבט ער ליגן ווי אַ דערהרגעטער. יום־טובֿ דערפֿילט אַ ייִד זײַנע ווייטיקן, דענסטמאָל האָט ער געווייינטלעך צײַט קראַנק צו זײַן...

די נויט האָט מיך פֿון מײַן געלעגער אויפֿגעהויבן. די נויט האָט מיך אויף די פֿיס געהאַלטן. די נויט האָט מיך רײַטנדיק אויף אַ פֿערד אויפֿגעזעצט. די נויט האָט מיר אין קאַרק געגעבן און איך האָב מיך גערירט פֿונעם אָרט אין איינעם מיט חיים־חנא חיה־טרײַ־נעס מאַן. האַרב איז בײַ אַ ייִדן נאָר דאָס ערשטע ריר; דערנאָך, אַבי אַ קוועטש די שפּרונזשינקע, גייט עס שוין ווי אויף פּוטער, ער קריכט שוין אַפֿילו וווּהין מען באַדאַרף נישט, וווּהין מען האָט אים כּלל נישט געבעטן. ער דראַפּעט זיך אַפֿילו אויף די גלײַכע ווענט. איך קום באַלד צו מײַנע קרעפֿטן, בין פֿריש און שטאַרק אויף דאָס נײַ.

אַז דער עולם זאָגט: „אַ ייִדישע נשמה קען מען נישט שאַצן", מסתמא איז רעכט. גאָר אין אָנהייב האָב איך גערעכנט, חיה־טרײַנע פֿריידט זיך דאָ מיט מיר אַזוי פּשוט, וואָס זי האָט דערטאַפּט פּלוצלינג אַ קרובֿ און נאָך אַזעלכן, וואָס רײַבט זיך אַרום ספֿרים! דאָס רײַבן זיך אַליין אַרום עפּעס אַ זאַך האָט שוין אַ גרויסן ווערט בײַ ייִדן. אַ ייִד, פֿון די שיינע באַלעבאַטים אַפֿילו, ווען עס קומט אים אויס צו האָבן אַן עסק אין די פּריסוטסטווועס [2], הייבט־אָן צום ערשטן פֿון סטאָראָזש [3] — ער רײַבט זיך דאָך פֿאָרט אַרום די אַדונים דאָרט — שמועסט מיט אים איבער און גייט־אַוועק צופֿרידן. לעת־עתה, טראַכט ער, איז געגוג. דער סטאָראָזש איז נישט קיין שלעכטער מענטש. דער שמש, וואָס רײַבט זיך אַרום אַ ייִדישער שקאָלע, הייסט בײַ אַ טייל פֿון ייִדישן עולם „דער אינספּעקטאָר"; דער ייִדישער בריוו־טרעגער — פּאָטשטאַר, דער ייִד פֿון דער פּאָטשט — אַזוי פֿיל כּמעט ווי פּאָטשט־מײַסטער. קורץ, ווי מען זאָגט טאַקע: „דעם רבֿס שיקסע קען פּסקע־נען שאַלות"... בײַ דער ווערטשערע, אָנקוקנדיק די דיקע, ברייטע מויד, וואָס שוין צײַט איר אונטער דער חופּה, איז מיר שוין אַרײַן אין נאָז, אַז חיה־טרײַנעס פֿרייד באַטײַט, איך קען איר צו נוץ קומען צו אַ שידוך... און, דאַכט זיך, גאָר אויף מיר גופֿא האָט זי אַן אויג... דעריבער טאַקע האָט די מויד אַזוי שבתדיק זיך אויסגעפּוצט... דאָס איז מיר דערנאָך קלערער געוואָרן פֿון חיים־חנאָס רייד, פֿאַרנדיק מיט מיר אויפֿן וועג. עפּעס האָט ער צו פֿיל אויסגעפֿרעגט מיך וועגן מײַן בחורל מיט אַזאַ שמועס:

— אַזוי! איז אײַער בחורל שוין געוואָרן, אײַער בחורל, בר־מצווה און נאָך נישט קיין חתן, נישט! איך אין זײַנע יאָרן האָב שוין חתונה געהאַט, אין זײַנע יאָרן. מײַן חיה־טרײַנע לאָזט מיך די נעכט נים שלאָפֿן: גוואַלד, אַ בחורל! וואָס ליגסטו, גזלן, אַזוי?... גוואַלד, אַ חתן! די בתולה מײַנע האָט איר דאָך געזען, די בתולה, אַ גוטע באַלעבאָסטע. אפֿשר טאַקע שוין צײַט איר חתונה צו מאַכן, שוין

---

[2] ווערבירשטעל פון רעקרוטן. — [3] (רוס׳) הויזהיטער.

צײַט אפֿשר? וואָס זאָגט איר, ר׳ מענדל? עפּעס זײַט איר דאָך אַ ייִד אַ למדן, שוין צײַט? מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאַכט איבערגעשמועסט... איר זײַט בײַ איר שטאַרק חשובֿ, זײַט איר. אַלץ קומט אומגעריכט. באַדאַרף זיך גראָד מאַכן אַ מעשׂה און איר האָט פֿאַרבלאָנדזשעט צו אונדז... זייער אָנגעלייגט, כ׳לעבן. איז אײַער בחורל שוין, זאָגט איר, בר־מצוה, אײַער בחורל?

אין דעם, ווי מיר שמועסן דאָ אַזוי, קומען מיר צום אָרט פֿון די בײַדלעך. פֿריִער באַטראַכט איך גוט מײַן בײַדל אין איטלעכס ווינקעלע. ברוך השם, אַלצדינג דאָ אין גאַנצן, און לאָז מיך צו גיין דערנאָך צו אַלטערס בײַדל. דאַכט זיך, אויך נישט גערירט. עס שטייט אויף זײַן אָרט. נאָר קוים נעם איך מיך צום לאַנטוך[4], מיט וועלכן דאָס בײַדל איז איבערגעדעקט, און טו אַ טאַפּ, בין איך פֿאַרצאַפּלט געוואָרן; עס רירט זיך עפּעס אונטער אים... איך שפּרינג־אָפּ שטאַרק דערשראָקן אויף צען איילן אין דער זײַט. דאָס לאַנטוך הייבט זיך דערווײַל אויף און איך דערזע פֿאַר מײַנע אויגן זיצנדיק אויפֿן וואָגן מיט אַ פֿאַרבונדענעם קאָפּ — אַלטער יקנה״ז!...

— יא —

וואָס מיט אַלטערן איז פֿירגעגאַנגען, ווו ער איז הינגעקומען, פֿון וואַנען ער האָט פּלוצלינג זיך גענומען און פֿאַר וואָס דער קאָפּ איז אים פֿאַרבונדן? — די דאָזיקע שאַלות דערקלערט אונדז באַלד אַלטער מיט זײַן כשר מויל אַליין, אַזוי:

— מילא, גיי איך מיר נאָך די פֿערדלעך. בקיצור נישטאָ קיין פֿערדלעך! נישמער, טראַכט איך מיר, גאָר נישט. אַ פּנים זיי זײַנען פֿאַרגאַנגען ווײַטלעך. גראָז אין וואַלד איז זייער גוטע, שאָטן אויך דאָ. פֿאַר וואָס נישט? אַ מענטש, להבֿדיל, זוכט אויך, ווו גוט איז.

---

[4] וואַקסטאָך.

מילא, גיי איך מיר ווײַטער, ווײַטער, פֿאַרשטייט איר מיך. מען הערט נישט, מען זעט נישט. וואָס טוט מען דאָ? ס'איז דאָך עפּעס שפּיל! פלוצלינג דאַכט זיך מיר אין וואַלד עפּעס אַ שאָרך אויף יענער זײַט פֿון אַ טאָל. מײַנער באַלד טאָקע אַראָפּ, אַרויף, אַהין, אַהין, בקיצור גאָר נישט. דערווײַל ווערט שפּעטלעך, ס'איז שוין טונקל, עפּעס גאָר נישט קיין גוטער משׂא־ומתּן!... דאַכט זיך מיר ווידער אַ שאָרך, איך ווײַטער אַהין, דריי מיך, זוך און ווײַטער גאָר נישט. עס פֿאַרדריסט מיך שוין, פֿאַרשטייט איר מיך. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג? בקיצור, ווידער אַ שאָרך און עפּעס ווי טריט. אָט האָסטו זיי, די שיינע לײַט! אַ קרענק זיי אין די ביינער! — פֿלוך איך שטאַרק אויפֿגעבראַכט און דערשלאָג מיך אַהין, ערגעץ אין אַ העק, צווישן געדיכטע צווײַגן. אַהאַ, ס'איז דאָ, דערטאַפּט!... וואָס? צו אַלדי שוואַרצע יאָר, עפּעס אַ רויטע קו!... אַ קו, וואָס ווי גע־ווײנטלעך זיך פֿון דער טשערעדע אָפּגעריסן און פֿאַרגאַנגען אין וואַלד. אַצינד וואָס? איך ווייס גאָר ניט, ווו איך בין. נישמער שטיין איז קיין תּכלית נישט. מילא גיי איך מיר אין צרות, אויף גאָטס באַראָט און פֿאַרגיי מיר צו אַ פֿײַערל, וואָס האַלט בײַם אויסגיין. האָלאָוועשקעס רייכערן זיך. ס'איז נאָך דאָ אין זיי אַ פֿונק. דאָס גראָז אַרום און אַרום אויסגעטראָטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פֿון אייער, פֿון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויך צעריסענע שמאַטעס און שמאַטקעלעך. דאָ איז אַ פּנים, געווען אַ היפּשע קאָמפּאַניע און ווי עס זעט־אויס, אַ כאָפּטע ציגײַנער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער עסק! ציגײַנער האָבן ליב צו לקחענען. פלוצלינג דאַכט זיך פֿון גאַנץ ווײַט עפּעס אַ קול. אפֿשר רופֿט עס דאָרט ר' מענדעלי? — גייט מיר איבער אַ געדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קול, דאָ הערט עס אויף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן, און וואָס נענטער, ווערט אַלץ שרעקלעכער, ווי איינער שרײַט געוואַלד!... עפּעס גאָר אַ שרעק, כ'לעבן! נישמער גאָר נישט. איך טו מיר מײַנס און גיי. עס העלפֿט נישט, נאָר קוק מיך גוט אַרום און היט די ביינער. בקיצור, אַקעגן מיר וואַקסט־אויס פֿון דער

ווײַטנס עפּעס אַ קרעטשמעלע, אַ חורבֿהלע אויף הינערשע פֿיסלעך, עפּעס איז מיר עס נישט געפֿעלן. איך באַהאַלט מיך אַ ביסל אין דער זײַט צווישן צווײַגן. גראָד טאַפּ איך דאָרט אָן עפּעס אַ דרענגל. נעם עס אין דער האַנט, פֿאַרשטייט איר מיך, ליתר־בטחון. זיץ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זײַן. עס קומען מיר אין קאָפּ אַרײַן שרעקלעכע זאַכן, מעשׂיות מיט גזלנים און גלופּסקער גנבֿים. פּלוצ־לינג ווײַטער אַ געשריי, אַ ביטער געשריי, ווי פֿון איינעם וואָס איז אין אַ גרויסער סכּנה און, דאַכט זיך, דאָס ביטערע געשריי איז פֿון חורבֿהלע. עס כאַפּט מיך אָן בײַם האַרצן. עס טראָגט מיך אונטער פֿונעם אָרט און איידער מיך צו באַטראַכטן שטיי איך שוין נעבן קרעטשמעלע, אַליין נישט רעכט צו געדענקען, ווי אַרום האָב איך מיך דאָ גענומען. עפּעס געפּיקט האָט מיר אַלץ אין קאָפּ: אַך איי־גענער, אַן אייגענער! אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, אפֿשר איז גאָר ר׳ מענדעלי אין אַ סכּנה. איך ווייס דען, אַ פּנים, ווו איך בין? ס׳איז טאַקע אַ מורא, נישמער גאָר נישט! מײַן טויט זאָל דאָ זײַן, מוז איך מיך דערגיין, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס. עפּעס בין איך דאָך אַ שטיקל עקשן אויך. בקיצור, איך גיי מיר פּאַמעלעכן און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך אַ פֿאַרדומפּט קול. איך קום־צו נעבן אַ צעשאָטענעם טויער, קוים וואָס ער האַלט זיך פֿאַר אַלטקייט. מײַנער — פּוץ אַרײַן איבעווייניק אין אַ גרויס הויז. גיי איך אויף די שפּיץ פֿינגער, זוך, נישטער אין דער פֿינצטער. שאַ, שטיל. איך נעם־אַרויס פֿון דער קעשענע אַ פּעקעלע מיט עטלעכע שוועבעלעך, רײַב, רײַב מיט אַ ציטערדיקע האַנט — אומזיסט! — עס וויל נישט ברענען. דאָס לעצטע צינדט זיך לסוף אָן און באַלד טאַקע לאָזט זיך הערן אַ געשריי גאָר אין איין אָטעם, ערגעץ פֿון דער זײַט דאָרט. דאָס שוועבעלע פֿאַרלעשט זיך און — גאָר נישט. איך טאַפּ אין דער פֿינצטער, קריך ערגעץ אַרײַן און שלאָג מיך אויף עמעצן עפּעס אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאַפּויער. פֿרעג מיך בחרם, אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט איך בין. בקיצור, בײַ דער שײַן פֿון דער אויפֿגייענדיקער לבֿנה, דורך אַ קליין אויסגעשלאָגן פֿענצ־

טערל, אין אַ פֿאַרשימלטן חדרל אָן אַ טיר, דערזע איך, ליגט איינער געבונדן, ווי אַ שאָף, מיט הענט און מיט פֿיס, איז נעבעך טויט, בלייך ווי די וואַנט, קוים, קוים וואָס ער זשיפּעט.

— גאָט האָט אײַך געבראַכט אַהער — זאָגט דער אומגליקלעכער פֿאַרשוין — בינדט מיך גיכער אויף, וואָרעם איך בין פֿאַרבײַ. די שטריק האָט מיר זיך אײַנגעשניטן אין דעם לײַב און עס ברענט מיך אַ טרונק!

— ווער האָט אײַך אַזוי געפּענטעט? — טו איך אַ פֿרעג, נעם באַלד אַרויס מײַן מעסער און שנײַד־אויף די שטריק.

אין זײַן טאַטנס טאַטן אַרײַנגעפֿלויגן, שעלט דער פֿאַרשוין, אויסגלײַכנדיק די ביינער:

— אַזאַ ממזר, נאָטקע גנבֿ!

— וואָס, אַ גנבֿ?! — רוף איך מיך אָן, שאַרף אָנקוקנדיק דעם פֿאַרשוין.

— יאָ, יאָ, אַלצדינג אין דער קאָרט! ערשט הײַנט נאָך האָט ער געגנבֿעט אַ פּאָר פֿערד.

איך שפּרינג אַזש אונטער הערנדיק אַזוינס. בקיצור, איך הייבאָן באַלד טאַקע דעם פֿאַרשוין אויסצופֿרעגן, זאָג סימנים און עס קומט אַלצדינג קלאָר אַרויס ווי בוימל אויפֿן וואַסער. בײַ יענץ פֿײַערל אין דעם וואַלד זײַנען געזעסן גאַנצע כאָפּטעס שלעפּערס, פֿײַנע לײַט. איינער פֿון די שיינע נפֿשות האָט זיך געלאָזט שפּאַצירן דאָרט און צוגענומען אונדזערע פֿערדלעך. איך דערגיי מיך דעם וועג, אויף וועלכן די שלעפּערס האָבן זיך געלאָזט פֿאָרן, און עס בלײַבט בײַ מיר, באַלד אָן שהיות נאָך די גנבֿים זיך צו לאָזן. דער פֿאַרשוין פּרוּווט מיך אָפּהאַלטן, לייגט מיר שטיינער אויפֿן האַרצן: ער האָט מורא; דער ממזר זײַנער איז אַ רוצח; מיט אים פֿאָרן־נאָך בוידן פֿאַרשוינען, אַלע כמעט אַזעלכע ווי ער. מיך אָבער האָט עס נישט געלאָזט רוען. בלײַבן אָן אַ פֿערד קען איך נישט.

— ניין, ניין! איך מוז זיי דעריאָגן, עס מעג זיך זײַן וואָס עס וויל! לאָזן שפּײַען זיך אין דער קאַשע קען איך נישט. אַ רגע איז

אַצינד טײַער: בלײַבט איר דאָ, רוט זיך אויס, בײַ מײַן צוריקקומען מיט די פֿערד, אם ירצה השם, נעם איך אײַך און מיר פֿאָרן ביידע פֿון דאַנען אַוועק. — אַזוי זאָג איך דעם פֿאַרשויך, צו וועלכן עס ציט מיר עפּעס שטאַרק דאָס האַרץ, נעם די פֿיס אויף די פּלייצעס און לאָז מיך געשווינד אין וועג אַרײַן.

דאָס אַלטע וויסטע קרעטשמעלע שטייט אַרײַנגערוקט אַ ביסל אין וואַלד בײַ דעם שליאַך, ווו עס טיילן זיך וועגן אין פֿאַרשיידענע זײַטן. לינקס פֿאָרט מען קיין גלופּסק, קיין וואָליק, און רעכטס אין שטעט פֿון פּאָדאָליער גובערניע. איך נעם מיך רעכטס. בקיצור, איך גיי נישט, נאָר איך לויף. אין כּעס בין איך — אַ שרעק! איך וואָלט צעריסן דעם גנבֿ ווי אַ הערינג. עס פֿעלט מיר מער נישט צו די גוטע עסקים, בלײַבן זיצן אין פֿעלד אָן אַ פֿערד, אָן אַ גראָשן געלט. נישמער — גאָר נישט. מײַנע פֿיס הייבן־אָן זיך אָפּצוזאָגן פֿון דעם גיכן גאַנג. דער מאָגן וויל נישט וויסן פֿון קיין שום זאַך און מאָנט עסן. אַ קלייניקייט עפּעס אַזאַ גרויסן טאָג אָפּצופּאַסטן. שלעכט! עס עסט מיך דער געדאַנק: פֿאַרפֿאַלן די מי, אומזיסט דאָס לויפֿן! זיי, די שיינע נפֿשות, זײַנען אַוועק אַ היפּשע צײַט פֿריִער פֿון מיר — און וואָס נאָך? זיי פֿאָרן, אַקעגן זשע איך גיי צו פֿוס. עס שטאַרקט מיך נאָר איין האָפֿענונג: טאָמער וועט אָנלויפֿן עפּעס אַ פֿורל. אַ גליק נאָך, וואָס די לבֿנה שײַנט און מען קען כאָטש זען ווי אין העלן טאָג. בקיצור, איך גיי, שוין נישט אַזוי געשווינד, מיט אימפּעט, ווי פֿריִער, אָבער איך גיי, נעם מיר אַרויס די אויגן קוקנדיק. נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש. נישמער — גאָר נישט. איך טו מיר מײַנס, אַלץ ווײַטער, ווײַטער. נעם איך מיך צו עפּעס אַ זאַך, פֿאַרשטייט איר מיך, לאָז איך עס אַזוי גיך נישט אָפּ. בקיצור, דאַכט זיך, אַ קלאַפּן פֿון רעדער... אין דער ערד מיטן קאָפּ! אויף צעשפּרינגעניש פֿאָרט מען מיר גאָר אַקעגן, נישט אין דער זײַט, ווהין איך באַדאַרף. אײַ, אַ מזל, מײַן פֿינצטער מזל! — איך ווענד מיך צו איין פֿורל, צו דעם אַנדערן. אַלע זײַנען שיכּור לוט. אַצינד, פֿאַרשטייט איר מיך, ווער איך שוין גאָר מיאוס אין כּעס. אָבער

ווי נאָך אין כּעס!... און טו מיך אַ לאָז ווײַטער מיט אימפּעט. איך בין שוין אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע וועג, ס'איז שוין טאַקע גוט שפּעט. אין מיר איז נאָך דאָ אַלץ אַ האָפֿענונג, עס וועט מיך אָניאָגן אַ פֿורל. און פֿון דער ווײַטנס דאַכט זיך טאַקע: עפּעס פֿור־לעך. נאָר אין דער ערד מיטן קאָפּ! ווידער טאַקע מיר אַקעגן... ניין! טראַכט איך, הײַנטיקס מאָל לאָז איך עס אַזוי נישט אָפּ. דאָס לעצטע, וואָס בײַ מיר געפֿינט זיך, גיב איך אַוועק, אַבי מען זאָל מיך אונטערפֿירן. איך טרײַב מיך אונטער, גיי מיט קוראַזש, נאָר די פֿורלעך דאָרט רירן זיך, דאַכט זיך, נישט. שטייען עפּעס אויף איין אָרט.

אַ האַרצווייטיק נאָר, אַ צעשפּרינגעניש! נישמער — גאָר נישט. בקיצור, צוקומענדיק נענטער, דערזע איך, דאָס זײַנען בײַדלעך. עס פֿאַלט מיר באַלד אײַן, אפֿשר זײַנען עס די פֿײַנע־לײַט. איך האַלט־אײַן דעם גאַנג, גיי מיר שטיל, פּאַמעלעכן און טראַכט — וואָס טוט מען? בײַ דער זײַט וועג ציט זיך אַ וועלדעלע. מײַנער — אַרײַן אַהין, באַהאַלט מיך צווישן ביימער. פֿון וואַנען — איך קוק־אַרויס און באַטראַכט די בײַדלעך אַקעגן. יאָ, דאָס זײַנען מיט אַלע סימנים זיי, זיי! איין בײַדל ליגט אָנגעבויגן צו דער ערד, אַרום אים אַ גאַנץ פּעקל: מאַנסבילן, ווײַבער, יונג און אַלט, קינד און קייט, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע. דער האַקט, יענער קלאַפּט. איי־נער גיט עצות, דער אַנדערער פֿלוכט, זידלט. ווײַבער קוויטשען און קינדער שרײַען, פּישטשען. ס'איז אַ געשעלטערײַ, אַ געבייזערײַ, אַ פּאַטשערײַ, אַ כאָרכלערײַ מיט אַ געוויין און אַ געלעכטער אין איינעם. צווישן דעם רעש הערן זיך קולות:

— שולדיק איז דאָס נײַע פֿערדל, פֿאַרברענט זאָל עס ווערן! אַזאַ פּליאַגע! דעם גאַנצן וועג האָט עס געצויגן אַלץ אין דער זײַט, אויף צו להכעיס אַלץ אין דער זײַט... עפּעס אַ פֿאַרשלעפּ־טע קרענק, פּגרן זאָל עס! פֿײַוושעס כּשרע מציאה, אַ כאָלערע אויף אים! פּיסקאַטשעס, שטינקפֿעלעך, קוליעס שטרוי אָן הענט, אָן

אויגן, גאָר נישט, נאָר פֿרעסן, דריכנען[1]! — זידלט זיך אײנער, אַ רויטער יונגאַטש מיט ברייטע פּלייצעס, און װײַזט דערבײַ איטלעכן אַ קולאַק. איך זוך מיט די אויגן און דערזע: אין די אָבעדרײַקעס מיט שלייעס[2] שטייט אָפּגעשפּאַנט, בײַ דעם הינטערשטן בײַדל, אײַער פֿערדל, ר׳ מענדעלי! מען האָט אים, אַ פּנים, מכבד געװען גײן אויפֿן דראָנזשיק[3]. אײַ, חכם מײַנער! מאַך איך פֿאַר פֿרייד, דו האָסט זיי אָנגעמאַכט אַ גוטע חתונה, נישקשה!... װוּ זשע איז ערגעץ מײַן שלימזלניצע? מײַן שקאַפּע, זע איך, שטייט צוגעבונדן הינטער דעם דאָזיקן בײַדל טאַקע. איך באַטראַכט מײַן דרענגל, נעם אַרויס מײַן מעסער און לאָז מיך אַזוי שטילערהייט װי אַ קעצעלע צום בײַדל, בשעת די כאַפּטע איז שטאַרק באַשעפֿטיקט דאָרט מיט דער אַקס, שנײַד געשווינד איבער די שטריק, כאַפּ מיך אַרויף רײַטנדיק און פֿאָר מיט בײדע סוסים אָן אַ זײַט געזונט אַוועק. מילא, גאָר נישט, באַדאַרף גאָר, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אײנער פֿון דער כאַפּטע דערזען, מאַכט אַ געפּילדער און עס װערט אַ קאָכעניש.

דער רויטער יונגאַטש, זע איך, יאָגט הענדום־פּענדום און אָטאָט דעריאָגט ער מיך. מײַנער שמײַסט, טרײַבט די פֿערד, זיי לאָזן זיך הײַנטיקס מאָל נישט בעטן און לויפֿן װי װײַט נאָר זיי קענען. דער רויטער איז שוין װײַטלעך אַ ביסל הינטער מיר. באַדאַרף מײַן שקאַפּע זיך פֿאַרפּלאָנטען אין די שלײַעס פֿון אײַער פֿערדל, װעלכע איך האָב אין אײַלעניש נישט אַראָפּגענומען. עס פֿאַלט און עס װערט אַן עיכּוב[4]. דערװײַל יאָגט־אָן דער רויטער יונגאַטש, אָנגעצונדן װי אַ גזלן און װאַרפֿט זיך אויף מיר װי אַ חיה רעה. מיר ראַנגלען זיך מיט אַלע כּוחות, שטום, נישט צו ריידן קיין װאָרט פֿאַר גרויס כּעס. מיר װילן אײנער דעם אַנדערן אומװאַרפֿן און פֿאַלן בײדע אַרומנעמענדיק זיך שטײַף, אַזוי אַז די בײנער קנאַקן. בקיצור, מיר אַרבעטן געשמאַק, אָט בין איך פֿון אויבן, דער רויטער

[1] כראָפּען, שלאָפֿן. — [2] פֿערדגעשפּאַן אויפֿן בויך. — [3] געפֿירט נישט װי עס דאַרף צו זײַן. — [4] אָפּהאַלט.

אונטן, קוועטשט אַזש דער רוח נעמט אים; פּלוצלינג בײַטן זיך די יוצרות: ער פֿון אויבן און איך אונטן. נישמער — גאָר נישט. איך דערלאַנג אים, פֿאַרשטייט איר מיך, אין דער זיבעטער ריפּ, אין דער דיך [ה]. ער שפּרינגט־אונטער און בלײַבט ליגן שטיל, ווי טויט. מילא, גאָר נישט. דאָס איז געווען נאָר אַן אָנשטעל. איך לאָז אים אָפּ און דאָס טאַקע האָט ער געמיינט. ער באַברעט [ו] זיך דערווײַל שטיל און באַקומט־אַרויס בײַ זיך פֿון דער קעשענע אַ מעסער. — עהע, אַזאַ בחור ביסטו? — טו איך אַ געשריי — גיב אים אַ זעץ איבער דער האַנט, אַזוי אַז דאָס מעסער פֿאַלט אים אַרויס און פֿאַרפֿליט ווײַט. ער נעמט זיך צונויף מיט אַלע קרעפֿטן, גיט זיך אַ וואָרף אויף מיר פֿלינק ווי אַ קאַץ, דראַפּעט מיר דעם האַלדז, און אָט־אָט שטעקט ער מיר אַרײַן די פֿינגער אין גאָרגל. פּלוצלינג הערט זיך פֿון דער ווײַטנס אַ גלעקל. דאָס מאַכט אויף אים אַ מורא. ער איז דאָך פֿאָרט אַ גנבֿ.

— אײַער טריפֿהן מזל — ברומט ער ווי אַ בער — וואָס דאָס גלעקל... נאַט אײַך זשע אַ מתּנה!... ער טוט מיר אַ טראַך אין קאָפּ און ווערט פֿאַרשוווּנדן. איך שטיי באַלד אויף, כאַפּ מיר ווידער אַרויף רײַטנדיק און פֿאָר מיר מײַן וועג. שפּעטער ערשט דערפֿיל איך דעם ווייטיק, טו מיך אַ טאַפּ, בע, אויפֿן שטערן איז מיר אַ בײַל! נישמער — גאָר נישט. מײַנס האָב איך אויסגעפֿירט. די פֿערד־לעך, פֿאַרשטייט איר מיך, זײַנען בײַ מיר.

— בענטשט גומל, וואָס ס׳האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט. — רוף איך מיך אָן און נעם אַלטערן אַרום פֿאַר פֿרייד.

— נישקשה! — מאַכט אַלטער — לאָז דער רויטער דאָרט אויך בענטשן גומל, וואָס אַ מעת־לעת האָב איך גאָר נישט אין מויל געהאַט און בין געווען שטאַרק מיד. אָבער אונדזערע סוסים זײַנען דאָ.

— וווּ זײַנען זיי, די ליבן אונדזערע? — פֿרעג איך, אַרומ־קוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן.

---

[ה] זייט, ביים אייבערשטן טייל פון בויך. — [ו] גראַבלט.

— האָט צײַט אַ ביסל, ר׳ מענדעלי! — ענטפֿערט אַלטער — דער פֿאַרשוין, מיט וועלכן איך בין צוריקגעקומען, האָט געפֿירט די לייבן אָנטרינקען דאָרט אַראָפּ נידעריקער, ווו ס׳איז דאָ אַ טײַכל און גוטע גראָז. זײַט רויִק, נישקשה, ער גיט אויף זיי גוט אַכטונג. איך בין אויך נישט לאַנג געקומען. מיד, צעבראָכן, לא עליכם, טו איך מיך אַ וואָרף אין בײַדל און דעק מיך איבער מיט דעם לאַנטוך כאַפּן אַ דרעמל. נאָר קוים וואָס איך מאַך־צו איין אויג, קומט איר אָן, ר׳ מענדעלי, און געלויבט איז גאָט, וואָס מען זעט זיך געזונט... וואָס גייט איר עס עפּעס פֿאַרבונדן, ר׳ מענדעלי? האַ, די ציין?

— איר, ר׳ אַלטער — זאָג איך — איר זײַט געקומען פֿאַרבונדן דעם קאָפּ, מיט אַ בײַל, איך פֿאַרבונדן, אָן אַ פּאה, איר מיט אַ פֿאַר־שוין און איך מיט ר׳ חיים־חנא, חיה־טרײַנעס מאַן! — שטעל איך אים צום צווייטן מאָל פֿאַר שוין מיט דעם גאַנצן טיטל.

אַלטער שטעלט־אויס די אויגן, קוקט אויף מיר מיט אַ פֿרעג.

— וואָס הייסט? — מאַך איך שטאַרק פֿאַרוווּנדערט — איר קענט נישט חיה־טרײַנען!

— מילא, חיה־טרײַנע איז חיה־טרײַנע! — מאַכט אַלטער פֿאַר־וווּנדערט צוריק — אָבער די פּאה? וואָס געהער זיך עס אָן מיט אײַער פּאה?

— אַ קרובֿה, מײַן ווײַב געהער זיך אָן אַ קרובֿה! — רופֿט זיך חיים־חנא אָן תּמעוואַטע.

און ווי מיר שמועסן זיך דאָ אַזוי, זיצנדיק אויפֿן גראָז, ווײַזן זיך פֿון דער ווײַטנס אונדזערע לייבן, העצקענדיק זיך, קלאָמפּערשט ווי זיי לויפֿן. עפּעס האָט זיי אין מײַנע אויגן דאָס פּנים זיך געענ־דערט פֿון נעכטן אָן. זיי פֿאַררײַסן די קעפּ מיט גאווה, גלײַך ווי גע־רעדט: לאַך דיר לאַך, פֿון דעסט וועגן האָט זיך אויף אונדז געפֿונען אַ בעלן, געהאַט שטאַרק חשק און אונדז אַוועקגעגנבֿעט, נישקשה, מיט אַ שמאַטע אויפֿן פּוס, מיט רינענדיקן אויג, פֿון דעסט וועגן, אַז מען באַדאַרף גיין אויפֿן דראָגזשיק, גייט מען, און אָן אַקס אַז מען באַדאַרף צעברעכן, קענען מיר אויך, נישט ערגער פֿון אַנדערע.

אַז אַך־און־ווײ איז אונדז, נאָר וואָס מיר זײַנען ייִדישע. איר, ר׳ ייִדן זײַט זיך נאָר מתחייבֿ אײַערע פֿערד קעסט און געבן גיט איר זײ מכּות... איך דערלאַנג מײַן פֿערדל, בשעתן צוקומען צו מיר, אַ קליין זעצעלע איבער דער מאָרדע מיט אַ שמייכעלע: דו, שקאָץ איינער!

באַלד דערויף קומט אויך צו אַלטערס פֿאַרשוין. איך טו אַ בליק און לאָז־אַרויס אויף אַ קול, אַ פּאַטש געבנדיק מיט בײדע הענט:

— פֿישקע! מען זאָל געווען דערמאָנען משיחן, וואָלט ער געקומען.

— יענער פֿישקע? פֿון וועלכן איר האָט מיר דערציילט? — פֿרעגט אַלטער זייער פֿאַרוווּנדערט.

— יאָ, יענער, דער פֿון דער באָד! — נו, שלום עליכם פֿישקע!

— איך האָב אײַך, ר׳ מענדעלי, אויכעט דערקענט! — זאָגט פֿישקע אָפּשטעקנדיק מיר צוריק אַ שלום עליכם.

— אײַער פֿישקען קומט אַ דאַנק — מאַכט אַלטער צו מיר — ווען נישט ער, וואָלטן מיר אונדזערע פֿערדלעך געזען ווי אונדזערע אויערן.

— ווען נישט ר׳ אַלטער — מאַכט פֿישקע אויך צו מיר — וואָלט פֿישקע אַ מיתה משונה אײַנגענומען.

— איך האָב שוין געהערט, געהערט! — רוף איך מיך אָן — זאָג בעסער, פֿישקע, פֿון וואַנען האָסטו זיך אַהער גענומען?

— ס׳איז אַ לאַנגע מעשׂה — ענטפֿערט פֿישקע, אָוועקקערנדיק דעם קאָפּ אין דער זײַט.

איך שטיי אַ רגע און באַטראַכט פֿישקען. ער איז, נעבעך, נאַקעט און באָרוועס, מיט געשוואָלענע, פֿאַרבלוטיקטע פֿיס, פֿאַרברענט פֿון דער זון און דאַר ווי אַ צווימשטעקל, נאָר הויט און ביין. דאָס האַרץ האָט געריסן קוקנדיק אויף אים. ער האָט געמוזט, נעבעך, גענוג צרות אויסשטיין. איך נעם אים בײַ דער האַנט און זאָג:

— דײַן מעשׂה, פֿישקע, וועלן מיר שפּעטער הערן. עס וועט נאָך זײַן צײַט. אַצינד דו זיך אַ ביסל אויס דאָ מיט אונדז.

— יב —

פֿאַר אַ ייִדישן בעל־לשון וואָלט געווען גענוג מאַטעריאַל אויף אָנצושרײַבן אַ שיינעם פּזמון פֿון אונדז אַלע, דענסטמאָל, אין יענעם שיינעם פֿרימאָרגן. ס'איז דאָ צום פּזמון פֿיר באַווײַבטע ייִדן, ווי זיי ליגן זיך צעשפּיליעט אויפֿן גרינעם גראָז, האָבן הנאה און שווײַגן. אויך אַ זון מיט שטראַלן, הימל, נאַטור, טויטראָפּן, שפּילפֿייגעלעך און פֿערדלעך, איינס שענער פֿונעם אַנדערן. דערצו וואָלט ער דאָך געמעגט געבן אַ גמילות־חסד עפּעס פֿון זײַנס אויך: אַ טשערעדע שאָף, וואָס פֿיטערט זיך אויפֿן געמיזעכץ, אַ קלאָר רינענדיק וואַסערל, וווּ „אינדן טוען צעברעכן זייער דאָרשט", און אונדז — פֿײַפֿעלעך איך מויל, אויף וועלכע מיר שפּילן און שאַלן ווי די פּאַסטעכער אַ ליבּ־ליד דער געליבטער כלה אין שיר השירים. טאָרבעס זײַנען דאָ בײַ אונדז, ברוך השם, אייגענע, נישט צו באַדאַרפֿן זײַנס. בײַ אים בלײַבט עס... נאָר אָבער עד כּאַן, ביז דאַנען. ווײַטער, ר' ייִד, רוקט זיך נישט! צו מיר אין דער נשמה אַרײַנקריכן, אַרײַנלייגן דאָרט אײַערע חכמה־לעך, פֿוילע פּשטלעך — דאָס איז נישט פֿאַר אײַך. דערויף איז שוין דאָ פֿאַר אײַך אַנדערע ערטער... מײַנע געדאַנקען גיב איך איבער בעסער אַליין.

פּשוט איז פּשוט. איך ליג מיר בקאָמפּאַניע צעלייגט, קוק מיט אַ פּאָר אָפֿענע אויגן און האָב זיך משונה הנאה. וואָס? גאָר נישט. עפּעס איז מיר גוט אויפֿן האַרצן גלאַט אַזוי אָן ווערטער. דאָס צו־טרימקען[1] מײַנס דערבײַ איז אויך נישט מיט אַ כּוונה צו געבן קאָנצערט אָדער צו שאַרפֿן די כּלי, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַטרים־ברים, ברים־טרים... אַזוי געוויינטלעך טרימקעט אַ ייִד אָן ווערטער, אָן אַ שום געדאַנק, ווען די דאגות הפּרנסה לאָזן אים אַ ביסל נאָך. אַזוי געוויינטלעך טרימקען קאָמפּאַניעס ייִדן, איטלעכער פֿאַר זיך, אויף זײַן שטייגער, בשעת זיי שפּאַצירן זיך יום־טובֿ אָדער שבת נאָכן

[1] אונטערברומען.

קוגל אין די כאַלאַטלעך, דרייענדיק דערבײַ אַ טייל — די קוטאַסן, די שפּיצן בערדלעך, און אַ טייל — פֿאַרלייגט די הענט אַהינטן.

חיים־חנא מײַנער טרימקעט אויך מיט אַ שײַנענדיקן פּנים. דערנאָך גיט ער זיך פֿלוצלינג אַ שטעל־אויף, נעמט זיך בײַם בערדל, באַלעקט זיך און מאַכט צו מיר אַזוי:

— נו, ר׳ מענדעלי! שוין צײַט, מיין איך, צײַט פֿאָרן. האַ?

— איר ווילט שוין פֿאָרן אַהיים? — רוף איך מיר אָן און שטיי אויך אויף. נו, פֿאָרט געזונטערהייט!

וואָס הייסט? — קוקט חיים־חנא אויף מיר שטאַרק פֿאַרוווּנדערט — און איר, ר׳ מענדעלי, איר וועט דען מיט מיר נישט פֿאָרן? עפּעס האָט מען דאָך גערעדט, עפּעס.

— ווי קען איך? — ענטפֿער איך ווײַזנדיק אויף די אַלע לײַט מײַנע.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאַכט חיים־חנא — לאָזן זיי אויך פֿאָרן. מײַן חיה־טרײַנע מאַכט הײַנט וואַרעניקעס. עס וועט פֿאַר איטלעכן גענוג זײַן וואָס צו עסן, וואַרעניקעס.

— אַ שיינעם דאַנק! — פֿאַרביג איך מיך — נישטאָ קיין צײַט. מען מוז איך זינען האָבן עפּעס פּרנסה. גריסט אײַער ווײַב גאָר פֿרײַנטלעך.

— גאָט איז מיט אײַך, ר׳ מענדעלי! מײַן ווײַב וועט מיך הרג...

— חיים־חנא האָט געוואָלט זאָגן „הרגענען", נאָר ער האָט זיך פֿאַרכאַפּט און אויסגעלאָזט שטאַרק צעטראָגן — וועט מיך אין שטוב נישט אַרײַנלאָזן, מײַן ווײַב, אָן אײַך. מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאַכט איבערגעשמועסט דעם עסק... פֿאַרשטייט איר מיך? זי ריכט זיך דאָ אַזוי אויף אײַך, כאַסיע־גרונע מײַנע אויך... פֿאַרשטייט איר?

— איך פֿאַרשטיי, פֿאַרשטיי. עס מוז אָבער געדולד זײַן אַ ביסל. מײַן ווײַב וועט מיך אויך הרג... אין שטוב נישט אַרײַנלאָזן, מיין איך, ווען איך זאָל מיט איר נישט איבערשמועסן דאָס עסק. פֿאַרשטייט איר מיך? וואָס קען מען טאָן, ר׳ חיים־חנא?

חיים־חנא איז געבליבן שטיין ווי אויסגעפּאַטשט. מען האָט גע־

זען ווי עס טריפֿט אים דאָס בלוט. דאָס פּנים האָט אים זיך פֿאַר־ענדערט.

— טוט מיר די טובֿה, קומט! — מאַכט ער מיט אַ געבעט — ווען נישט, גיט זשע מיר כאָטש אַ בריוועלע צו חיה־טרײַנען, אַ געשריפֿטס. מיר אַליין וועט זי נישט גלייבן. מיך באַשולדיקן וועט זי מיך, אַז איך בין אַ שלימשלים... וועט... וועט... פֿאַרשטייט איר מיך? שרײַבט איר אָן עטלעכע ווערטער, דער רבי וועט עס איר איבער־לייענען. איך בעט אײַך!

אין ברירה, מען מוז ראַטעווען אַ נפֿש. ס'איז אַפֿילו אַ גרויסער יושר אַזאַ מאַן גוט מקיים־פּסק צו זײַן. נאָר לאָז ער כאַפּן אַ פּאַטש נישט דורך מיר. איך נעם פֿונעם רענצעלע מײַנעם אין בײַדל אַרויס אַ בלײַפֿען, רײַס־אָפּ פֿון אַ סידור דאָס אייבערשטע לידיקע בלעטל, שפּאַר מיך צו צו דער קעלניע און שרײַב די דאָזיקע ווערטער:

להנגידה המפורסמת שאר בשרי, הצנועה מרת חייה־טריינע, זאָל לעבן און געזונט זיין, אָמן [2].

הנה זייט וויסן, אַז געלויבט השם יתברך איך בין בקו הבריאה, געזונט אויף אַלע אברים. גאָט ברוך הוא זאָל נישט אָפּטאָן דעם חסד זיינעם פון אונדז אויך אויף ווייטער, מיר זאָלן הערן אין גיכן ישעות ונחמות אייגער פונעם אַנדערן אין גרויס נחת, עושר און כבוד, מיט אַ גרינג געמיט, אָמן סלה. אייערע קינדערלעך זאָלן מאַריך ימים ושנים זיין, גריס איך גאָר פריינדלעך, ובפרט לבתכם הכלה הבתולה מרת כאַסיע־גרונע, לעב, בעט איך למען־השם צו גריסן גאָר פריינדלעך.

ווייטער בין איך אייך מודיע, אַז הסחורה האָב איך, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, געטראָפן גאַנץ, עם הביידלעך [3] אויף זייער אָרט. והשנית בין איך אייך מודיע, אַז הסוסים האָבן זיך אויפגעזוכט. ר' אַלטער יקנה"ז האָט זיי פון גנבימס הענט מציל געווען. דאָ האָבן זיך געמיט נאָר זכות־אָבות. גרויסע ניסים זיינען אונדז באַשיימפערלעך געשען. מיר זיינען גאָר אַזוי פיל נישט ווערט דעם אייבערשטנס חסדים.

---

[2] מענדעלע פירט דאָ אַריין דעם נוסח פון בריוונשטעלער, מיט דער באָמ־באַסטישקייט, אַגעבלאָזנקייט און איבערגעסריבענע טיטלען. — [3] מענדעלע באַניצט אַנשטאָט ד' דעם העברעיִשן ה („הביידלעך").

בעלכם נ״י [4] וועט אייך איבערגעבן כל דבר שורש [5]. מען מעג אַזוינס אין די קראַניקעס שרייבן.

איך בעט אייך מחילה, חיה־טריינע, ווי אַן אייגענע מוטער, וואָס איך נעם מיך אונטער צו זיין פאַר אייך אַ מליץ־יושר אויף אייער בעלכם [6], וואָס האָט, נעבעך, גרויס שרעק און עגמת־נפש דערפון, וואָס איך פאַר היום נישט צו אייך לויט דעם מדובר [7]. האָט אויף אים רחמ־נות, לאָז ער, נעבעך, נישט האָבן אָפּגעשניטענע יאָרן און באַשטראָפט ווערן דערפאַר, וואָס איך האַלט נישט וואָרט און קאָן נישט כפי המדובר צו אייך היום קומען, אויף אייער בעלכם איז, כ׳לעבן, אַ צער־בעלי־חיים. ער האָט פאַר מיר פשוט געחלשט, מצדו [8] איינגעלייגט די וועלט, אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין אייך ובפרט בתכם הכלה המושלמת [9], וועלכע איך גריס גאָר פריינדלעך. הכלל, ער האָט מצדו געטאָן, וואָס אַ מאַן און אַ געטרייער טאַטע באַדאַרף צו טאָן... פאַרשטייט איר מיך? און נאָך אַ מאָל טאַקע פאַרשטייט איר מיך? — ער האָט מיר אַפילו געריייצט דעם יצר־הרע מיט וואַרעניקעס און מיט נאָך גוטע זאַכן, נאָר פרנסה איז בילכער פון אַלצדינג. מען מוז צוליב דעם שטיקל פרנסה פאַרבייגן אַפילו וואַרעניקעס. והשנית, האָב איך דאָך עפּעס אַ זוגתי? איר פאַרשטייט דאָך, פאַרשטייט איר מיך, וואָס איך מיין... אין אַזעל־כע זאַכן פאַרשטייט איר?... וואָס איז דען אַ מאַן אָן אַ זוגתו? איך האָף צו דעם וואָס לעבט אייביק, אַז מיר וועלן בלי נדר זיך נאָך זען און אם ירצה השם אין פריידן אָפּעסן ביי אייך וואַרעניקעס און אפשר נאָך לעקעך אויך... פאַרשטייט איר מיך. דערווייל זאָל בעלכם, נעבעך, נישט ליידן, אַ צער־בעלי־החיים!...

איך שיק אייך דאָ מיט בעלכם אַ מתנה: אַ „תחינה חדשה על הפרנסה״, „תחינות צו ליכט בענטשן, צו ראש־חודש בענטשן״, „תחי־נות אמהות שרה, רבקה, רחל ולאה״, „גאָר אַ שפּאָגל־נייע תחינה פאַר כפרות שלאָגן״, גם שיק איך אייך דעם „מעין טהור״ [10], וואָס איטלעכע אישה באַדאַרף דרינען זיין בקי און שטאַרק היטן די אַלע דינים דאָרט, ווי זיך נוהג צו זיין. איר וועט דערפון גרויס תענוג האָבן, אייער בתכם הכלה הבתולה וועט דערפון אויך משונה הנאה האָבן.

---

[4] (ווי צו אַ צדיק) נרו יאיר. — [5] יעדן וויכטיקן ענין, די הויפּטזאַך. — [6] אויף אָפּגעבן כבוד, ניצט ער לשון קודש. — [7] ווי אָפּגערעדט. — [8] פון זיין זייט. — [9] מיט אַלע מעלות. — [10] די פּאָפּולערסטע ספרים.

חייה־טריינעו איך האָב צו אייך אַ בקשה. אַז די וואַנצן שלכם[11] האָבן מיך, נישט היינט געדאַכט, נעכטן געפּייניקט, האָב איך אַראָפּגע־כאַפּט פון מיר הוואָלענע[12] זאָקן שלי, די ברעסלער, און זיי אין איי־לעניש ביי אייך אויפן טאַפּטשאַן פאַרגעסן. זוכט זיי, זייט מוחל, אויף און לאָז בעלכם זיי טראָגן געזונט. אַ מתנה פון מיר. — זייט מיר געזונט און גריסט נאָך אַ מאָל אייערע ליבע קינדערלעך. גם אייער בתכם הכלה, לעב, אויך גאָר פריינדלעך. פאַרגעסט למען־השם ולמען־השם נישט מכוח אייער בעלכם. בעלכם האָט, נעבעך, אַ שווער, ביטער געמיט. הבייטש שלי, וואָס איך האָב פאַרגעסן באַלקערל שלכם, גיב איך במתנה דעם רבין, זי וועט אים צו נוץ קומען... פון מיר, וואָס גריסט אייך און אייערע קינדערלעך איטלעכן באַזונדער און בתכם הכלה, לעב, אויך באַזונדער.

הקטן מענדעלע מוכר ספרים

אַז איך האָב איבערגעלייענט דעם דאָזיקן בריוו חיה־טרײַנעס מאַן, איז ער געוועזן איבער גליקלעך און גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם זיסן לשון. בײַ איטלעכס וואָרט האָט ער זיך אַ פּאַטש געגעבן אין דעם שטערן פאַר גרויס ווונדער, ווי אַ מענטש קען אַזוינס אָנשרײַבן, מאַכנדיק דערבײַ: — אוי, מחיהדיק לשון!... אוי, לשון, צוקער זיס, ווי איך בין אַ ייִד!...

מיר האָבן זיך זייער שיין געזעגנט און ער איז מיט אַ גרינג האַרץ אַוועקגעפאָרן.

— י״ג —

אַזוי ווי איך און אַלטער זײַנען געווען שרעקלעך מיד און צע־בראָכן פון נעכטיקער נאַכט, דעריבער איז בײַ אונדז געבליבן: כאַפּן אַ דרעמל און אויסרוען זיך אַ ביסל אַקעגן אַ פּאָר שעה; דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן פריש אין וועג העט ביז אין דער נאַכט אַרײַן. פישקע האָט אויף זיך גענומען, אַכטונג צו געבן דערווײַל אויף די

[11] (חיציק) אייערע וואַנצן. — [12] די וואָלענע (ה׳ הידיעה...).

פֿערד און אָנגרייטן עפּעס צו מיטאָג. „איך, אַזוי זאָגט ער, האָב די נאַכט, נאָך דער מעשׂה מיט מיר, געשמאַק געשלאָפֿן ווי נאָך אַ באָד. ר׳ אַלטערן, ביַי זײַן צוריקקערן זיך, איז שוועלעך אָנגעקומען אײדער ער האָט מיך דערוועקט״. אַלטער לייגט, אויף מײַן בקשה, דעם קאָפּ זײַנעם אַנידער צו מיר אויפֿן שויס. איך נעם אַ מעסער און קוועטש מיט דעם קלינגל אים אָפּ דעם בײַל אויפֿן שטערן. דערנאָך געגעצן מיר, קנאַקן־אויס די ביינער, גייען און לייגן זיך אין שאָטן אונטער אַ בוים.

ווען נישט די זון זאָל געווען פֿון דער פֿוטערפֿאַס אַרויסשיקן אירע ברענענדיקע שטראַלן, וואָס האָבן אונדז געבראָטן, וואָלטן מיר געקענט אַזוי ביז נאָך האַלבן טאָג אָפּשלאָפֿן. אויפֿפֿענענדיק די אויגן, דערזעען מיר, נישט וויַט פֿון אונדז ברענט אַ פֿריילעך פֿייערל, בײַ וועלכן עס קאָכט זיך אַ טעפּל קאַרטאָפּליעס, צוגעדעמפּט[1] מיט ציבעלע און מיט אַ ייִדישער דאַרער קישקע. מיר נעמען צו ביסלעך בראַנפֿן און זעצן זיך באַלד עסן מיט אַפּעטיט. מיר לויבן־אָפּ פֿישקעס קאָכן אין טאָג אַרײַן. עס האָט דעם ייִדישן טעם, דער מלכות מעג זײַנע קאַרטאָפּליעס עסן, און ער קוועלט גאָר אָן, צווינטשעווענדיק אונדז: עסט געזונט, זאָל אײַך וויל באַקומען!

— פֿון וואַנען, פֿישקע — טוען מיר אים אַ פֿרעג — האָסטו עס אויסגעקראַצט אַ ייִדישע דאַרע קישקע? פֿון אונדזערע קאַרטאָפּליעס און ציבעלע האָט דאָך געקענט זײַן נאָר פֿיש־קאַרטאָפּל.

— פֿון וואַנעט, פֿרעגט איר, אַ ייִדישע דאַרע קישקע? — ענטפֿערט פֿישקע — פֿון דער טאָרבע! ס׳איז מיר גראָד געראָטן מײַן טאָרבעלע צו באַהאַלטן פֿון דעם ממזר, פֿאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!

— דערצייל, פֿישקע! — בעטן מיר אים — וואָס איז אַזוינס מיט דיר געשען?

— עט! — מאַכט פֿישקע מיט אַ זיפֿץ — ס׳איז פֿיל צו דערציילן, זייער אַ לאַנגע מעשׂה.

---

[1] מיט דאמף, פּאַרע, צוגעטושעט.

— דער טאָג איז גרויס, צײַט איז בײַ אונדז, ברוך השם, דאָ צו הערן דײַן מעשׂה. קומט שפּאַנען! — זאָג איך צו אַלטערן — מיר וועלן זיך פֿאָרן און פֿישקע וועט אונדז אויפֿן וועג דערציילן.

— אַז די בײַדלעך זײַנען שוין געשטאַנען געשפּאַנט, פֿאַרבעט איך דעם עולם צו מיר אויפֿן וואָגן. אַלטער אָבער פֿאַרבעט אונדז צו זיך, בײַ מיר, זאָגט ער, איז גערוימער, נישט אַזוי אָנגעפּאַקט מיט סחורה. איך מאַך אַ פּשרה: לאָז זײַן אַ ביסל בײַ אים אויפֿן וואָגן און אַ ביסל בײַ מיר.

## בײַ אַלטער יקנה"ז אויפֿן וואָגן

— נו, הײַדאַ, פֿישקע! אַרויס מיט דער שפּראַכע [2] — בעטן מיר אים, נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף אונדזערע ערטער און געפּועלט בײַ אונדזערע פֿערדלעך, זיי זאָלן זיך רירן פֿונעם אָרט. פֿישקע אָבער קווענקלט זיך, האַלט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און ברעכט די פֿינגער.

— ווייס איך?... איך שעם מיך עפּעס, כ'לעבן. גלאַט נעם און דערציילן! אַז איך קען נישט. עפּעס פּריקרע [3], כ'לעבן.

איך גיב פֿישקען אונטער חשק. אַלטער פֿון זײַן זײַט שמועסט אים אײַן אַזוי:

— ס'איז נאָר האַרב, נאַרעלע, דער אָנהייב. אַבי נאָר דאָס ערשטע וואָרט, גייט עס שוין דערנאָך ווי אַ מזמור. איך ווייס עס טאַקע פֿון מיר אַליין. מילא, בקיצור, וואָס מאַכט עס אויס? וועסט אַליין, נאַרעלע, דערנאָך זען, ס'איז גאָר נישט... מילא, האָסטו, פֿישקע, חתונה געהאַט, פֿאַרשטייסטו מיך, מיט דער בלינדער יתומה. נו! גאָר נישט. ווייסן מיר עס שוין. בקיצור, וואָס זשע איז ווײַטער?

— ווײַטער? אין איר טאַטן און אין זײַן טאַטנס טאַטן אַ רוח

---

[2] (דייטשמעריש) אַרויס מיט לשון, גערעדט זאָל זיין! — [3] דערווידער.

אַרײַנגעפֿלויגן! — שיסט פֿישקע אויס מיט אימפּעט אין איין כּעס

— זיי האָבן עס מיר אָפּגעטאָן! עט אויף טערקיש.

— נו, נו, נו! — טרײַבן מיר אָן פֿישקען, וואָס האָט נאָך דעם אימפּעט זיך באַלד אָפּגעשטעלט. פֿישקע עפֿנט ווידער אַ מויל און הײבט־אָן שוין נים מיט אַזאַ היץ ווי פֿריִער:

— אוי, אַ שיינע ווײַבעראָ!... נאָך דער חתונה האָבן מיר גאָר נישקשהדיק געלעבט. ווי אַ ייִדיש פּאָרפֿאָלק באַדאַרף צו לעבן. איך האָב, דאַכט זיך, אַקעגן מײַן ווײַב גענוג יוצא געווען. הערט איר, ייִדן, זאָל מיר אָפּדאַרן דאָס מויל, אויב איך זאָג אײַך אַ ליגן! אַלע טאָג אין דער פֿרי פֿלעג איך זי, ווי עס געהער צו זײַן, אַרויספֿירן אויף איר אָרט נעבן דעם אַלטן בית־עולם, וואָס דאָרט איז דער שטייגער אירער געווען צו זיצן אויף אַ ביסל שטרוי און בעטן נדבֿות מיט אַ ניגון פֿון די קינות, וואָס האָט איטלעכן גערירט בײַם האַרצן. עטלעכע מאָל אין טאָג פֿלעג איך איר צוטראָגן אַהין, דאָס אַ טעפּל געקעכץ, דאָס אַ הייסע באַבקעלע, אַ זויערע אוגערקע, אַ קיס־ליצע [4]. נאַ, קוויק זיך! זי זיצט דאָך די גאַנצע צײַט אָפּעט אויף איין אָרט און איז שטאַרק פֿאַרטראָגן אין דער פּרנסה. פֿיל מאָל פֿלעג איך מיך גלאַט אַזוי קומען געוויר ווערן, וואָס מאַכט זי, אויך אונ־טערהעלפֿן איר אַ ביסל אין דעם פּדיון: אַרויסגעבן איינעם, דעם אַנדערן רעשט פֿון אַ דרײַער, פֿון אַ זעקסער; דערמאָנען זי אין אַלטע חובֿות פֿון באַלעבאַטים, וואָס האָבן איר פֿאַרבײַגייענדיק נישט גע־סילוקט באַלד במזומנים, נאָר אָפּגעלייגט אויף שפּעטער; אָדער אָפּ־טרײַבן אַ קו, אַ ציג, וואָס זיי האָט זיך געגלוסט, אויף זייער שפּאַציר אין די גאַסן, אַרויסכאַפּן איר פֿון אונטער דעם געזעס אַ פֿול מויל מיט שטרוי. אין חודש אלול האָב איך זי געפֿירט אויפֿן גרויסן יאַ־ריד, אַרויס פֿון דער שטאָט, דאָרט, אויף דעם בית־עולם. זי האָט עס געמאַכט נישט ערגער פֿון דעם איבעריקן פּעקל כּלי־קודש דאָרט: שמשים, שמשטעס, חזנים, זאָגערינס, מקבלים [5], תּהילים־זאָגערס,

---

[4] געזייערטע עפּל. — [5] נעמערס, אָרעמע לייט.

גבאיטעס, קנייטלעך־לייגערינס, פֿעלד־מעסטערינס, וויינערינס און קלאָגערינס. אָט אַזוי האָט זיך עס געמאָלקן, ייִדישע קינדער! ס׳איז געווען, נישקשה, פֿון וואַנעט צו לעבן. נאָר אַז ס׳איז גוט, וויל מען נאָך בעסער; אַז מען האָט ברויט, וויל מען קוילעטש.

— ווייסטו וואָס? — הייבט מײַן ווײַב אָנעט מיר צו זאָגן — אַזעלכע מענטשן ווי איך און דו, אַזאַ פּאָרפֿאָלק ווי מיר בײדע וועלן אויף דער וועלט פֿאַרפֿאַלן אָסור נישט ווערן. אין אונדזער ברויט זײַנען אונדזערע חסרונות גאָלע מעלות. בײַ אַנדערע אין די הענט אַזעלכע זאָלן אײַנשטיין, וואָלטן זיי אַ גליק געמאַכט. מיר בײדע זײַנען גרויסע שלימזלניקעס און טוען נישט דאָס, וואָס מען באַדאַרף. אָט פֿאָלג, כ׳לעבן, אַ ווײַב, אַ ביסל עלטער, געניטער פֿון דיר. נעם, פֿישקע, פֿיר מיך אַרויסעט אויף דער ליבטיקער וועלט, צווישן לײַט, אין יענע מקומות אַרײַן, וועסטו זען. געדענק מײַנע ווערטער, אַז מיר וועלן גיין אין גאָלד. דאָ, אויף דעם פּלאַץ, איז שוין כמעט גאָר נישטאָ וואָס צוטאָנעט. מען זיצט אַ מאָל אָפּעט אַ לאַנגע צײַט ביז איינער דערבאַרעמט זיך און גיט אַ גראָשן. לײַט דערציילן עס אַ ביסל פֿון דעם גרויסן גליק, וואָס לעקיש, דער כאָלערע־חתן, האָט אין דער וועלט מיט פּערלען זײַן ווײַב געמאַכט. זיי האָבן באַלד נאָך דער חתונה זיך אַוועקגעלאָזט און דאָס מזל, אָן עין־הרע, גייט זיי! מאָטל מקבל האָט מיט זיי אין קישינעוו זיך באַגעגנט, אַרומגייענדיק אין די הײַזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זײַנען פֿול אָנגעשטאָפּט מיט אַלעם גוטן — מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע ווי מען גיט דאָ דעם שבת־גוי, מיט מאַמעליגע, מיט גערייכערט שאָפֿנפֿלייש, מיט דאַרע קישקעס און קאָדע[6]. פּערעלע שײַנט ווי די ליכטיקע זון. ס׳איז איר אין פּנים נישט אַרײַנצוקוקן. זי איז פֿעט, דיק און ברייט, מיט פּיסקעס, גאָר אַ גראַפֿינע. גלופּסק וויל זי מער נישט קענען, מען זאָל איר עס אַפֿילו שענקען. מענטשן וואָס קומען פֿון אָדעס קענען זיך גאָר נישט אָפּוווּנדערן פֿון דעם גליק, וואָס

[6] עק פֿון שאָף, ווו ס׳הענגט־אַראָפּ שמאַלץ.

יאָנטלען, דעם אַנדערן כּאַלערע־חתן, האָט געטראָפן. זיי האָבן אים געזען זיך רוקנדיק דאָרט אויפן געזעס צווישן די קלייטן און גאָט שיקט אים צו: ער מאַכט עס גאַנץ גוט. דער עולם קען אויף אים זיך גאָר ניט זאַט אָנקוקן. אָדעס, זאָגן זיי, האָט דאָך עפּעס גענוג קאַליקעס; ווו ערגעץ אין דער וועלט אַ קאַליקע, רײַסט זיך אַהין אָפּעט און מען איז שוין מיט אַזעלכע געוווינט, נאָר ווי קומען זיי אַלע צו גלופּסקער? אַזעלכע, ווי גלופּסק גיט אַרויסעט, קען ענגלאַנד אַפילו אויך נישט אַרויסגעבן. גלופּסק, אַזוי דערציילן מענטשן, קלינגט אין דער וועלט. אויף אַ גלופּסקער ייִדן לויפט מען קוקן, ווי אויף אַ בייז וווּנדער... אונדז, כ׳לעבן, וועט גאָט אויך נישט פאַר־לאָזן. אָט כּל־זמן ס׳איז נאָך זומער, קום, לאָמיר זיך אַוועקלאָזן. האָיע [7] נישט, אַ טאָג, כ׳לעבן, איז אויך אין עבֿירה.

מײַן ווײַב האָט מיר געמאַכט אַ יצר־הרע און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט.

וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ייִדן? נישט צו פאַרזינדיקן, ס׳איז אונדז געגאַנגען זייער גוט. אין וועלכן דאָרף, אין וועלכער שטאָט מיר זײַנען געקומען, האָבן מיר אויסגענומען. איטלעכער האָט אויף אונדז געקוקט, קיינער האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט. דער הקדש איז פאַר אונדז געווען אָפן אומעטום. הײַזער — וויפל דאָס האַרץ גלוסט! גיי אַהין און נעם, אין קעשענע, אין בוזעם און אין דער טאָרבע! דער שמש פון דער שול פלעגט נעמען עטלעכע גראָשן און אונדז געבן דערפאַר פלעטן אויף שבת תּמיד אין איין הויף. מײַן ווײַב האָט מיט מיר געלערנט הלכות אָרעמאַן. איך בין דרינען געווען נאָך גאָר אַ פריץ [8] און נישט געוווּסט רעכט די דינים פון אַרומגיין אין די הײַ־זער. מײַנע אָבער איז אין די זאַכן געווען אַ ווילקענעוודיקע מיט אַלע אָפּשניצלעך. זי האָט מיך אַלץ געלערנט, ווי אַזוי מען באַדאַרף אַרײַנקומען אין אַ שטוב, ווי אַזוי מען באַדאַרף קלאָמפּערשט קרעכצן, הוסטן און וואָס פאַר אַ רחמנות־פּנים מען באַדאַרף מאַכן דערצו; ווי

[7] פאַרליר. — [8] (דייטשיש קלינוואַרס) אַ פרייער, אַ „גרינער“.

אַזוי מען באַדאַרף אַ נדבֿה בעטן אָדער מאָנען, זיך דינגען און צוטשעפּען זיך ווי אַ זלידנע; ווי אַזוי מען באַדאַרף צווינטשעווען אָדער שעלטן, פֿלוכן טויטע קללות. איר מיינט, עפּעס אַזוי גלאַט נעמט מען זיך און מען גייט אין די הײַזער? ניין! דאָס איז אַ גאַנצע תּורה. בײַ ייִדן אַ נגיד צו ווערן איז גענוג נאָר מזל. עזות, פֿאַרשטאָכענע אויגן און דאָס גלײַכן, דאָס קומט שוין שפּעטער פֿון זיך אַליין ממילא. אָבער אַ ייִדישער אָרעמאַן צו זײַן, טאַקע וואָס אָרעמאַן הייסט, איז מזל אַליין ווייניק. ער מוז קענען און וויסן אַ סך זאַכן. דאָס זײַנען שטאַרק נייטיק צום עסק. ער באַדאַרף קענען די שפּיל און אַרײַן אין דער גרגרת אַזוי, אַז יענער מוז געבן. ער זאָל אַפֿילו אַ מיתה משונה אײַננעמען.

איך מיט מײַן ווײַב זײַנען מיר געווען פּוס־אָרעמעלײַט. איר קוקט מיך עפּעס אָנעט, מײַנע ליבע ייִדן, ווי אײַך איז עפּעס שטאַרק קשה. לאָזט זיך דינגען, זײַט מוחל! אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן צו דערציילן, וועל איך געבן צו פֿאַרשטיין אײַך, ווי ווײַט איך קען, דאָס אויבעט. די אָרעמע לײַט ווערן, ווי די סאָלדאַטן, אײַנגעטיילט: אין פּיעשע[9]... וואַרט נאָר, וואַרט, עפּעס איז דאָ אַ פֿאַרדרייעניש פֿון הונדערטער סאָרטן, אַ פּלאָנטעניש פֿון שווערע נעמען און צונעמענישן. אָרעמע לײַט, וואָס דראַלן[10], הולכן מיט די רגלים... דער שוואַרציאָר זאָל זיי וויסן! אָרעמע לײַט ווי מיסט, עפּעס אַזוינע און אַזוינע, קבצנים דאָ און דאָרט, אבֿיונים, דלפֿנים מיט אַלע פּרושים, שלעפּערס אין דער וועלט, בעטלערס, בטלנים, מקבלים און טעלערלעקערס אין דער שטאָט. אַלערליי, גאָר אָן אַ צאָל!... וואַרט נאָר, לאָמיר זיך אַ ביסל באַטראַכטן.

פֿישקען אָבער האָט דאָס באַטראַכטן זיך אויך נישט געהאָלפֿן. ער האָט זיך פֿאַרדרייט אין די גרויסע מהנות אָרעמע לײַט און נישט געקענט אַרויס. איך האָב פֿון זײַנע ווערטער פֿאַרשטאַנען, אַז די אַלע מיני אָרעמע לײַט בײַ אונדז טיילן זיך אײַן אַזוי: פּיעשע אָדער

[9] פוסגייערס. — [10] שלעפּן זיך נאָך.

פֿוס־אָרעמע לײַט, די וואָס שלעפּן זיך צו פֿוס, און קאָניצעס[11] אָדער בויד־אָרעמעלײַט, די וואָס שלעפּן זיך אַרום אין בײַדלעך. אַחוץ דעם ווערן זיי נאָך אײַנגעטײלט אין מינים: שטאָט־אָרעמע לײַט, אַזעלכע וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן ערגעץ אין אַ שטאָט, געוויינטלעך ער־געץ אין דער ליטע, און פֿעלד־אָרעמע לײַט, די וואָס ווערן געבוירן פּשוט אויף דעם פֿעלד אין אַ בויד, זייערע עלטערנס עלטערן האָבן פֿון אייביק אָן זיך אַרומגעשלעפּט. די דאָזיקע אָרעמע לײַט זײַנען ייִדישע ציגײַנערס. שטענדיק וואַנדערווען זיי פֿון איין עק וועלט צום אַנדערן. זיי ווערן געבוירן און אויפֿגעוואַקסן, האָבן חתונה, פּרוכפּערן זיך און שטאַרבן אַלץ אונטערוועגנס. זיי זײַנען פֿרײַע מענטשן, פּטור פֿון אַלע זאַכן, פֿון נתינות, טאַקסעס וכדומה, אויך פּטור פֿונעם דאַוונען און פֿונעם גאַנצן ייִדישקייט. נישטאָ קיין איי־בערהאַר. צו דעם טייל שטאָט־אָרעמע לײַט געהערן אַלערליי שטע־טישע קבצנים פֿון די דאָזיקע סאָרטן: קבצנים פּשוטע, ייִדן, ייִדע־נעס, מיידלעך און בחורים, וואָס גייען מיט טאָרבעס אין די הײַזער אַלע ראש־חודש, אויך אין מיטן דער וואָך, און נעמען גראָשנס און שטיקלעך ברויט. אַ גרויסער טייל ייִנגלעך און מיידלעך פֿון די דאָ־זיקע, לויפֿן אַ מאָל נאָך איטלעכן אויף דער גאַס און רײַסן בײַ די פּאָלעס, ביז מען מוז זיך פֿון זיי אויסקויפֿן מיט עפּעס אַ נדבֿה. — קבצנים כּלי־קודש. דאָס זײַנען מקבלים, בטלנים, אין איטלעכן קלײַזל, וואָס זופּן משניות און זאָגן קדיש בײַ אַ בר־מינן און אויפֿן הייליקן אָרט צו אַ יאָרצײַט. מען מעג צו זיי רעכענען אויך שופֿר־בלאָזערס, מזוזות־איבערקוקערס, מיט דעם גאַנצן קאַפּיטל אַזעלכע לײַט. תּורה־און מצווה־קבצנים, ווי אַ שטייגער, פּרושים, וואָס וואַרפֿן־אַוועק ווײַבער און קינדער, באַגראָבן זיך אין קלײַזל ערגעץ אין דער פֿרעמד און לערנען „ביצה“[12] אויף דעם עולמס רעכענונג. ישיבֿה־בחורים, וואָס גייען־אַרום שלינג־און־שלאַנג, קראַצן זיך אונטערן

[11] (חוזקדיק: קאַוואַלעריע) די וואָס פֿאָרן. [12] גמרא, די וואָס לעבן פֿון עסן טעג (בײַ יענעם).

אויוון און עסן טעג. ייִדן מיט פֿאַטשיילכנס אין די הענט אָדער מיני גבאים, מישטיינס געזאָגט, וואָס זאַמלען נדבֿות קלאָמפּערשט אויף עפּעס אַ מצווה־זאַך. — באַהאַלטענע קבצנים, פֿון באַלעבאַטים, וואָס נעמען קצבֿה און נדבֿות שטילערהייט. האַלבע קבצנים, ווי אַ שטייגער תּלמוד־תּורה־מלמדים אין פֿיל שטעט, וואָס זײַנען האַלב מלמדים, האַלב בעטלערס, און דאָס גלײַכן אויך שמשים, דיינים, רבנים. איטלעכער פֿון זיי איז האַלב דאָס, וואָס ער איז, און האַלב דאָס, וואָס אַלע אַנדערע ייִדן מיט טאָרבעס זײַנען. יום־טובֿדיקע קבצנים, אַזעלכע וואָס קבצנען געוויינטלעך פּורים, בשעת ייִדן בכלל מאַכן זיך האַרץ און לאָזן זיך פֿאַר גרויס חדווה גיין קאָמפּאַניעסווײַז אין די הײַזער אָדער אַ מאָל אויך אונטער אַ יום־טובֿ, און הייסן הייסט עס קלאָמפּערשט, זיי קבצנען; פֿאַר אַנדערע נעבעך. גמילות־חסד־קבצנים, אַזעלכע וואָס נעמען זייער גאַנץ לעבן נדבֿות אונטער אַן אויסרייד: אַ גמילות־חסד קלאָמפּערשט — הײַנט, מאָרגן גיבן זיי עס מיט אַ דאַנק צוריק: אָפּ...

— דערמאָנט מיר, ר׳ אַלטער! — רוף איך מיך אָן, נאָך דעם ווי איך האָב פּישקעס ווערטער גענומען אויף מײַנע כלים און געמאַכט דעם דאָזיקן שטיקל סדר צווישן אונדזערע קבצנים — דערמאָנט מיר, איך בעט אײַך, אפֿשר זײַנען דאָ נאָך קבצנים, וועלכע איך האָב, חלילה, פֿאַרגעסן אַרײַנצושטעלן אין צעטל.

— מילא, וואָס מאַכט עס אויס? — טוט אַלטער אַ זאָג און פֿאַרקרימט זיך אויף מיר עפּעס אַזוי, ווי איינער מיט אַ באָרד פֿאַרקרימט זיך אויף אַ ייִנגל, ווען ער מאַכט זיך עפּעס נאַריש — אַ, וואַ, ער האָט, חלילה, פֿאַרגעסן!... אַזאַ וויכטיקע זאַך דאָס צעטל! און אַז מען שטייט נישט אין צעטל, קען מען, חלילה, קיין קבצן ניט זײַן!...

— זאָגט עס נישט, ר׳ אַלטער! — שטעל איך מיך שטאַרק אַקעגן — אונדזערע קבצנים זײַנען בײַ זיך שטאַרק פֿאַרריסן, שרעקלעך להוט נאָך אַ פּיצל כּבֿוד. לאָז איינעם זיך נאָר דאַכטן עפּעס אַ מינדסטע באַליידיקונג, איז ער גרייט צו דערגיין אײַך דאָס לעבן.

באַהיט זאָל מען ווערן פֿון אַ קבצן אַ שמעלקע!... שאַ, זעט איר, אָט האָב איך מיר טאַקע דערמאָנט! אָן עין־הרע, נאָך אַ סך קבצנים: איניקלעך, ירושלמים, ארץ־ישׂראל־ייִדן, נשׂרפֿים, שלאַפֿע, מערידנ־דיקע מיט כּתבֿים פֿון דאָקטוירים, עגונות, אַלערליי מיני אַלמנות, מחברים, נײַ־מאָדנע מחברטעס מיט דעם מאַנס חיבורים. נישקשה, דער רוח האָט אונדז, ר׳ אַלטער, אויך נישט גענומען. מען מעג גאַנץ שטאַרק רעכענען מוכרי־ספֿרים. און אַז ס׳איז שוין יאָ אַזוי, רופֿט זשע טאַקע אויף אויך אונדזערע דרוקערס און אַלע מיני רעדאַק־טערס, זיי מיט אַלע זייערע אַרבעטערס, זעצערס, בעלי־מגיהעס[13], שרײַבערס, קאָרעספּאָנדענטן — יעמוד עם כּל הקבצנים!... אַצינד, ר׳ אַלטער, באַדאַרף מען די דאָזיקע אַלע לײַט אויסצאָרטירן, איט־לעכן אויף זײַן אָרט אין צעטל. דאַכט זיך, קיינעם נישט פֿאַרגעסן, האַ?

— אײַ, פֿע, ר׳ מענדעלי! — מאַכט אַלטער אויפֿגעבראַכט און הייבט זיך אָן צו קראַצן — געוווג, כּ׳לעבן, מיט אײַערע קבצנים. עס בײַסט מיר אַזש דאָס לײַב, ווי פֿליי וואָלטן מיך אָפּגעשיט. פֿון מײַ־נעט וועגן וואָלט איר עס געקענט מאַכן בקיצור: כּל־ישׂראל — איין קבצן, און גאָר נישט. אָן עק, אַ סוף זאָל עס האָבן! לאָזט פּישקען דערציילן ווײַטער און שלאָגט אים ניט איבער. אונטערזאָגן אַ וואָרט, ווען עס שטעלט זיך פּישקען אין גאָרגל און ער בלײַבט ווי דער־וואָרגן, אָדער אויסבעסערן אים אַ מאָל דאָס לשון, דאָס — מהיכא תיתי.

נאָך גאָר בײַם אָנהייב איז פּישקע געווען דער חזן, וואָס האָט געדרייט דאָס מויל, אַרויסגעלאָזט צעהאַקטע, צעבראָקטע ווערטער, און איך זײַן משורר, וואָס האָט אים אונטערגעהאָלפֿן אין דער נויט און אים אויס דעם מויל אַרויסגענומען דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיך געוואָרגן. אָן מיר וואָלט שווער געווען פּישקען אַליין רעכט צו פֿאַרשטיין. דאָס בין איך אַ בעלן צו ווײַזן אויף אַ פּראָבע שפּעטער אַ ביסל. אַלטער האָט דערבײַ נישט מער געטאָן ווי אונטערגעשטופּט

[13] די חאָס קאָרעגירן.

מיט זײַנע װערטער: „מילא, בקיצור״, „נישמער — גאָר נישט״, װי אײנער װאָס טרײַבט שבת אין שול אונטער דעם חזן, ער זאָל עס אָפּמאַכן בקיצור, פֿילנדיק, אַז אין דער הײם װאַרט אױף אים דער קידוש, אַ טשאָלנט מיט אַ קוגל.

— יד —

— עך מיט מאַן װאָב אָבען קעגעט צי פֿישע. ני, קענטי אַך משאַע זאַן, װי מיט מאַנע קיאַנקע פֿיסיעך פֿיעגען מי זעך שיעפּן זײַע פּאַמעיעך, קײַכן װי די יאַקעס״ [1] — אָט אַזױ הײבט פֿישקע אָן װײַטער צו דערצײלן מיט זײַן לשון, װאָס אױסגעבעסערט מיט מײַן הילף, מאַכט עס: איך מיט מײַן װײַב האָבן געהערט צו דער פּיעשע, דאָס הײסט פֿוס־אָרעמע לײַט. נו, קענט איר אײַך משער זײַן, װי מיט מײַנע קראַנקע פֿיסלעך פֿלעגן מיר זיך שלעפּן זײער פּאַמעלעך, קריכן װי די ראַקעס. און אַזױ גײט פֿישקעס דערצײלונג, אױסגעבעסערט װײַטער:

— מײַן װײַב האָט אָנגעהױבן מיך ביסלעכװײַז צו זידלען, צו שעלטן, צו זאָגן שטעכװערטלעך, צו רופֿן מיך מיט צונעמעניש און מיר אױפֿצװואַרפֿן מײַנע קראַנקע פֿיס. זי איז אַקעגן מיר אַרױס מיט טענות, אַז זי האָט אין מיר גאָר אין גאַנצן זיך אָפּגענאַרט, פֿון אױבן ביז אַראָפּ; אַז זי האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ מענטשן, זי האָט מיך אין דער װעלט צװישן לײַט אַרױסגעפֿירט, זי האָט מיך פֿאַרזאָרגט מיט פּרנסה, געשטעלט אױף אַ שטײגער, און איך בין איר נישט געטרײַ, טו איר אַלץ אױף צעפּיקעניש. נאָר דאָס אָבער איז געװען זעלטן. איך פֿלעג מיך נישט װיסנדיק מאַכן, אַלצדינג אַראָפּשלינגען, געטראַכט בײַ מיר: אַזױ איז געװײנטלעך דער שטײגער פֿון אַ װײַב, אַזױ באַדאַרף צו זײַן. איטלעכן מאַן איז דאָס װײַב מכבד מיט אַ

[1] מענדעלע גיט־איבער װי פֿישקע פֿלעגט רײדן, טאַקע צעדרײט די װערטער, שלעכט אַרױסגערעדט, אָבער גוט געבױס און מאַלעריש.

וואָרט און אַ מאָל טאַקע מיט אַ קלאַפּ אויך. קוים איז איר דער כּעס אָפּגעגאַנגען, איז ווײַטער געוואָרן אַ לעבן, איז פֿישקע ווײַטער שטאַרק חשובֿ. זי פֿלעגט אַרויפֿלייגן איר האַנט מיר אויפֿן אַקסל, זאָגן: הײַטאַ, פֿישקע! מײַנער גייט פֿאָרויס, זי הינטער מיר, און בײדן איז עפּעס גוט אויפֿן האַרצן. אַט אַזוי האָבן מיר זען געזוקט און געקיאָכען [2].

ביז באַלטע האָבן מיר זיך געשלעפּט עפּעס גאָר אַ לאַנגע צײַט און פֿאַרשפּעטיקט דעם גרויסן יאַריד דאָרט, וואָס קלינגט אין דער גאַנצער וועלט. מײַן ווײַב איז געוועזן אויסער זיך, שרעקלעך זיך געערגערט, גלײַך ווי זי וואָלט פֿאַרלוירן תּרפּ"ט אַלפֿים טאָלער. איך טרייסט זי און דרינג איר אַלץ: „מילא, וואָס איז דאָ אַזוינס, אָבער באַלטער הײַזער זײַנען דאָך, ברוך השם, פֿאַר אונדז געבליבן! קאַרג פֿאַר אונדז אַזוי פֿיל הײַזער, אַזאַ שטאָט? נישט צו פֿאַרזינדיקן". און זי אַלץ אין איין קול: „פֿאַרברענט וועך אין איינעם מיט דײַנע הײַזער! וואָס טויג מיר, דו ימח-שמוניק איינער, דײַן שטאָט, אַזאַ בלאָטיקע שטאָט! אָט אַזאַ שטאָט באַרײַעסט [3] דו מיר, האַ? איך וויל נישט! דו הערסט? איך וויל נישט אַזאַ שטאָט. אײַנגעזונקען ווער דאָ אין דער בלאָטע און וואַרג זיך דיר מיט דײַן שטאָט, מיט דײַן בלאָטיקער באַלטע!"

— ר' אַלטער, ס'איז דאָ! — לאָז איך פּלוצלינג אַרויס הויך אויף אַ קול — איך האָב מיך דערמאָנט נאָך אַ סאָרט קבצנים! קבצנים באַנקירן.

— אַ גרויסע מציאה, כ'לעבן! — מאַכט אַלטער, קנאַקנדיק מיט דער צונג — טצע-טצע-צע! פֿון מײַנעט וועגן מעגן זיי אַפֿילו נישט געדאַכט ווערן.

— איינעם פֿון די דאָזיקע לײַט, שׂמחהלע דער לעבעדיקער, קען איך אין גלופּסק זייער גוט. בײַ אים אין אַ באַזונדער בוך שטייען פֿאַרשריבן אַלע הײַזער אָפּגעטאַקסירט, וויפֿל הכנסה באַדאַרף אים דורכן יאָר איטלעך הויז אײַנברענגען. די הײַזער, זאָגט ער, זײַנען

---

[2] זיך געקריגס און געקראָכן. — [3] לייגסטו מיר פֿאָר.

מײַנע, צאָלן מיר צינש[4], גאַנץ גלופּסק איז מײַן קאָנטאָר. זײַן שטייגער איז, איטלעכן טאָג צו גיין אין אַ געוויסן טייל הײַזער. ער קומט אַרײַן אין אַ שטום לעבעדיק, מיט ברייטקייט. גיט מען אים באַלד די נדבֿה, איז גוט; ווען נישט, זאָגט ער: „אַ גוטן טאָג! בישקשה, איך וועל פֿאַרשרײַבן אויף אײַך אַ חובֿ" — און לויפֿט לעבעדיק, געשווינד אַרויס. אפֿשר האָט איר געהערט, ר' אַלטער דערציילנדיק, ווי איין גלופּסקער קבצן האָט זיך משדך געווען מיט נאָך אַ קבצן פֿון טעטעריווקע און האָט געגעבן אין נדן אַרײַן די הײַזער אין גלופּסק? — דאָס איז שמחהלע דער לעבעדיקער; אָדער אפֿשר האָט איר געהערט אויך, ווי אויף אַ מאָלצײַט פֿאַר אָרעמע לײַט בײַ אַ גבֿיר אויף אַ חתונה איז געקומען אַ קבצן אַ געבעטענער, נאָכשלעפּנדיק מיט זיך נאָך איינעם, אַן אומגעבעטענעם, און אויף דעם פֿרעג: „ר' קרובֿ, וואָס שלעפּט איר מיט אײַך אַן איבעריקן פּאַרשוין?" — ענטפֿערט ער: „דער דאָזיקער פּאַרשוין איז מײַן איידעם, וועמען איך האָב צוגעזאָגט קעסט" — דאָס איז ווײַטער טאַקע שמחהלע דער לעבעדיקער. בקיצור, שמחהלע קוקט אויף גלופּסק ווי אויף זײַן שטאָט און אויף זײַנע הײַזער.

— פֿון מײַנעט וועגן מעג אײַער שמחהלע דער לעבעדיקער די כּפּרה ווערן! — זאָגט אַלטער אָפּ זײַנס גאַנץ בקיצור און בעט פֿישקען ווײַטער צו דערציילן.

פֿישקע הייבט־אָן אויף זײַן שטייגער, איך העלף אים אונטער אויף מײַן שטייגער, און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי:

— דער וועג אונדזערער איז נישט געווען קיין גלײַכער, פֿון איין שטאָט צו דער אַנדערער, אַלץ ווײַטער, ווײַטער. נאָר וואָס דען? „מי פֿיעגען קײַכען" אַהין און אַהער, זיך דרייען אין אַלע זײַטן, ווי ס'איז אונדז אויסגעקומען. איך מאָל זײַנען מיר מגולגל געוואָרן עפּעס אין אַ שטאָט, וואָס הלוואי דער רוח זאָל מיך געווען כאַפּן פֿריִער איידער איך בין אַהין געקומען. צו דער שטאָט אַליין האָב

---

[4] צינז, פּראָצענט, שטייער.

איך נישט אַפֿילו, פֿאַרקערט, זי האָט אַקעגן מיר גענוג יוצא געווען, מיך געלאָזט אַרומגיין מיט אַלע כּבֿודן אין די הײַזער. נאָר דאָרט האָב איך מיך באַגעגנט מיט מײַן מלאך־המוות, געקווילעט זאָל ער ווערן אָן אַ מעסער! „אַ קיינק אים אין די ביניע!" — אָט ווי אַזוי ס׳איז געשען: אין יענער שטאָט, וווהין מיר זײַנען געקומען, איז געשטאַנען קאָניצע — פֿעלד־אָרעמע לײַט מיט בוידן. ס׳איז געווען אַ מרידה. באַלעבעסלעך פֿון הײַנטיקער וועלט האָבן דאָרט אויפֿגעטאָן נסים, אַז אָרעמע לײַט, חוץ אַלטע, קראַנקע און ביטערע קאַליקעס, ניט צו געבן גאָר נישט. געזונטע בחורים, ווײַבער און מיידלעך זײַנען נישט קראַנק צו דינען, צו אַרבעטן און מיט אייגענער מי צו פֿאַרדינען זייער שטיקל ברויט. דאָס ייִדישע נאַרישע רחמנות טוט נאָר אָן גרויסע צרות. דורך דעם, האָבן זיי געזאָגט, האַלטן זיך בײַ ייִדן פֿוילע נפֿשות אָן אַ צאָל, ווי וואַנצן, וואָס זייגן יענעמס בלוט און עסן אָפּעט אַנדערע דעם קאָפּ. זיי האָבן בײַ זיך אײַנגעפֿירט עפּעס ווי אַ מין פֿאַבריקע, וווּ מען האָט מכבד געווען געזונטע אָרעמע לײַט, וואָס זײַנען געקומען צו גאַסט, מיט עפּעס אַ מלאכה: צו דרייען שטריק, צו נייען זעק, און געגעבן זיי דערפֿאַר עסן. אָרעמע לײַט האָבן אָנגעהויבן זעלטענער זיך אַהין צו ווײַזן. די קאָניצע, וועלכע מיר האָבן דאָרט געטראָפֿן, איז געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט אַקעגן דעם דאָזיקן אײַנפֿיר, פֿלאַם פֿײַער. גוואַלד! — האָבן זיי אַלע געשריגן — ס׳איז שוין גאָר קיין וועלט נישט. וווּ איז דאָס ייִדישע רחמנות? אויס ייִדישקייט, כ׳לעבן!... איינער, אַ רויטער, אַ געזונטער — אַ קינק אים אין די ביניע! — האָט געפֿירט דאָס רעדל און געשריגן מער פֿון אַלע: „ס׳איז סדום, נאָר סדום! פֿאַר וואָס קומט עס, די נגידים זאָלן זיך זיצן ווי די פּריצים רויִק און אַנדערע זאָלן אויף זיי האָרעווען? זייער גוטס איז דען נישט יענעמס מי, יענעמס פּראַצע, יענעמס שווייס? אַלייך זײַנען זיי בײַ זיך אָפּגעפֿײַנטע מענטשלעך, היטן אָפּעט זייער נפֿשל און ווילן אַלץ, יענער זאָל אַרבעטן. אַ נגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זײַן בײַכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פֿאַרנעם, מער פֿײַנע בריה.

אונדזער איינער, אַקעגן, מוז מיט זײַן געזונט זיך, נעבעך, באַהאַלטן, זיך שעמען ווי אַ גנבֿ. איטלעכער שרײַט אויף די ציין, פֿאַר וואָס גייט אַזאַ געזונטער נישט אַרבעטן! עס וואָלט שוין רעכט געווען, כ׳לעבן, איבערצובײַטן די יוצרות: לאָזן די נגידים פּרוּוון אַ ביסל אַרבעטן. וואָס איז, קראַנק זײַנען זיי? — גערעכט, פּײַוושקע, גערעכט, מיר זײַנען אויך יידישע קינדער, אַזעלכע שמײַליקע[*] ווי זיי! — האָבן אַלע אין איין קול אונטערגעבאַסעוועט דעם רויט ממזר און ביסלעכווײַז זיך צעגאַנגען פֿונעם הקדש.

אָוונטצײַט באַדאַרף איך גראָד גיין אין אַ גאַס פֿאַרבײַ דעם שולהויף. אין דרויסן איז טונקל און מענטשן אַ סך, אַן עין־הרע, דרייען זיך דאָרט אַרום. מיט אַ מאָל קומט מיר פֿון דער זײַט גאַס אָן צו די אויערן עפּעס אַ וויינענדיק קול מיט אַ געבעט, וואָס קען רירן אַפֿילו אַ שטיין. אָפּשטעלנדיק זיך, דערזע איך נישט ווײַט פֿון מיר, ווי אַ צעבראָכענער ייִד האַלט אויף ביידע אויסגעשטרעקטע אָרעמס אַ קישעלע, פֿון וועלכן עס הערט זיך אַ פּישטשעך פֿון אַ ברעקל קינד, וואָס פֿאַרגייט זיך, נעבעך, שרײַענדיק. דער אומגליקלעכער טאַטע דרייט זיך אין אַלע זײַטן, שאָקלט עס, וויגט עס, נעמט עס אײַן אויף אַ וויינענדיק קול מיט ביטערע קרעכצן: „אוי, וויסט איז מיר, פֿינצטער איז מיר, מײַן ווײַב שטאַרבט און לאָזט מיר אויף די הענט איבער אַ פּיצל קינד!... אוי, וויסט איז דיר, קליינע, בידנע יתומהלע, פֿינצטער איז דיר אָן אַ מאַמע! אַ־אַ־אַ, שאַ־שאַ! וואָס זאָל איך דיר, נעבעך, טאָן?... איטלעכער, וואָס גייט פֿאַרבײַ, גיט אים עפּעס אין דער האַנט, אַ טייל ווײַבער ווענדן זיך צו אים אויך מיט אַ וואָרט, און ער אַלץ אין איין אָטעם „וויסט איז מיר, פֿינצטער איז דיר!“, שאָקלענדיק און וואַרפֿנדיק זיך מיט דעם קישעלע אין אַלע זײַטן. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן פֿאַר רחמנות אויף דעם וויסטן טאַטן און אויף דער וויסטער יתומהלע, נעבעך, נאָך אין די וויקעלעך. איך נעם־אַרויס פֿון דער קעשענע אַ

[*] (שפּעטוואָרט) פֿון אײַליקע, אַזעלכע שנעלע.

דרײַער און קום דערמיט צו נאָענט צו דעם וויסטן טאַטן. קוים שטרעק איך אויס צו אים די האַנט איבער דעם קישעלע, דער־לאַנגט ער מיר אַ שטאַרקן קניפּ, מאַכנדיק דערבײַ אויף זײַן ווײַ־נענדיקן קול „אוי, וויסט איז דיר!", מיט אַ קוועטש אויף דעם וואָרט „דיר", גלײַך ווי מיך מיינט ער. איך כאַפּ מיך בײַ דער האַנט. פֿאַר ווייטיק, שפּרינג אָפּעט דערשראָקן אין דער זײַט און בלײַב שטיין. עטלעכע רגעס פֿאַרגאַפֿט. דער וויסטער טאַטע דרייט זיך אויס באַלד צו מיר, איך קוק אים גוט אָן און בין פֿאַרצאַפּלט געוואָרן... „פֿאַר הײַנט וועט געזונג זײַן. קום! נאַ, האַלט אַ ביסל דאָס קינד!" — זאָגט ער און שטופּט מיר אַרײַן אין דער האַנט דאָס קישעלע. דאָס קליינע יתומהלע, זע איך, איז עפּעס אַ ליאַלקע, אײַנגעוויקלט אין שמאַטעס, און דער וויסטער טאַטע איז דער רויטער ממזר, פּײַ־ווושקע, אַ קיינק אים אין די ביינער!"... ער האָט עס געמאַכט ווי אַ בריה! געוויינט, געקרעכצט פֿאַר זיך און געפּישטשעט, זיך פֿאַר־גאַנגען אויך פֿאַר דעם קינד... אָט אַזוי מוז מען, רופֿט ער זיך אָן, מיט די נאַרישע ייִדישע קינדער האַנדלען. ווילן זיי נישט געבן מיט גוטן, מוז מען בײַ זיי נעמען מיט קונצן — אָן דעם גייט עס נישט. דער רבי, דער דיין, דער שיינער מקבל מיט דעם גאַנצן פּעקל כּלי־קודש — אַלע פֿאַרשטעלן זיך, מאַכן קונצן. יענע מיט זייערע העוויות און איך — וויסט איז מיר — מיט מײַן קליין יתומהלע... מעלקט זיך, בהמות!... זאָג, פּישקע, אָמן!

אין יענער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין הקדש, האָט דער רויטער ממזר אָנגעהויבן זיך צוצושאַרן צו מײַן ווײַב מיט גוטע ריידעלעך. זי איז אים עפּעס שטאַרק געפֿעלן. ער פֿלעגט זיך כאַפּן צו טראָגן איר, אַז זי האָט עפּעס באַדאַרפֿט, און ליב גע־האַט זי צו באַדינען. ביסלעכווײַז האָט ער אַלץ צו איר זיך אַרײַנ־גענאַרט, ביז ער איז געוואָרן מיט איר אַ שמעלקע. ער פֿלעגט אָפּ־זיצן מיט איר שעהענווײַז און פּלוידערן, אַרײַנוואַרפֿן אין דעם שמועס גראָבע, נישט קיין שיינע ווערטלעך. מײַנע פֿלעגט פֿאַרשטעקן די אויערן און נישט וועלן, דאַכט זיך, הערן. און אַז ער פֿלעגט זי אַ

מאָל אין טאָג אַרײַן לויבן: זי איז אַ יאָדערדיקע, אַ פֿעטע, אַ לויטערע, אַ פֿליישיקע ייִדענע, אַזעלכע ווי ער האָט ליב, פֿלעגט זי אים אָפּזידלען, אַ פּאַטש טאָן אויפֿן רוקן און דערבײַ טאַקע לאַכן. איך פֿלעג אויך לאַכן, אַ מאָל טאַקע מיט ווערעם, נאָר באַלד טאַקע מיך באַטראַכט צוריק: וואָס אַרט מיך אַ פּלוידערזאַק? מאָרגן — איבערמאָרגן ווערט מען גאָר זײַנער פּטור. מיר צעגייען זיך, איטלעכער אין אַן אַנדער זײַט, און אייביק וועט מען זײַן פּרצוף־פּנים נישט אָנקוקן. און ווײַטער, אין די הײַזער גייט דאָך מײַן ווײַב, געלויבט דער אייבערשטער, מיט מיר. אים, דעם ממזר, ווען ער נעמט זי אָנעט בײַ דער האַנט און וויל זי פֿירן, שטופּט זי אָפּעט מיט אַ ביי־זער: „גייט אײַך, גייט, פֿע! איך בין אַן אשת־איש, האָב ברוך השם מיט וועמען אין די הײַזער אַרומצוגיין“.

אויף מאָרגן, נאָך דער באַגעגעניש מײַנער מיט דעם רויטן ממזר, ווי ער האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ וויסטן טאַטן, בין איך מיר געגאַנגען אין די הײַזער אַליין. מײַן ווײַב האָט אויפֿשטייענדיק אין דער פֿרי זיך געקלאָגט, עפּעס איז זי נישט מיט אַלעמען, עפּעס ציט זי זיך אַלץ און גענעצט, עס מוז זײַן אַ גוט אויג — און איז דעריבער געבליבן אין דער היים. איך אַליין בין אויך געווען עפּעס לא עליכמדיק. עס האָט מיר עפּעס געשלאָגן אַרויף, הײַנט איז מיר טאַקע געווען אומעטיק אײנעם אַליין צו גיין אָן מײַן ווײַב. ס׳איז מיר ווי עפּעס אָפּגעגאַנגען. איך לייקן נישט, אַז זינט דער ממזר האָט זיך צוגעשאַרט צו מײַן ווײַב און מיט איר געטריבן קאָטאָוועסלעך, איז זי מיר געוואָרן טײַערער. עס האָט מיך אַ מאָל אַפֿילו פֿאַרדראָסן, געברענט ווי אַ פֿײַער, נאָר דערבײַ טאַקע — איך ווייס נישט פֿאַר וואָס — האָט מיך צו איר עפּעס געצויגן, געצויגן ווי אַ כּישוף. עפּעס איז געווען, ווי זאָל איך אײַך זאָגן, אַ געשמאַקער שמאַרץ ווי פֿון אַ בלאָטער בשעתן קראַצן אים אַ מאָל אויף מײַן לײַב. ס׳איז אַ שמאַרץ מיט אַ הנאה האָבן בײדע זאַכן אין איי־נעם... ס׳איז געווען אַ געמלאכהטע „אין די הײַזער אַרומגיין“, גאָר נישט דער טעם, וואָס אַן אַנדערש מאָל. איך האָב עס אָפּגעמאַכט

בקיצור, שבת־שטעך, סיור ביור ומפּליא לעשות [6] — און מיך אָפּגעפּאַרטיקט בײַ צײַטנס, אַרײַנקומענדיק אין הקדש האָב איך געטראָפֿן מײַן ווײַב זיצנדיק מיט דעם ממזר און זיך עפּעס געשושקעט. דאָס פּנים האָט איר געפֿלאַמט. זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צום ממזר, זיך צוהערנדיק צו זײַנע רייד, און אַ זיס שמייכעלע איז איר פֿון די ליפּן נישט אַראָפּ. בײַ מײַן צוקומען צו איר מיט אַ פֿרעג, וואָס זי מאַכט, האָט זי זיך געטאָן אַ כאַפּ, געבליבן אַקעגן אַ רגע אָן לשון און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. דערנאָך טאַפּט זי מיך אָנעט, ווי איר שטייגער איז געווען, און מאַכט צו מיר אַזוי: „ווייסט, פּישקע, וואָס איך בין קראַנק? דאָס איז נישט קיין גוט אויג, דאָס איז מיר געקומען פֿונעם צו פֿוס גיין. די רופֿאטע, וואָס גייט־אַרײַן, האָט מיר געהייסן גיין אין באָד, מחילה, אויסשמײַסן זיך, לאָזן זיך שטעלן באַנקעס, גוט אויסרײַבן זיך אויף דער נאַכט און שוויצן. נײַן, פּישקע! צו פֿוס ווײַטער קען איך נישט גיין. ר׳ פֿײַוושקע איז אַזוי גוט, אַזוי פֿײַן, אַז ער וויל אונדז נעמען מיט זיך אין בויד. וואָס טוט מען, פּישקע? וואָס זאָגסטו, האַ?

דער ממזר — אַ קיינק אים אין די ביינער אַרײַן! — האָט אויף מיר געקוקט עפּעס מיט אַזאַ אייגעלע, מיט אַזאַ שמייכעלע, וואָס האָט מיך געשטאָכן. עס האָט מיך פֿאַרקלעמט בײַם האַרצן. ס׳איז מיר געווען צו מוט ווי אַ ייִנגל, ווען דער רבי הייסט זיך לייגן אויפֿן בענקל, אים אָפּצושמײַסן. איך האָב געמאַכט אַ היפּשע ווײַלע מיט דער צונג, עפּעס אָן ווערטער און נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס שווײַגסטו? וואָס ענטפֿערסטו נישט? — צעשרײַט זיך אויף מיר מײַן ווײַב מיט כּעס — איך ווייס, עס אַרט דיך גאָר נישט מײַן געזונט, ווילסט מיך גיכער פּטור ווערן, מיך טרײַבן יונגערהייט אין דער ערד אַרײַן. וואַרט נאָר, וואַרט, דו, עכבראש איינער! גיכער וועסטו אָנלייגן מיטן קאָפּ, אַ מיתה משונה אײַננעמען;

[6] (פֿאָלקסווערטל) מאַכן אויף שנעל, איידער מען קוקט זיך אום — שוין זיך אָפּגעפּאַרטיקט.

הערסטו, פֿישקע פּאַראַפּאַטשקע [7], די ערד וועסטו פֿון מיר קײַען! נישט אײן האָר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלײַבן. די צײן וועל איך דיר אויסזעצן!

אַז מײַן ווײַב האָט געעפֿנט אַ מויל, פֿלעגט מיר אין בויך קאַלט ווערן. איך בין געשטאַנען צעקאָכט, דערשלאָגן און דערהרגעט. ווי מיר איז דענסמאָל געווען אויפֿן האַרצן — ווייסט נאָר איין גאָט וווּיל. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געמאַכט צו מײַן ווײַב: „שאַ, שרײַ נישט, ערגער דיך נישט אַזוי. שאַ, דו וועסט פֿאָרן! פֿאַר וואָס נישט?“

— אָט אַזוי רייד! — זאָגט מײַן ווײַב שוין ווייכער — פֿאַר וואָס זשע, אַז מען רעדט צו דיר, שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם און ענטפֿערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אַזוי גוט, אַזוי פֿײַן, וויל אונדז מיטנעמען אומזיסט, און ער זאָל דאָס כאָטש זאָגן אַ דאַנק! שעמען מעגסטו זיך אין דײַן ווײַטן האַלדז, דו, גראָבער יונג איינער!

— וואָס האָב איך געקענט מאַכן? איך האָב געמוזט טאָן דאָס אויך, זאָגן דעם ממזר „אַ דאַנק“.

— ר׳ אַלטער, נאָך איינער!... — טו איך אַ זאָג הויך אויף אַ קול.

— וואָס איז, ר׳ מענדעלי, נאָך אַ מציאה? — מאַכט אַלטער צו מיר מיט אַ געשפּעט — נאָך אַ פֿרישן סאָרט קבצנים האָט איר געפֿונען? גאָט מעג אײַך, כ׳לעבן, שוין באַשערן בעסערע מציאות. בענוג שוין קבצנים!

— ניין, ר׳ אַלטער! איך מיין גאָר נאָך איין חיים־חנא חיה־טרײַנעס, וואָס ציטערט אַזוי פֿאַרן ווײַב. אונדזער פֿישקע, דאַכט זיך מיר, פֿלעגט פֿון זײַנער כאַפּן אַ מאָל אויך הייסע פּעטש.

— טו —

פֿישקע הייבט ווידער אָן אויף זײַן שטייגער. איך אַרבעט, העלף

---

[7] טויגעניכטס, גאָרנישט.

אים אונטער אויף מײַן שטייגער. אַלטער טרײַבט־אונטער אויף זײַן שטייגער און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי: אויף דעם אַנדערן טאָג נאָך דעם פֿרײַערדיקן שמועס, האָט זיך די קאָניצעו גע־רירט און אַרויסגעטרעטן פֿון סדום, ווי יענע שטאָט האָט בײַ דער דאָזיקער כאַליאַסטרע געהייסן. זי איז אַרויס מיט אַ רעש, אַ גע־פילדער, מיט אַ שעלטן פֿלוכן פֿון אַ סך מײַלער און אַ סקריפּערײַ פֿון רעדער. עס האָבן זיך געשאָטן אויף דער שטאָט טויטע קללות: פֿאַרברענט זאָל זי ווערן! די באַלעבאַטים זאָלן צען מאָל אין טאָג פּגרן פֿאַר הונגער און ווי נשׂרפֿים אין דער וועלט זיך אַרומשלעפּן... דרײַ בוידן זײַנען געווען פֿול אָנגעזעצט מיט אַלערלאַנד [1] פֿאַרשוינען: ייִדן, ייִדענעס, ווײַבלעך, מיידלעך, בחורים, גרויס און קליין, און צווישן זיי אויך מײַן ווײַב מיט מיר. מיר זײַנען, למזל, דערהויכט געוואָרן: אַרײַנגעטרעטן אין דינסט אין דער קאָניצע אַרײַן.

הערט איר, מײַנע ליבע ייִדן, עס האָט מיר זיך געעפֿנט עפּעס גאָר אַ נײַע וועלט. און אין אָנהייב איז מיר מיט דער כאַליאַסטרע גאַנץ פֿריילעך געווען. איך פֿלעג מיך אָנזען און אָנהערן װוּנדער־שיינע זאַכן, וואָס גאָר אוממעגלעך אַלצדינג מיט איטלעך פּיצעלע באַזונדער איבערצוגעבן. איך פֿלעג הערן, אַ שטייגער, ווי מען פֿלעגט אָפּריכטן, אָפּשפּעטן פֿון דער גאַנצער וועלט און איטלעכן זיך נאָכקרימען; ווי איטלעכער פֿון די פֿײַנע מענטשעלעך פֿלעגט דערציילן עפּעס אויף גנבֿה־לשון זײַנע אַלע גענג און שפּיצלעך, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. איינער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זאַבאַ־רעט אַ קרעל (געגנבֿעט אַ ברויט); דער אַנדערער — ווי אַזוי ער האָט זאַלאַבערט אַ כּפּרהניצקע (געגנבֿעט אַ הון); דער דריטער — ווי אַזוי ער האָט געלקחנט קלינגערס (אויסגעכאַפּט געלט) און אין די גאַרגאָלעס [2] אַרײַנגערוקט, און דער פֿערטער — ווי אַזוי ער האָט געבעלדבֿרט אַ יאָלד (געהרגעט, געשלאָגן איינעם אַ באַלעבאַטיש קינד), נגידים פֿלעגט מען שעלטן אויף וואָס די וועלט שטייט, גלאַט

---

[1] כל המינים, פֿון אַלע סאָרטן. — [2] שמאַטעס.

אַזוי זיך, פֿאַר גאָרנישט. איך קען אײַך שווערן אין טלית און אין קיטל, אַז זיי האָבן די נגידים אַ סך מער פֿײַנט ווי די נגידים זיי. אַ נגיד האָט בײַ זיי געהייסן עפּעס אַזוי פֿיל ווי פּיאַװקעס, צעשטאָפּטע קישקע, פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ און פֿאַרשטאָקט האַרצעלע, פֿאַרשײַט בן־יחידל, קופּערנער שטערן און דער שוואַרציאָר ווייסט זייער טאַטן, וואָס נאָך פֿאַר אַ מיאוסע צונעמענישן. ס'איז בײַ זיי פֿאַררעכנט געווען פֿאַר אַ מצווה, אַ נגיד אָפּצוטאָן עפּעס אַ שפּיצל, ווי באַלד נאָר מעגלעך. זיי פֿלעגן אָפּשיקן צו די נגידים בויכווייטיק, שטעכעניש, יסורים, לייד און כּל אַ מיני קרענק, בשעת אַ מאָל עפּעס אַ צרה. מיך פֿלעגן זיי, אין שפּאַס אַ מאָל, רופֿן נגיד, דערפֿאַר וואָס איך פֿלעג זייער אָפּט מיך פֿאַר די נגידים אַרויסשטעלן און שטאַרק אָננעמען זיך פֿאַר זייער כּבֿוד. ווײַל אויפֿהאַלטנדיק זיך פֿריִער אין באָד, בין איך דאָך צווישן נגידים דערצויגן געוואָרן, מיט זיי עפּעס דאָך איבערגעהאַט[3] עסקים, ווי אַ שטייגער: היטן זיי דאָס אָנטאָן, צוטראָגן זיי דאָס פּעקל זאַכן, אַ שעפּעלע וואַסער, אַ קויל פֿײַער און דאָס גלײַכן נאָך אַזעלכע געשעפֿטן. איך פֿלעג הערן אַ שמועס פֿון בחורים מיט מיידלעך, ווי זיי טרײַבן קאַטאָוועס און ריידן זיך שידוכים. איין בויד האָט זיך משדך געווען מיט דער אַנדערער. די קונץ פֿון פֿאַרשטעלן זיך איז בײַ דער כאַליאַסטרע געווען שטאַרק געהויבן, עס האָט געטויגט צום עסק. ווען אַ מאָל איז אויסגעקומען, האָבן די שיינע לײַט זיך פֿאַרשטעלט: איינער פֿאַר אַ הויקערדיקן, דער אַנדערער פֿאַר אַ הינקעדיקן, דער פֿאַר אַ בלינדן, יענער פֿאַר אַ געליימטן, די פֿאַר אַ שטומע, און יענע פֿאַר אַ קרומע. נאָר אמתע, נישט געמלאכהטע קאַליקעס, ווי אַ שטייגער איך און מײַן ווײַב, דאָס האָט בײַ זיי געהאַט גאָר אַ גרויסן ווערט. זיי האָבן אָפֿט געזאָגט, אַז אַזעלכע פֿעלערן ווי אונדזערע זײַנען פֿאַר אָרעמע לײַט אַ שאַץ, אַ מתנה פֿון זײַן ליבן נאָמען; זיי קענען זייער פֿיל אײַנטראָגן. מײַן ווײַבס פֿעלער איז זיי

---

[3] דורכגעמאַכט.

נאָך בעסער געפֿעלן. הײַנט פֿלעגן זיי גלאַט בטל ווערן פֿאַר איר פּיסק, וואָס אויף שרויפֿן. די האָר האָבן זיך געשטעלט, אַז זי האָט געעפֿנט אַ מויל.

דער רויטער ממזר האָט זיך שטאַרק געדרייט אַרום מײַן ווײַב און זיך פּשוט געהאָנגען אויף איר. ער האָט זיך געקאָשקעט[4], געקיכלט און צוגעטראָגן איר פֿון פֿײַגלמילך: געקאָכטע זאַרבעס, באָב, פֿלוימען — וואָס נאָר ער האָט ערגעץ דערטאַפּט. איך האָב מיך אָבער באַטראַכט: כאַפּ דיך דער וואַטעלמאַכער[5]! וואָס קען עס מיך אַרן? קיכל זי, קאָשקע זי, וואָס קענסטו מיט דעם מיינען, וואָס?... גאָר נישט. אַז זי איז אַן אשת־איש! מילא איז דאָך אָן סכנות... מיינסטו דאָך, גאַנץ זיכער, נאָר איר פֿעלער, פּשוט אַ בלינדע איז גוט, מען קען מיט איר מאַכן געלט, טאָ האָב זשע כלבוניק איינער, די גאַל! מײַן ווײַב גייט לעת־עתּה אין די הײַזער אַליין טאַקע מיט מיר, וואָס זשע האָסטו דאָ טיפּש איינער, געפּועלט מיט דעם צולאַנטשען[6] זי צו זיך, מיט דעם איזניוכען[7] זיך צו איר, אַז די רעכטע עיקר־זאַך — אין די הײַזער גיין גייט זי טאַקע מיט מיר, מיט מיר?!...

און דעריבער, ווײַל איך האָב אַזוי מיר געטראַכט, האָב איך שטאַרק באַגערט לערנען הלכות אָרעמאַן מיט אַלע פּישטשעווקעס, בכדי מײַן פּלוניתטע מיט דעם געפֿעלן, און געמאַכט דעם עסק שוין גאָר קיין מעשׂה נישט. איך האָב מיך שוין אויסגעלערנט ווי אַרײַנצוקומען אין אַ שטוב. די קונץ באַשטייט דערין: אַרײַנקומען זאָל מען מיט אַ רוגזה, אָנגעברוגזט און מאָנען די נדבֿה ווי אַ חובֿ, מען זאָל קריכן, אַרויפֿקריכן אויבנאָן און פֿאַרקריכן אַזש אין דער ספּאָליע[8], אויפֿצוזוכן דעם באַלעבאָס אָדער די באַלעבאָסטע דאָרט. אין דינגען זיך בין איך געווען אַ מײַסטער, אײן בריה אין דער

---

[4] ווי אַ קאַץ געלאַשטשעט. — [5] מלאך־המוות (דער וואָס מאַכט פֿון אַלץ אַ תּל, איז מבטל. — [6] (פויליש) צוטשעפּען, צובינדן. — [7] אונטערלעקן זיך צו איר, אַרײַנגנבֿענען זיך. — [8] שלאָפֿצימער.

וועלט. דער גאַנצער שׂכל שטעקט דערינען: קיין מאָל באַדאַרף נישט געפֿעלן וויפֿל מען גיט. גיט מען אַ שטיקל ברויט, זאָל מען בעטן עפּעס געקעכטס, אַ ביסל באָרשטש; גיט מען געלט, זאָל מען בעטן אַ העמד, אַלטע תּחתּונים און זאָקן וכדומה. שטענדיק באַדאַרף מען זיך נאָר קרימען און בלאָזן, קיין מאָל נישט דאַנקען, נאָר וואָר־טשען און אַ מאָל אויך טאַקע שעלטן.

וואָס זשע טוט דער רויטער ממזר? אַ קיינק איס אין די ביינער אַיאַן! דער רויטער ממזר טוט אויף הסברות, ווי מײַנער פּטור צו ווערן. ער קלערט בײַ זיך גאַנץ זיכער אַזוי: אין הלכות אָרעמאַן, פּישקע, מעגסטו בײַ מיר די רובעס[9] הייצן. איך קען מאַכן די שפּיל אַכציק טויזנט מאָל בעסער פֿון דיר. און אַז איך האָב מיר אַרײַנ־גענומען אין זינען די פּרנסה מיט דײַן בלינדער, וועט מסתּמא שוין זײַן רעכט. נישקשה, איך וועל דיך, מיט גאָטס הילף, שוין פֿאַר־זאָרגן. ער האָט צו מיר זיך גענומען און געמאַכט אויס מיר אַ קאָטער. איך בין מיאוס אַראָפּגעפֿאַלן בײַ מײַן ווײַב און געהאַט בײַ איר אַ פּנים ווי חוזק. קיין אַנדער וואָרט האָב איך פֿון איר נישט געהערט נאָר ווי: גנשוואַלן ווער, לייג אָנעט מיט דעם קאָפּ, ווערעס זאָלן דיך עסן, דו, פּרעסער, יונגאַטש איינער, דו אַזוינער, אַזוינער און אַזוינער! דער ממזר, קיין תּחית המתים זאָל ער נישט אויפֿ־שטיין, האָט אַלץ אויף מיר געגראָבן און מיר געטאָן צום טויט, ביז איך בין בײַ איטלעכן געוואָרן צו שאַנד און געשפּעט. אַלע בוידן האָבן לסוף מיט מיר געהאַט צו טאָן. וואָס אַ מינוט — איז איבער מיר געפֿאַלן אַ המצאה. וואָס אַ רגע — האָב איך געהייסן מיט אַן אַנ־דער צונעמעניש. איטלעכער האָט מיט מיר געטאָן, וואָס זײַן האַרץ גלוסט. איך בין געווען דאָס כּפּרה־הינדל. האָב איך אַ מאָל מיך געבייזערט פֿאַר צרות, פֿלעגט עס איטלעכן אונטערטראָגן. זעט נאָר, זעט נאָר, האָט מען געמאַכט, ווי דער נגיד האָט זיך צעיאַכמערט, ער וועט שוין באַלד פּלאַכנענען[10]. האָב איך מיך אַ מאָל באַוואַשן

---

[9] אויוון. — [10] פֿאַרגיסן (פּליוכען) טרערן.

מיט טרערן פֿאַר ווייטיק פֿון די קלעפּ, וועלכע זײַנען אין מיר אַרײַן, פֿלעגט מען זאָגן: וואָס איז מיט דיר דאָ אַזוי די שׂמחה, פֿישקע? וואָס האָסטו זיך עפּעס אַזוי צעלאַכט מיט ציין? זעט נאָר, עולם, ווי פֿישקע לאַכט? — דערלאַנגט אים, ייִדישע קינדער, פֿלעגט זיך הערן דעם ממזרס קול, דערלאַנגט אים, נעבעך, אַ טעלעמעטשע [11] צווישן די ליטקעס [12], אַ רײַב איבער די לאָפּעטקעס, דאָס איז אַ רפֿואה צום לאַכן. אויב, חלילה, עס וועט נישט העלפֿן, באַדאַרף מען אים גלעטן די האָר, אָנגעמען בײַם אויער און אײַנרוימען אים אַ סוד. דערפֿון וועט זיך אים שוין שטעלן טרערן אין די אויגן, ווי פֿון אַ כּזית מרור. מען מוז דאָך אַ ייִדן ראַטעווען — אַ מאָל פֿלעגט מען מיך אַרויסוואַרפֿן פֿון דער בויד און אַז איך בין מיט די קראַנקע פֿיס געלאָפֿן נאָך דעם וואָגן, ווי נאָר איך האָב געקענט, און געמאַכט מיט די זײַטן, האָט מען צוגעפּליעסקעט, צוגעפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן מיט אַ געלעכטער: בראַוואָ, פֿישקע! אָט אַזוי, פֿישקע, טאַנץ אַ ביסל, טאַנץ! קוקט נאָר, עולם, ווי פֿישקע הייבט פֿיסלעך, ווי שיין, אָן עין־הרע ער טאַנצט! ער מעג אויף אַלע חתונות טאַנצן, קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַדטן. — איין מאָל האָט זיך אָנגערופֿן איינער — און אַלץ טאַקע דער ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן — עולם! פֿישקע איז גאָר אַ גלײַכער. ער פֿאַרשטעלט זיך נאָר, דער גנבֿ, פֿאַר אַ קרומען, ער מאַכט אויס אונדז אַלע חוזק. מען באַדאַרף אים פּרוּוון אויסגלײַכן, גיט אים דאָרט אַ טעלעפּעטשע [13] אין דער דיך, וועט איר זען, ווי ער ציט־אויס גלײַך אַ פּאַלקע [14]. הכּלל, ייִדן מען האָט מיך געפּײַניקט, מען האָט מיר שטאַרקע יסו־רים אָנגעטאָן. אוי, פֿלעג איך מיך דערמאָנען אין די גוטע גליק־לעכע יאָרן, וואָס איך בין מיר געזעסן ווי אַ שׂררה אין באָד און געלעבט ווי גאָט אין פֿראַנקרײַך! וואָס איז מיר דען דאָרט אָפּגע־גאַנגען?

---

[11] אַ זעץ. — [12] מוסקלען פֿון די פֿיס. — [13] (אַ שפּיל מיט אותיות) ווי „סע־לעמעטשע“. — [14] אַ פּוס.

— מילא, נעמט מען און מען גט־אָפּ — פֿאַלט אַלטער אַרײַן פֿישקען אין די רייד — דערויף איז דאָך דאָ בײַ ייִדן אַ גט.

— יאָ, גערעכט! — מאַכט פֿישקע מיט אַ זיפֿץ — הלוואי וואָלט איך עס טאַקע פֿריִער געטאָן, וואָלט אַז וויל און גוט געווען מיר און אפֿשר נאָך עמעצן... נאָר איך ווייס נישט, וואָס מיר איז אַזוינס געשען. נאָר אַ כּישוף האָט מען מיר אָפּגעטאָן. ס'איז אַ ווייטיק, אַ בושה צו זאָגן, דאָס האַרץ האָט מיך צו מײַנער עפּעס געצויגן... ווי שטאַרק איך האָב געליטן און געהאַט געבראָטענע לייד, פֿון דעסט וועגן האָט מיך דער רוח נאָך איר גענומען. איך ווייס נישט, צי איז דאָס געווען פֿון מיר נאָר אַן עקשנות — אַז דיר, ממזר, גלוסט זיך, ווילסט צווישן מיר מיט מײַן ווײַב אָנמאַכן אַ בייז לעבן און מיך פּטרן, וויל איך דיר אויף צו להכעיס מיך דווקא אין איר האַלטן און נאָך מער ווי פֿריִער, מיט בײדע הענט זיך האַלטן! — אָדער דאָס איז געווען, ווי זאָל איך עס זאָגן, גלאַט אַזוי פֿון זיך אַליין... עפּעס טאַקע נאָר אַ כּישוף. איר געשטאַלט האָט מיך עפּעס גענומען. אַ געזונטע, אַ דיקע, אַ יאָדערדיקע, אַ פּנים אָפּגעגאָסן, נישט אַזוי שיין ווי חנעוודיק. פֿיל מאָל פֿלעגט זיך מאַכן, אַז פֿאַר גרויסע צרות און האַרצווייטיק האָב איך מיר געוואָלט אַ מעשׂה אָנטאָן, געווונטשן מיר דעם טויט מיט איר אין איינעם. הײַנט, הײַנט פֿלעג איך בײַ מיר טראַכטן, מוז עס האָבן אַן עק! הײַנט זאָג איך איר: גט! נאָר קוים בין איך צו איר צוגעקומען נאָענט און זי האָט מיט מיר געמאַכט אַ רייד אָדער אַרויפֿגעלייגט די האַנט מיר אויפֿן אַקסל און געזאָגט: פֿיר מיך, פֿישקע! האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון און בין עפּעס ווי איבערגעביטן געוואָרן.

אין אַ גוטער שעה איין מאָל, גייענדיק מיט מײַן ווײַב אין די הײַזער, עפּעס מיט אַ גרינג געמיט, טו איך איר אַ זאָג:

— בתיה, נשמה מײַנע, וואָס וועט דער תּכלית זײַן פֿונעם שטענדיקן אַרומשלעפּן זיך? עס פּאַסט, כ'לעבן, גאָר נישט פֿאַר אונדז. אין גלופּסק האָבן מיר בײדע, ברוך השם, אַ שטיקל נאָמען געהאַט. דו מיך האָסט אַרויסגענומען דאָרט פֿון דער באָד. אַ קאַ־

טאָוועס עפּעס גלופּסקער געמויערטע באָד, ווו עס וואַרפֿן זיך אײבער אַ וואָך אַזעלכע בערן, גרויסע לײַט! דיך האָט אויך איטלעכער געקענט און אויף דיר כּבֿוד געלייגט. הײַנט זײַנען מיר נע־ונד עפּעס מיט שלעפּערס אין דער פֿרעמד און וואָס פֿאַר אַ פּנים האָבן מיר, מישטיינס געזאָגט?

— ווילסט אפֿשר צוריק קיין גלופּסק? — ענטפֿערט אָפּעט מײַן ווײַב ווי אויפֿגעבראַכט — מעגסט זיך דיר, פֿישקע, אַהין צוריקקערן, אויב דיר גלוסט זיך אַזוי. איך בשום אופֿן נישט. אין גלופּסק זײַנען דאָ הײַנט גענוג אָרעמע לײַט אָן מיר. וואָס אַ טאָג וואַקסן דאָרט אויס פֿריש־צאַפּלדיקע קבצנים, שפּאָגל־נײַע מקבלים. באַלעבאַטים גייען הײַנט דאָרט איינער צום אַנדערן אין די הײַזער אַרום.

— פֿון מײַנעט וועגן מעג זײַן אַן אַנדער שטאָט אויכעט — ענטפֿער איך צוריק — נשמהניאָ, קלײַב דיר אויס עפּעס אַ שטאָט, וועלכע דיר געפֿעלט, און לאָמיר זיך דאָרט באַזעצן. אַז מען ווייסט, דאָס איז אונדזער שטאָט, דאָס זײַנען אונדזערע הײַזער, אונדזערע באַלעבאַטים, איז עפּעס מזל און ברכה. ווי זאָגט מען עפּעס: איטלעכער הונט אויף זײַן מיסט.

— באַלד, פֿישקע, באַלד! — מאַכט מײַן ווײַב, קלאַפּנדיק מיך מיט איר האַנט איבערן רוקן גאָר פֿרײַנדלעך — לאָמיר נאָך אַ ביסל פֿאָרן, לעבן, רײַבן זיך אין דער וועלט. ס'איז עפּעס גוט, פֿריילעך, מחיה... האָב צײַט אַ ביסל, פֿישקע, מיט דײַן שטאָט באַלד, באַלד!

איר „באַלד" האָט געדויערט אַ לאַנגע צײַט און ס'איז נישט געווען קיין עק, קיין סוף. אין דער צײַט בין איך איבערגעווען אין גענוג שטעט, האָב מיך אָנגעליטן גענוג צרות און פּײַן. אין גאַנצן האָב איך עס געהאַט צו פֿאַרדאַנקען אים, דעם ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן...

פֿישקע טוט אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן און בלײַבט זיצן שטיל מיט צוגעמאַכטע אויגן. מיר לאָזן אים אַ ביסל צו זיך קומען, דערנאָך הייבט ער ווײַטער אָן און די מעשׂה דערציילט זיך אַזוי:

— טז —

צו דעם צונעמעניש נגיד האָב איך אין דער לעצטער צײַט באַ־קומען נאָך אַ נײַעם טיטל מקבל. דעם דאָזיקן טיטל האָט מיר גע־געבן דער ממזר, פֿאַרכאַפּט זאָל ער ווערן! און אַזוי האָט איטלע־כער פֿון דער כאַליאַסטרע מיך גערופֿן: פֿישקע מקבל. מקבל איז בײַ זיי אַזאַ מיאוס וואָרט, וואָס בײַם אַרויסברענגען עס פֿונעם מויל שפּײַט מען זיבן מאָל אויס. די שׂנאה, וואָס הערשט געוויינטלעך צווישן בעלי־מלאכות, סוחרים, קרעמערס און דאָס גלײַכן, וואָס האָבן איין ברויט, איז אַ הונט אַקעגן דעם, ווי זיי, בויד־אָרעמע לײַט, האָבן פֿײַנט די שטאָטישע קבצנים און בפֿרט נאָך דאָס גאַנצע קאַפּיטל מקבלים. אָט די וועדעמדיקע מקבלים, פֿוילע מיוחסים, פֿאַרשמאָלצעוועטע שיינע ייִדן, פֿלעגן זיי אַלץ זאָגן מיט גאַל, זײַנען ווי די וואַנצן פֿול אין אַלע הײַזער און נישט אויסצוהאַלטן פֿון זיי. מען צעשטאָפּט זיי די קישקעס אויף אַלע שׂמחות: חתונות, בריתן און קריאת־שמע־לייענערס, רײַסן פֿון טויטע און פֿון לעבעדיקע, און מיר, נעבעך, רײַסן קריעה, האָרעווען, פּראַצעווען אויפֿן שטיקל ברויט און ווערן פֿאַרשוואַרצט. די דאָזיקע אַלע צעקראָכענע נפֿשות, פֿלאַסקעדריגעס, האָבן זיך גענומען דוד־המלכס תהילימל און מאַכן מיט אים די שפּיל. דוד־המלך זאָל געווען פֿריִער וויסן, צו וועמען אין די הענט זײַן תהילימל וועט אַרײַנפֿאַלן, וועלכע פּרנסות די פֿוילע, פֿאַרשימלטע לאַפּנמיצלעך[1] מיט אויסגעווייקטע פּנימלעך וועלן מיט דעם מאַכן, וואָלט ער עס, גאַנץ זיכער, נישט געמאַכט.

— ניין, בתיה! — האָט דער ממזר געמאַכט צו מײַן ווײַב — פֿון אײַער פֿישקען וועט קיין לײַט שוין נישט זײַן. ניין, ניין, נישט קיין לײַט, איינער פֿון אונדזער חבֿרה! ער איז אַ מקבל מיט די בייבער. אַ מקבל מיט אַלע חן־גריבעלעך. דאָס פֿאָרן אײַערס מיט אים, דאָס רײַבן זיך אין דער וועלט, וועט אים כּלל נישט העלפֿן. אין

[1] די וואָס מאַכן דעם אָנשטעל פֿון פֿרומע ייִדלעך.

הלכות אָרעמאַן ווייסט ער נישט מאַי דקא אָמרי רביצין [2]. נישט קיין מענטש, ווי עס געהער צו זײַן. איר וועט, נעבעך, האָבן פֿון אים אַ פֿאַרפֿוילטע גאַל.

— אײַ, אַזאַ בתיה, איך זאָל האָבן אַזאַ בתיה! אַ גליק, ווי איך בין אַ ייִד, אַ גליק וואָלט איך מיט אײַך געמאַכט!

נאָך די אַלע מיטלען, וועלכע דער ממזר האָט געברויכט, אָנצומאַכן צווישן מיר מיט מײַן ווײַב אַ בייז לעבן און מיך דערווײַטערן פֿון איר דורך רכילות, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן, איז אים לסוף געראָטן צו פֿאַלן גאָר אויף עפּעס נײַס. ער האָט מיך פֿאַרמסרט פֿאַר מײַן ווײַב, אָנגערעדט אויף מיר שטילערהייט, אַז איך שדכן מיך עפּעס צו אַ מיידל פֿון אַ בויד און מאַך מיט איר עפּעס צו פֿיל חן... צווישן דער כאַליאַסטרע האָט זיך געפֿונען אַ האָרבאַטע מיידל, מיט וועלכער איך האָב, אמת טאַקע, ליב געהאַט צו שמועסן זייער אָפּט און...

— האַ, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מיידל עפּעס? — פֿאַל איך און אַלטער פֿישקען אין די רייד אַרײַן — האַ, פֿישקע, זײַ זיך מודה!

— דאָס מיידל איז געווען אַ ווילד פֿרעמדע אין בויד און זי האָט, נעבעך, גענוג זיך אָנגעליטן, גענוג אָפּגעקומען אין אירע יונגע יאָרן. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב ליב געהאַט טאַקע מיט איר אין איינעם צו זיצן און צו שמועסן. מיר פֿלעגן אויסגיסן איינער דעם אַנדערן אונדזער ביטער האַרץ. זי פֿלעגט אויף מיר רחמנות האָבן און נישט איין מאָל וויינען אויף מײַנע און אויף אירע צרות. אײַ, איר זאָלט וויסן, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מיידל! אײַ, איר זאָלט וויסן אירע צרות, נעבעך!... — האָט פֿישקע אויסגעלאָזט מיט טרערן אויף די אויגן.

מיר האָבן געבעטן פֿישקען אונדז קלאָר צו מאַכן, ווער איז דאָס מיידל און וואָס מיט איר האָט זיך אַזעלכעס געטראָפֿן.

---

[2] (וויציק, אין סטיל פֿון דער תלמודישער פֿראַגע: וואָס לערנען אונדז די רבנן ?) וואָס זאָגט אונדז די רביצין?

— אַז איר בעט מיך אַזוי — האָט פּישקע אָנגעהויבן, נאָך דעם ווי ער האָט מיט אַן עק אַרבל אויסגעווישט די אויגן — אַז אײַך איז נאָך נישט נמאס געוואָרן הערנדיק מיך, וועל איך אײַך צוליב טאָן און דערציילן, ווי ווײַט נאָר איך קען. הערט, זײַט מוחל און האָט קיין פֿאַראיבל נישט, אויב בײַ מיר וועט עס אויסקומען נישט גלאַט.

דאָס מײדל איז געווען נאָך אַ קינד, אַז די מאַמע אירע האָט זי געבראַכט קיין גלופּסק אין איינעם מיט אַ קלומעקל זאַכן און אַלטע בעבעכעס. דאָס קלומעקל האָט זי אָפּגעוואָרפֿן דאָרט ערגעץ אין אַ שטיבל בײַ אַן אַלטער ייִדענע, אַ מכשפֿהטע, אַ פּנים, דאָס איז געווען אַ מעקלערין פֿון דינסטן. די אַלטע ייִדענע פֿלעגט אָווועקגיין מיט דער מוטער, איבערלאָזן דאָס קינד איינע אַליין אָן עסן און פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף אַ גאַנצן טאָג. אַז דאָס קינד האָט איין מאָל געוויינט, געצאַפּלט „מאַמע, נעם מיך אויך מיט זיך", האָט די אַלטע מכשפֿהטע אויף איר זיך שטאַרק געבייזערט, מאַכנדיק צו דער מוטער: חלילה! מען טאָר פֿון איר גאָר נישט וויסן. עס קען שאַדטן צום עסק. אין עטלעכע טעג אַרום האָט די מאַמע זי גענומען און גאַנץ שטיל זי אַרײַנגעפֿירט למזל אין אַ קיך, ערגעץ אין אַ באַלעבאַטיש הויז. עס האָט נישט געדויערט לאַנג איז זי מיט דער מאַמע איבערגעגאַנגען ערגעץ אַנדערש ווו אין אַ קיך און פֿון דאָרט ווײַטער אין אַ נײַער קיך, אַזוי אַז אין אַ קורצער צײַט זײַנען זיי מגולגל געוואָרן אין אַ היפּש ביסל קיכן. די מאַמע איז מיט איטלעך מאָל איבערקלײַבן זיך אין אַ נײַער קיך, געוואָרן צו איר אַלץ ערגער און שלעכטער. איר טאַטן האָט זי ווייניק געקענט. פֿריִער אין דער היים איז ער געווען אַ זעלטענער גאַסט, שטענדיק אונטערוועגנס, און דערנאָך, דאָ, אין די קיכן, האָט זי אים קיין מאָל נישט געזען. זי וואָלט אַפֿילו גאָר פֿאַרגעסן, אַז זי האָט אַ טאַטן, ווען די מאַמע זאָל אים פּופּציק מאָל אין טאָג נישט שעלטן בשעת זי פֿלעגט צו איר אויסלאָזן איר שווער ביטער האַרץ. „אַנלייגן זאָל ער מיטן קאָפּ, דער שיינער טאַטע!" — פֿלעגט זי שעלטן, פֿלוכן. דאָס ווײַב

האָט ער געפּטרט נאָך אַזוי פּיל יאָרן מי, בויכווייטיק, וואָס זי האָט געהאַט ביי אים, און איר נאָך אָנגעהאָנגען — געהאָנגען — געהאָנגען זאָל ער ווערן! — אַ באָמבע, אַ קינד אויפֿן האַלדז, וואָס איבער איר, קען זי אויף קיין אָרט נישט איינזיצן און באַדאַרף זיך מיט איר שטיקן, באַהאַלטן. וואָרעם ווער וויל עס דען האָבן ביי זיך אַ קעכנע מיט אַ קינד?" — נישט איין מאָל טאַקע פֿלעגט די באַלעבאָסטע אין קיך אַריינלויפֿן, ווען דער וואַרעמס איז נישט געווען עפּעס אַזוי געראָטן, און פילדערן, שרייען, פֿאַר וואָס האָט גאָט זי געשטראָפֿט מיט אַזאַ קעכנע, וואָס שעפּט־אָפּ דאָס אייבערשטע פֿון דער יויך און גיט עס איר שיין טעכטערל אַוועק. כאָטש דאָס טעכטערל, נעבעך, האָט געדאַרט, געקוואַרט און געגעסן קרענק. די מאַמע פֿלעגט עס פֿאַרשטופּן, אַזוי ווי טריפֿה סחורה, אויפֿן אויוון, אין אַ ווינקעלע דאָרט, איז עס דעם גאַנצן טאָג אָפּגעזעסן אויף איין אָרט, איינגעהויקערט אין צענטן און מען האָט נישט געטאָרט הערן פֿון איר קיין פּיפּס. עס פֿלעגט איר די סמאַהע איבערגיין, שמעקנדיק די ריחות פֿון געבראָטענע גענדז, געפּרעגלטע לעבער־לעך און זי... שאַ, נישט קיין וואָרט! זי האָט שטילערהייט געליטן, נעבעך, הונגער ביז מען האָט זיך דערמאָנט אַריינצושטופּן איר אין הענטל אַ טרוקן שטיקל ברויט און אַ מאָל אויך אַן אָפּגעלעקט ביינדל אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס איז איבערגעבליבן אויף די טעלער. אַ מאָל ווידער האָט מען אין איר זיך גאָר פֿאַרגעסן און, אַז זי האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אַ פּיפּס געטאָן, פֿלעגט זיך ווייזן אין דער הייך אויפֿן אויוון אַ קאָטשערע [3], אַ לאָפּעטע אָדער אַ שטעקן, אַ פּאָלאָניק [4] און שלאָגן אויפֿן קאָפּ, אויף די הענטלעך, אויף די פּיסלעך, ווו נאָר עס האָט געטראָפֿן, און דערביי האָבן זיך געשאָטן טויטע קללות און חרמות אויף איר טאַטן און טאַטנס־טאַטן ביז אַבֿרהם אָבֿינו. אַזוי האָט זי פֿאַרבראַכט אין קרענק, אין צרות אירע

[3] לאַנגער אייזן מיט אַ הענטל צו צעשאַרן די ברענענדיקע קוילן. —
[4] אַ קאָכלעפּל.

יונגע יאָרן אויף די אויוונס, פֿונעם שטענדיקן זיצן אויף איין אָרט אײַנגעבויגן, אײַנגעהויקערט איז זי געוואָרן האָרבאַטע, נעבעך.

פֿונעם אויוון אַראָפּקוקנדיק פֿלעגט זי זען עפּעס אַ יונגן מאַן. ער איז געווען אַן אָפֿטער אַרײַנגייער צו דער מאַמען אירער אין קיך, די מאַמע פֿלעגט זיך אין אים שמעלצן, אים האָדעווען פֿונעם אַרבל, אָנשטאָפּן אים די קעשענעס מיט גוטע זאַכן און נאָך געבן אים אַ מאָל געלט אויך. ער פֿלעגט קומען אָפֿט שפּעטלעך אין אָוונט און בלײַבן נעכטיקן אין קיך. אַ מאָל פֿלעגט די מאַמע פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף אַ לאַנגער צײַט, זיך אויספּוצנדיק פֿריִער, אָנקוקנדיק זיך גוט אין דעם שפּיגעלע, און איבערלאָזן די קיך הפֿקר. אַ פּנים, אַז דער מאַמען איז אין זינען געלעגן חתונה צו האָבן און איז אַלץ באַשעפֿטיקט געווען מיט דעם חתן...

איין מאָל, אַקעגן אָוונט, איז געקומען עפּעס אַ מענטש און פֿאַרנומען פֿון דער קיך דער מאַמעס זאַכן. די מאַמע האָט געדאַנקט דער באַלעבאָסטע פֿאַר דעם זאַלץ און ברויט, אַראָפּגענומען מיט מזל איר נאַקעט טעכטערל פֿונעם אויוון און איז מיט איר אַרויס־געגאַנגען. זי פֿירט דאָס טעכטערל און פֿירט, ביז זי פֿאַרפֿירט עס ערגעץ אין אַ געסל.

— זעץ זיך דאָ אַנידער און וואַרט: ייִדן וועלן רחמנות האָבן:...

— אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט און איז פֿאַרשווּנדן געוואָרן.

דאָס פֿאַרוואָרפֿענע קינד זיצט, נעבעך, אויף דער גאַס שטיל און האָט מורא אַ ריר צו טאָן זיך אַפֿילו, אַזוי ווי פֿריִער אויפֿן אויוון. אַ קאַלט אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט און נעצט עס דורך די ביי־נער. עס איז געזעסן אײַנגעגנורעט כּמעט אין איין העמד, געציטערט פֿאַר קעלט און אַ צאָן אין אַ צאָן האָט איר געקלאַפּט. אַז איינער פֿון די פֿאַרבײַגייענדיקע האָט עס אַ פֿרעג געטאָן: ווער ביסטו, מיי־דעלע? איז דער ענטפֿער געווען: איך בין דער מאַמעס... די מאַמע האָט מיר געהייסן דאָ זיצן שטיל... מען טאָר נישט שרײַען. אַ קאָ־טשערע, אַ לאָפּעטע קומען און שלאָגן... אַזוי איז עס, נעבעך, געזעסן העט שפּעט אין דער נאַכט, ביז עפּעס אַ ייִדענע האָט עס פֿאַרנאַרט

מיט גוטע רייד און אַוועקגעפֿירט צו זיך אַהיים, ערגעץ אויף די פּיסקעס, אין אַ קליין שטיבעלע אויף הינערשע פּיסלעך.

בײַ דער ייִדענע האָט זי זיך אויפֿגעהאַלטן אַ היפּשע צײַט און בײַ איר קיין האָניק נישט געלעקט. די ייִדענע האָט זיך איר אויסגעגעבן פֿאַר אַ מומע און איר געהייסן זי אַזוי רופֿן. די דאָזיקע מומע איז געווען אַ סעדעכע [5], וואָס איז געשטאַנען אין מאַרק מיט קאַרטאָפֿליעס, הייסע באַבקעס, כּל נדרי־באַרעלעך און ארץ־ישׂראל־עפּעלעך. גאַנץ פֿרי איז דער שטייגער אירער געווען אַוועקצוגיין אין מאַרק אַרײַן. דאָס האָרבאַטע מיידעלע איז איבערגעבליבן מיט אַ טעכטערל אין שטוב און געוויגט איר קינד, אויך געהאָלפֿן אין דעם באַלעבאַטישקייט, ווי אַ שטייגער, קלײַבן אויף דער גאַס דאַרע שפּענדלעך אויף אונטערצוהייצן, קריכן אונטערן פּעקלאָק [6] נאָך אייער, וועלכע די הינער האָבן געלייגט, אויסקראָבען [7] אַ טעפּל פֿון פֿאַרטריקנטער קאַשע, פֿאַרוואַשן אין דער פּאָמויניצע דעם קינדס אַ פֿאַרשמירט העמדל און שטיין אַכטונג צו געבן אויף די איבערגעוואַשענע הילצערנע מילכיקע לעפֿל, וואָס טריקענען זיך אויף דער פּריזבע [8] אין איינעם מיט דעם קינדס קישעלעך, אַקעגן דער זון, און נאָך אַנדערע אַזעלכע מלאכות. פֿאַר נאַכט, אַז די סעדעכע איז אַהיימגעקומען, האָט זי געשיקט איר קליין דינסטמיידל אין די הײַזער אַרומצוגיין און צונויפֿנעמען עטלעכע שטיקלעך ברויט, דערפֿון האָט זי זיך דערנערט אַליין און נאָך געגעבן דער מומען אירער.

זומער פֿאַרנאַכט, איין מאָל, בשעתן אַרומגיין אין די הײַזער אויף איר שטייגער, אין איין גראָב העמדל מיט אַ האַלב קלײדל, האָט זי זיך פֿאַרשלאָגן גאַנץ ווײַט, אַזש בײַם עק שטאָט און נישט געטראָפֿן דעם וועג צוריק אַהיים. די זון האָט שוין לאַנג זיך געזעצט. אויף דעם הימל האָט זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצער וואָלקן. עס האָט ביסלעכווײַז געבליצט און געדונערט. פּלוצלינג קומען־אונטער,

---

[5] אַ הענדלערין וואָס זיצט אויפֿן מאַרק. — [6] באַקאויוון (אויך צו וואַרעמען זיך). — [7] אויסקראַצן. — [8] פֿאַרן אַרײַנגאַנג אין שטוב.

פֿון דער שטאָט אַרויספֿאָרנדיק, עפּעס בוידן פֿול אָנגעזעצט מיט מענטשן. קוקט נאָר! האָבן פֿאַרשוינען אַרויסגעשריגן פֿון איין בײַדל, עפּעס דרייט זיך דאָ אַרום אַ האָרבאַטע מיידעלע און וויינט, נעבעך. און באַלד טאַקע שפּרינגט אַראָפּ איינער אַ רויטער — טאַקע אָלץ דער רויטער ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאָן! — גיט אַ פֿרעג דאָס קינד, וועמעס זי איז.

— איך וויל אַהיים, אַהיים צו דער מומע! — ענטפֿערט דאָס מיידעלע אויף אַ וויינענדיק קול.

— שאַ, טאָכטער, ווײַן נישט! — זאָגט צו איר דער ממזר — איך וועל דיך אָפּפֿירן אַהיים צו דער מומע.

ער טוט זי באַלד טאַקע אַ כאַפּ, וואַרפֿט זי אין אַ בײַדל אַרײַן און פֿאָרט מיט איר אַוועק.

פֿון יענער צײַט אָנעט בלאָנקעט דאָס האָרבאַטע מיידל, נעבעך, זיך אַרום מיט דער כאַליאַסטרע בויד־אָרעמע לײַט, וואָס האָבן פֿון איר הויקער געמאַכט אַ פּרנסה. דער שטייגער זייערער איז געווען, קומענדיק ערגעץ אין אַ שטאָט, אַנידערצוזעצן זיך נאַקעט און באָר־וועס אויף דער גאַס, ווו מענטשן גייען, און זי האָט באַדאַרפֿט כלי־פֿען, בעטן נדבות אויף אַ וויינענדיקן קול מיט אַ ניגון און אויך רײַסן בײַ די פּאָלעס. האָט זי אָבער אַ מאָל נישט געשפּילט די קאָ־מעדיע טשאַקענדיק מיט אַלע אָנשטעלן און געמאַכט ווייניק געלט, פֿלעגט מען איר אָפּשפּילן אַ גוטע חתונה: שלאָגן זי טויטשלעג, אַרויסוואַרפֿן זי בײַ דער נאַכט אין דרויסן, ווו זי פֿלעגט נאַקעט, הונגעריק, נעבעך, שרײַען און וויינען אויפֿן רעכטן אמת טאַקע... זי האָט מיר דערציילט, ווי איין מאָל, ווינטער אין אַ שטאַרקן פֿראָסט, האָט מען זי אַ נעם געטאָן און געמאַכט פֿון איר אַ בייגל, געצופּט, געשטשיפּעט[9] דאָס לײַב ווי מיט קאַלטע שפּילקעס. עס האָט איר זיך גערירט דער שאַרבן אויף דעם מוח, טונקל און ליכטיק, עפּעס בידע מיט אַ מאָל, איז איר געוואָרן אין די אויגן. אָט־אָט עקט זיך

[9] געקנייפּט.

דאָס לעבן. זי קען שוין מער נישט אויסהאַלטן און הייבט זיך אָן בעטן אין שטוב אַרײַן מיט אַ ביטער געווײן. זי ציטערט, בעט רחמים:

— עפֿנט, מומע, עפֿנט, פֿעטער! — אַזוי האָט זי איטלעכן פֿון דער כאַליאַסטרע גערופֿן.

זי שרײַט:

— פֿעטער, איך וועל שוין ווײַטער דאָרט פֿאַר מענטשן גוט שרײַען!

זי וויינט:

— מומעניו, איך וועל שוין דאָרט גוט וויינען!

זי בעט:

— גוואַלד, איך וועל שוין ווײַטער גוט בעטן! נאָר שרײַ צו דער וואַנט, נישטאָ קיין ענטפֿער!...

זי בלײַבט ליגן שטיל, פֿילט מער נישט קיין קעלט, קיין פּײַן. עס באַפֿאַלט זי עפּעס אַ זיסער שלאָף. עס דאַכט זיך איר, מען האַלדזט זי, גלעט זי, עפּעס גוט, וואַרעם, מחיה — און מען האָט זי אַ טויטע אַוועקגעטראָגן פֿונעם אָרט... זי האָט אַ היפּשע צײַט פֿון יענער נאַכט געקרענקט, ווײַטער איז דער שטייגער געווען, אַראָפּ־צולאָזן זי פֿונעם וואָגן, ווי באַלד מען האָט פֿון דער ווײַטנס אויפֿן וועג דערזען פֿאָרנדיק עפּעס אַ פּריץ אָדער סוחרים, לײַטישע מענטשן. זי האָט באַדאַרפֿט מאַכן די גאַנצע שפּיל, אויסשטרעקן די האַנט, דרייען זיך, לויפֿן פֿאַרבײַ די פֿערד, בײַ די זײַטן וואָגן, כלי־פען, בעבען אונטער דער נאָז מיט אַ רחמנות־פּנים און דערטאַפּן אַ נדבֿה. איר טויט זאָל דאָ אַפֿילו זײַן. אַ מאָל פֿלעגט זי טאַקע כאַפּן אַ שמיץ מיט דער בײַטש פֿונעם שמײַסער אויף דער קעלניע, נאָר זי פֿלעגט עס, נעבעך, אַראָפּשלינגען. שאַ, קיטש... און געטאָן טאַקע אירס, ווײַל זי האָט זייער גוט געוווּסט, אַז אַ בײַטש איז אַ גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס זי וועט שפּעטער כאַפּן, אויב זי קומט צוריק אין בויד, חלילה, מיט ליידיקע הענט... וואָס זי, נעבעך, איז אין די יונגע יאָרן צרות אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך גאָר נישט אַרויסזאָגן. אויך הײַנט שטייט זי נאָך געננג צרות אויס. אין גיהנום באַדאַרף

מען אַזוי פֿיל נישט אָפּקומען וויפֿל זי. נעבעך, קומט אָפּעט. אָך, דאָס בלוט קאָכט אין מיר, ווען איך דערמאָן מיך אין איר! אוי, וויי, מײַן לעבן וואָלט איך פֿאַר איר געגעבן אַוועקגעגעבן, אַבי זי אויסצולייזן. הערט איר, ייִדן, ס׳איז נאָך אויף דער וועלט גאָר נישטאָ אַזאַ גוטע, שטילע טויב, אַזאַ זיסע טײַערע נשמה, ווי זי!...

— יז —

פֿישקעס דערציילונג האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקע מרה־שחורה אויף אַלטערן מיט מיר. אַלטער האָט מיט דער האַנט געריבן דעם שטערן, ווי עס וואָלט אים עפּעס געביסן, און אַלץ געמאַכט פֿאַר זיך: עט, עט!

— הערט איר, ר׳ אַלטער — רוף איך מיך אָן מיט אַ שמייכעלע — פֿישקע, כ׳לעבן, איז טאַקע פֿאַרליאַפּעט[1] אין דעם האַרבאַטן מײדל. ס׳איז, כ׳לעבן, עפּעס נישט גלאַט.

— למאַי זאָל איך לייקענען? — האָט פֿישקע געזאָגט — איך האָב זי טאַקע אָנגעהויבן שטאַרק ליב צו האָבן אין האַרצן פֿאַר גרויס רחמנות. עס האָט מיך עפּעס צו איר געצויגן, מיר צוגעקומען לעבן פּונעם זיצן אַ מאָל מיט איר אין איינעם... וואָס?... גאָר נישט! גלאַט אַזוי זיך... שמועסן אָדער שווײַגנדיק אָנקוקן זיך איינער דעם אַנדערן. דאָס גוטסקייט איז איר געלעגן אויפֿן פּנים. דאָס קוקן אירס אויף מיר איז געווען טאַקע נאָר ווי אַ געטרײַע שוועסטער קוקט אויף איר אומגליקלעכן ברודער בשעת אים איז, נעבעך, שלעכט, שטאַרק נישט גוט. און אַז געמענדיק צום האַרצן מײַנע צרות האָט זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן, איז מיר געוואָרן עפּעס גוט, וואַרעם, מחיה אין אַלע גלידער. עפּעס האָט מיר זיך געדאַכט, געדאַכט... איך ווייס אַליין נישט וואָס. עפּעס האָט מיך אינעווייניק געבריט, געגלעט בײַ דער נשמה...

[1] (פּראָווינציאַליזם) פֿאַרליבט, צוגעקלעפּט (ווי מיט בלאָטע).

— פֿישקע, דו ביסט נישט מער אַליין אין דער וועלט, ביסט נישט מער עלנט ווי אַ שטיין! — און עס באַנעצן מיר זיך די אויגן פֿון הייסע טראָפּנס טרערן...

מײַן ווײַב — אַ וווּנדער, כ'לעבן! — האָט מיך שוין עפּעס נישט אַזוי געאַרט, עפּעס איז מיך שוין נישט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען, ווי זי מאַכט חן מיט דעם ממזר. געקרימט דערויף האָב איך מיך נאָך טאַקע, אָבער דאָס קרימען זיך האָט שוין נישט געהאַט דעם טעם ווי פֿריִער. אַז מיר פֿלעגט אַ מאָל אַרויפֿקומען אויפֿן געדאַנק אַזוי: דו ווילסט, פֿישקע, דײַן ווײַב זאָל אַ זאָג טאָן, „אַציגד איז שוין גענוג זיך אַרומגעשלעפּט, קום לאָמיר זיך באַזעצן אין אַ שטאָט?“... פֿלעג איך זוכן ווי מיך אויסצודרייען, נישט געבן קיין גלײַכן ענטפֿער און זיך פֿאַרטראַכטן דערבײַ אין איר... וואָס וועט זײַן מיט איר, מיט דער האָרבאַטער, נעבעך?... נאָר הערט אָבער אַ מעשׂה! אַז איך בין געוואָרן אין האַרצן צו מײַן ווײַב קילער, שוין נישט געצאַפּלט נאָך איר אַזוי ווי פֿריִער, איז זי, דאַכט זיך, געוואָרן צו מיר הייסער. עס פֿלעגט אויף איר אַ מאָל אָנקומען אַ שעה, וואָס זי איז געווען צו מיר גוט, ווייך ווי אַ טייג, און האָט זיך געהאָנגען מיר פּשוט אויפֿן האַלדז. נאָר דערפֿאַר שפּעטער פֿלעגט עס מיר באָקאָם [2] אויספֿאַלן. זי פֿלעגט מיר טאָן אין דער גאַל אַרײַן, מיך פּלאָגן, פּײַניקן נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי פֿריִער, אַזוי אַז דאָס לעבן איז מיר נישט ניחא געווען און האָב מיר געווונטשן דעם טויט. איך האָב פֿון איר געהאַט, טאַקע ווי מען זאָגט קאַלט און וואַרעם. איך האָב גאָר נישט געקענט פֿאַרשטיין וואָס איז איר געשען? משוגע איז זי צי חסר־דעה? וואָס איז מיט איר אַזוינס? נאָר אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז זיך פֿאַרלאָפֿן עפּעס אַ זאַך און דער בלאָטער איז פּלוצלינג אויסגעשפּרונגען. איך האָב שוין פֿאַרשטאַנען, וואָס ברענט אַזוינס מײַן ווײַב, וואָס די רוגזא אירע באַטײַט. ס'איז אַ ווייטיק, אַ בושה צו דערציילן.

[2] (רוס') אונטערהאַקן אַ זייט, ס'וועט טייער קאָסטן.

פֿישקע פֿאַרטראַכט זיך אַ רגע. דערנאָך טוט ער זיך עפּעס אַ געשמאַקן קראַץ און הייבט אָן ווײַטער צו דערציילן:

— איין מאָל זײַנען מיר אָנגעקומען ערגעץ אין אַ קליין שטעטל און פֿאַרפֿאָרן, ווי געוויינטלעך, אויף אַן אַכסניא גלײַך אין הקדש אַרײַן. איך זאָג אײַך, יִדן, עפּעס האָב איך דאָך שוין געגנוג הקדשים מיך אָנגעזען אין מײַן לעבן און ווייס גאַנץ גוט, וואָס אַזעלכע באַטײַטן, נאָר זיי אַלע זײַנען גאָלד אַקעגן דעם הקדש פֿון יענעם שטעטל. אַז איך דערמאָן מיך אין אים, הייבט אַצינד נאָך אָן מיר דאָס גאַנצע לײַב צו בײַסן און איך מוז מיך קראַצן. אין גאַנצן האָט דער הקדש אויסגעזען ווי אַ שטאַרק אַלטע קרעטשמע, אַ חורבֿה מיט אויסגעקרימטע, נישט קיין גלײַכע ווענט, מיט עפּעס אַ דעכל, מישטיינס געזאָגט, ווי אַ צעקנייטשט קאַפּעליושל, פֿאַרריסן פֿון פֿאָרנט און נידעריק אָנגעבויגן פֿון הינטן, כּמעט ביז דער ערד. מען האָט באַשײַנפּערלעך געזען, אַז דער הקדש, נעבעך, חלשט, וויל אײַנפֿאַלן און ליגן ווי אַ באַרג מיסט אויף דער ערד, נאָר דער עולם אין שטעטל האָט אים אָפּגעשריגן, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך, און אים אײַנגעבעטן, צו האַלטן זיך אַזוי אויף ווײַטער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דורך קלאָמפּערשט עפּעס אַ טויער איז מען אַרײַנגעפֿאָרן אין אַ גרויס הויז מיט צעשאָטענע, לעכערדיקע ווענט, דורך וועלכע עס האָט זיך אַרײַנגעגנבֿעט אַ שטיקל שײַן. די ערד דאָרט איז געווען גריבערדיק, ערטערווײַז איז געשטאַנען קאַלוזשעס פֿאַרשימלטע, פֿאַרדומפּענע פֿון פּאָמויניצעס און נאָך אַזעלכע זאַכן, אויך פֿונעם רעגן, וואָס פֿלעגט תּמיד דורך דעם פֿוילן, שטרויענעם דאַך, צעשיטעט [3] ווי אַ רעשעטע, אַהין אַרײַנקאַפּען. צעריבענע, פֿאַרפֿוילטע שטרוי האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט, אויסגעמישט מיט אַלערליי מיני שמאַטעס: צעריסענע טאָרבעס, צעהאַקטע ראָגאָזשעס, פֿאַרדאַרטע ווערכלעך [4] פֿון שיך, אַלטע פּאָדעשוועס און אויסגעדרייטע אָפּצאָסן מיט פֿאַרזשאַווערטע טשוועקעס

[3] געוואָרן שיטער. — [4] אייבערשטע לעדער.

קעס, שערבלעך, צעבראָכענע רייפֿן, ספּיצעס[5] פֿון רעדער, האָר, ביינער, דראַפּאַטשעס, ריטער פֿון בעזעמער און נאָך אַזעלכע שמאָכ־טעס. דאָס דאָזיקע ביסל סחורה אין איינעם האָט געפּרײַעט[6] און געגעבן „די שמוכט", משונהדיקע ריחות גאָר אַ שרעק.

אין דער לינקער זײַט הויז האָט זיך געעפֿנט מיט אַ בייזער אַ פֿאַרשמאָלצעוועטע טיר אין אַ שטוב אַרײַן מיט קליינע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאַנענע פֿענצטער און אַ טייל שויבן זײַנען אויס־געשלאָגן און פֿאַרקלעפּט מיט צוקער־פּאַפּיר, אָדער פֿאַרשטעקט מיט אַ שמאַטע, אַ טייל זײַנען שטאַרק שמוציק, אין די ווינקלעך באַ־דעקט דיק מיט שימל, און ווידער אַ טייל זײַנען פֿאַר אַלטקייט איבערגעצויגן מיט געלגרינע משונה גלאַנצנדיקע קאָלירן און דער גלאַנץ שטעכט עפּעס די אויגן, גלײַך ווי אַ קריץ אויף גלאָז רײַלצט ווילד אין די אויערן. אַרום די אָפּגעשלאָגענע ווענט און נעבן אַ גרויסן אויוון ציִען זיך לאַנגע בענק פֿון ברעטער, וואָס ליגן אויף קלעצלעך און שטיקער האָלץ, העכער אַ ביסל איבער די בענק שטעקן אין די ווענט גרויסע און קליינע פֿלעקלעך. פֿון דער שוואַר־צער סטעליע הענגען אַראָפּ שטריקלעך מיט פּעטליעס, אין וועלכע עס האַלט זיך בײַ די ביידע עקן אַ לאַנגער שטאַנג. די פֿלעקלעך מיט דעם שטאַנג זײַנען פֿאַרהאָנגען מיט פֿאַרדריפּעטע קאַפּטנס און קליידלעך, מיט אַלערליי חפֿצים און טאָרבעס פֿון אָרעמע לײַט, וואָס קומען צו פֿאָרן אין בײַדלעך אָדער קומען זיך צו שלעפּן צו פֿוס און שטייען דאָרט אײַן, יונג און אַלט, מאַנסבילן און ווײַבער, אַלע אין איינעם. דער הקדש איז אַ חוץ דעם נאָך אַ ביקור־חולים אויך. דאָרט איז דאָס אָרט אויף צו שטאַרבן פֿאַר קראַנקע מיאוסע קבצנים אין דעם שטעטל. דער רופֿא טוט אַלצדינג וואָס נאָר מעג־לעך: שטעלט באַנקעס, פּיאַווקעס, לאָזט צו דער אָדער און צאַפּט, אויף קהלשע הוצאות, קבצנים בלוט ביז די כשרע נשמה גייט זיי אויס און דער הקדש־מאַן, וואָס איז צו גלײַך דער קבֿרות־ייִד פּו־

---

[5] פּלעקלעך. — [6] געפּאַרעט (אויף דער זון).

נעם שטעטל, איז זיי טאַקע באַלד מקבר אומזיסט. דער הקדש־מאַן מיט זײַן הויזגעזינד זיצט אויך טאַקע דאָרט אין אַ מין אַלקערל, מישטיינס געזאָגט. חוץ וואָס ער איז אַ הקדש־מאַן, אַ קבֿרות־ייִד, אַ שמש אין דער חבֿרה קדישא, אַ משגיח אין זײַן ביקור־חולים, אַ ושתּי המלכּה אָדער אַ מאָנדרוש [7] אין פּורים, אַ פֿאַרשטעלטער בער מיט אַן איבערגעקערטן פּעלץ אין שׂמחת־תּורה, אַ סאַרווער, אַן אָנשטעלנמאַכער, אַ ווערטלזאָגער אויף אַלע חתונות און בריתן — האָט ער נאָך אַ פּרנסה דערצו, צו מאַכן חלבֿדיקע ליכטלעך. די אַלע באַלעבאַטים און בתּי־מדרשים ציִען בײַ אים ליכט אין הויז פֿונעם הקדש און עס ווערט דענסטמאָל אַ געשטאַנק, אַן עיפּוש ווײַט אַרום און אַרום.

אַז אונדזער כאַליאַסטרע איז אָנגעקומען אַהין אין הקדש, איז ער געווען אָנגעזעצט געבוג מיט אורחים. דער הקדש־מאַן האָט זיי געטריבן:

— געבוג געזעסן, פֿאָרט אײַך געזונטערהייט שוין ערגעץ אַנדערש!

נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען דאָנערשטיק, האָבן זיי געהאַט אַן אויסרייד זיך אָפּצובעטן — פֿאַרבלײַבן דאָ ביז נאָך שבת. די ערד, די בענק און דער אויוון זײַנען בײַ נאַכט באַלאַגערט געווען מיט מענטשן. מען האָט זיך געשטופּט, געקוועטשט, געקריגט און גע־שאָלטן פֿאַר אַ שטיקל אָרט. קאָניצע און פּיעשע האָבן שטאַרק גע־אַרבעט, איינער דעם אַנדערן אַרויסגעוויזן די שטאַרקע שׂנאה און די גבֿורה זייערע מיט די הענט. אין דער גרויסער מהומה, נישט דאָ געדאַכט, האָט געקרעכצט אין אַ ווינקעלע אַ קראַנקער אַלטער ייִד, וועלכן מען האָט נעכטן אויף קוראַציע אַהער געבראַכט, און אַ פּיצל קינד, וואָס מען האָט אין דעם שטופּעניש צוגעקלעמט אַ פֿיסל, האָט געקוויטשעט, געמאַכט לעכער אין קאָפּ שרײַענדיק, ערשט

---

[7] פּורים־שפּילערײַ — ווי עס איז צו זען — איז אויך אין די אַמאָליקע שטעטלעך פֿון צאַרישן רוסלאַנד אַריין אין חשבון פֿון ייִדישע פּרנסות.

שפּעטער, אַז די בייזע מהומה האָט זיך איבערגענומען, האָב איך מיר אָפּגעזוכט ערגעץ אַ ווינקל און זיך געלייגט ווי ס'איז אויסצורוען אַ ביסל. נאָר קוים האָב איך מיך געלייגט, זײַנען מיך באַפֿאַלן גאַנצע חיילות פּרײַסן, וואַנצן, פֿליי ווי די בערן, און האָבן מיך געוואָלט לעבעדיקערהייט אויפֿעסן. דאָס לײַב הייבט מיר נאָך אַצינד אָנעט צו בײַסן און מוז מיך שטאַרק קראַצן, נאָר בײַם דערמאָנען זיך אין די דאָזיקע מלאכי־חבלה. אַז איך האָב אַ קוק געטאָן, אַז מיט פּרײַסן מלחמה צו האַלטן איז שווערלעך, אַ פּרײַס איז אַ באַשעפֿעניש וואָס קריכט און זײַן שותּף, די וואַנץ, שטינקט, האָב איך זיי מוחל געווען מײַן שטיקל פּלאַץ — לאָזן זיי מיט אים זיך וואַרגן! און בין אַרויס אין הויז, דאָרט ווי ס'איז צוברענגען די נאַכט. אין דרויסן איז געווען שרעקלעך פֿינצטער. אַ קאַלטער, אַ שטאַרקער ווינט האָט געשטורעמט, געהײַלט ווי די הונגעריקע וועלף, געפֿײַפֿט און געבלאָזן דורך די שפּאַלטן אין די ווענט. שטיקלעך שטרוי זײַנען פֿונעם דאַך געפֿלויגן און האָבן מיט נאָך אַנדערע מיני שמאָכטעס ווי די רוחות אין הויז אַרומגעטאַנצט. צו ווײַלן האָבן אַהין דורך די לעכער אויך אַרײַנגעקאַפּעט גרויסע טראָפּנס רעגן. איך האָב פֿאַררוקט מיך דאָרט אין אַ ווינקל און געלעגן מיט אַ ביטער געמיט, געציטערט פֿאַר קעלט. „אײַ, די באָד, די באָד! — האָב איך געאײַקעט און געאָכט — ווו נעמט מען מײַן באָד? דאָרט איז דאָך פּשוט אַ גן־עדן, וואַרעם, אַ דערקוויקעניש. ווי גליקלעך בין איך אין דעם דאָזיקן גן־עדן דאָרט אַמאָל געווען. וואָס האָט מיר געפֿעלט? וואָס איז מיר דאָרט אָפּגעגאַנגען? מיר איז געווען אַזוי גוט, אַזוי וווּיל — האָט דער רוח באַדאַרפֿט אָנטראָגן מײַן ווײַב, איך זאָל דורך איר פֿאַרטריבן ווערן פֿונעם גן־עדן און אַרומוואָגלען איבער דער וועלט. אויף צרות נאָר זײַנען די ווײַבער דאָ, טאַקע נאָר אויף צרות. וואָס טויגן זיי? וואָס האָט מען פֿון זיי? קיין גוטס, כ'לעבן, קומט פֿון זיי נישט אַרויס... באַלד אָבער דערמאָן איך מיך אין דעם האָרבאַטן מיידל און פֿאַר מיר אַליין מיך געשעמט. ס'טײַטש, זי איז דאָך אַ גוטע, אַ כּשרע נשמה. מיט איר אין איינעם איז דאָך עפּעס אַ

תענוג. ס'איז עפּעס גלאַט גוט, גרינג, פֿריילעך אויפֿן האַרצן צו זיצן און שמועסן מיט איר. אַ כּפּרה טויזנט באָדן פֿאַר איר מינדסטן נאָגל. פֿון אירס אַ קוק ווערט עפּעס געשמאַק וואַרעם אין אַלע גלידער.

— שעם זיך, פֿישקע! — שייגעץ איך מיך אַליין אויס — זינ־דיק נישט מיט דײַנע ריידן! ווײַבער גיבן עפּעס צו אַ שטיק געזונט און לעבן. ווײַבער קענען גליקלעך מאַכן און פֿונעם גיהנום אַפֿילו מאַכן אַ גן־עדן... פֿון אַזעלכע זיסע געדאַנקען האָב איך פֿאַרגעסן אין אַלע מײַנע צרות. דאָס ווינקעלע, וווּ איך האָב מיך צוגעשפּאַרט, איז עפּעס גאָר גוט מחיה. מיר איז שוין מער נישט קאַלט. איך הייב אָנעט לייענען קריאת־שמע מיט געפֿיל. די אויגן קלעפּן מיר זיך און ווער באַלד אַנדרעמלט. פּלוצלינג אָבער האָט מיך אויפֿגע־וועקט עפּעס אַ שרעקלעך געשריי.

קוקט נאָר אָן דעם נפֿש! — האָט עמעצער געשריגן נעבן די טיר פֿון דער שטוב און דערלאַנגט פֿון דאָרט אַ וואָרף מיט דעם גאַנצן כּוח אין הויז אַרײַן עפּעס אַ שווערע זאַך, וואָס איז ווי אַ שטיין געפֿאַלן אויף דער ערד מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ — קוקט נאָר אָן די מצאָצע[8], אויך מיר אַ מענטש! אַ קאַטאָוועס די גראַפֿינע פּאָטאָצקע!... און אין הויז ביסטו קראַנק צו ליגן, פֿאַרפּאָטשקעטע[9] גראַפֿינע?

איך האָב באַלד אין דעם קול דערקענט דעם ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאָן! ער האָט נאָך אַ ביסל געשריגן, געזידלט, אויסגעוואָרפֿן מיט דער גראַפֿינע פּאָטאָצקע, דערבײַ אויסגעשפּיגן און פֿאַרמאַכט דערנאָך די טיר מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ.

אַ שטיקל לבֿנה איז אַרויסגעקראָכן פֿון צווישן די צעריסענע שטיקער וואָלקן, האָט אַרײַנגעקוקט דורך דעם צעבראָכענעם דאַך אין הויז אַרײַן און באַלויכטן דאָרט עפּעס אַ מענטשלעך געשטאַלט, וואָס איז געלעגן ווי אַ קלומעק, שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טאָן.

[8] (שפּעט־לשון) „שיינע" מציאה. — [9] פֿאַרריסענע, האַלט זיך אין גרויסן.

איך האָב מיך אַ לאָז געטאָן זען, ווער איז עס די מצאָצע אָדער די גראַפינע פּאַטאָצקע, וואָס ליגט דאָרט אַזוי. איך טו אַ בליק און אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן! פינצטער איז מיר אין די אויגן און דער קאָפּ דרייט זיך מיר, אַזוי ווי פון דער ערשטער פּאַרע אויף דער אייבערשטער באַנק. מײַן האָרבאַטע מיידל. זי, נעבעך, ליגט עס אויפן רוקן טויט אויסגעשטרעקט פונעם שטאַרקן שלײַדער, וואָס דער ממזר האָט מיט איר געטאָן! איך נעם מינטערן מיט אַלע כּוחות די האָרבאַטע, נעבעך. און אַז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן, האָב איך זי אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט ‏עפּעס נישט מיט קיין מענטשלעכן כּוח, ווי בשעת מען ראַטעוועט אין אַ גלופּסקער גרויסער שׂריפֿה, און בין מיט איר גיך אַוועק אַהין אין מײַן ווינקעלע. איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז דענסטמאָל בין איך געגאַנגען גאָר גלײַך, ווי אַלע מענטשן, און האָב אַפילו קיין הינק נישט געטאָן. זי האָט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אויפגעעפנט איין אויג נאָך דעם אַנדערן און אַ שטילן זיפץ געטאָן. איך האָב פאַר שׂמחה געמיינט, אַז די וועלט איז מײַנע. ס׳איז מיר געווען צו מוט טאַקע גאָר ווי דעם בעטלער אין די געשריבענע מעשׂיות, וואָס ווערט פלוצלינג פון דער העלער הויט מגולגל אין אַ טײַערן פּאַלאַץ, זיצט זיך דאָרט אָנגעלענט אויף דעם גוטן עסעבעט[10] אין איינעם מיט אַ בת־מלכּה און טוט זיך וויל. איך האָב געשווינד אַראָפּגעוואָרפן פון מיר מײַן קאַפּאָטע און אײַנגעוויקלט מײַן בת־מלכּה, וואָס האָט געציטערט פאַר קעלט.

— אוי! — האָט מײַן האָרבאַטע, נעבעך, אַ זיפץ געטאָן, אויסגעריבן די אויגן און געקוקט, עפּעס גלײַך ווי זי וואָלט זיך אַרומגעקוקט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז.

— וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי? — טו איך זי אַ פרעג — איך בין פישקע. געדאַנקט און געלויבט איז גאָט, וואָס דו לעבסט.

— אַך און וויי איז מיר! — זאָגט זי מיט אַ זיפץ טיף פונעם

[10] (הסב בעט — נאַטוראַליזירט) פּאָטערשטול, אויסגעבעט (ווי צום סדר).

האַרצן — וואָס טויג מיר, וואָס איך לעב! אידער אַזאַ לעבן איז שוין בעסער דער טויט. גאָט איז דאָך אַ גוטער, אַ באַרעמהאַרצעדיקער, הײַנט צו וואָס האָט ער אַזעלכע ווי איך גאָר באַשאַפֿן, נאָר אויף צו לײַדן און צו פּלאָגן זיך אין דער וועלט?

— נאַרע! — מאַך איך צו איר — מסתּמא ווייסט גאָט, וואָס ער טוט. מסתּמא איז דאָך אים ניחא, אַז אַזעלכע ווי מיר זאָלן אויך זײַן אויף דער וועלט. גאָט איז אַ טאַטע. ער זעט, הערט און ווייסט אַלצדינג. דו מיינסט, נאַרעלע, ער ווייסט נישט אונדזערע ביידנס צרות? גאָט ווייסט, נישקשה! די לבֿנה זײַנע, זע נאָר, זע, קוקט פֿון הימל אַהער אַפֿילו, אין הויז, אויך אַרײַן. זינדיק נישט, נאַרעלע, מיט די רייד.

זי האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר פֿײַערדיקע אויגן, אין וועלכע עס זײַנען געשטאַנען גרויסע טראָפּנס טרערן און זיך גע־פֿינקלט אַקעגן דעם שײַן פֿון דער לבֿנה ווי בריליאַנטן. אירע אויגן און איר קוק דענסטמאָל אויף מיר וויל איך אייביק נישט פֿאַרגעסן.

אַז איך בין אויפֿגעשטאַנען אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי, האָב איך געזען, מײַן האָרבאַטע ליגט אין ווינקעלע, אײַנגענורעט אין מײַן קאַפּאָטע און שלאָפֿט ווי אַ פֿייגעלע. דאָס פּנים אירס איז געווען בלייך און אויסגעזען עפּעס אַזוי גוט, אַזוי רחמנותדיק גוט... די ליפּן האָבן צו ווײַלן געציטערט און זיך אויסגעצויגן עפּעס ווי מיט אַ געבעט, עפּעס בעט זי, נעבעך, רחמים: פּײַניקט מיך נישט! וואָס האָב איך אײַך געטאָן? וואָס האָט איר צו מיר? פֿאַרוויסט מיר נישט דאָס לעבן! וואָס האָב איך אײַך געטאָן? וואָס האָב איך אײַך געטאָן?... און דאָס בעטן אירס רײַסט אויס אַ שטיק האַרץ. עס האָט מיר זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן — און איך האָב געוויינט...

דער ערשטער, וואָס איז אין דער פֿרי אין הויז אַרײַנגעגאַנגען, איז געווען דער ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן! — ער האָט מיט זײַנע גנבֿישע אייגעלעך אַ קוק געטאָן אויף מיר; אויף דער האָרבאַטער און איז מיט אַ שטעכנדיקן געלעכטערן אַוועק צוריק אין שטוב אַרײַן.

— יח —

פֿישקע איז פּלוצלינג געבליבן שטיל און אַוועקגעקערט דאָס פּנים, גלײַך ווי ער וואָלט זיך געשעמט. וואָס מײַן אַלטער האָט אים נישט געבעטן ווײַטער צו דערציילן, האָט אַלץ נישט געהאָלפֿן. „עט, כ׳לעבן״ — האָט פֿישקע געמאַכט, איז רויט געוואָרן, זיך געמינעט און נישט געעפֿנט קיין מויל. פֿישקע, ווי עס האָט אויסגעזען, האָט לסוף זיך אַליין פֿאַרשעמט פֿון זײַנע אייגענע רייד. פֿריִער, אַז עס האָט אים דער ערשטער ברי געטאָן, האָט ער זיך צעפֿלאַקערט, צע־רייצט, ווי איינער פֿון דער היץ. ער האָט גערעדט מיט פֿײַער און אויסגעגאָסן זײַן גאַנץ האַרץ אין אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען גאָר נישט געווען פֿאַר פֿישקעס מוח. די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אים געגאָסן אַליין. עס האָט אין אים זיך צערעדט די נשמה. ער האָט בשעת־מעשׂה פֿאַרגעסן אַלצדינג, וואָס אַרום אים טוט זיך. גערעדט, גערעדט, נישט צו הערן כּמעט אַליין, וואָס ער רעדט, ביז ער האָט פּלוצלינג זיך אַ כאַפּ געטאָן, עפּעס ווי אַליין זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד, זיך עפּעס געוווּנדערט, ווי קומט אַזוינס צו אים... און איז שטאַרק פֿאַרשעמט געוואָרן. בײַ וועלכן פֿון אונדז מאַכט זיך נישט כאָטש איין מאָל אין לעבן אַזאַ ליכטיקע, גוטע שעה, וואָס דענסטמאָל עפֿנט זיך אַ מויל און ריינע, אמתע מענטשלעכע געפֿילן גיסן זיך אים אַרויס, ווי אַ שטראָם הייסע זודיקע גאַז פֿון אַ פֿײַערשפּײַענ־דיקן באַרג? אויף בלעמס אייזל אַפֿילו איז אויך אָנגעקומען אַ שעה, אין וועלכער עס האָט פֿון דער העלער הויט אים זיך געעפֿנט דאָס מויל און האָט געהאַלטן אַ שיינע רעדע. ווער שמועסט בײַ בעלי־דרשנס, להבֿדיל, מאַכט זיך פֿיל מאָל, אַז אַזעלכער, וואָס מעלה־גרהט געוויינטלעך, פּלוידערט תּמיד אַוועק נאַרישקייטן, אַ שרעק צו הערן, פּלוצלינג פֿאַלט אויף אים אָן אַ מאָל עפּעס אַ באַגײַסטערונג און ער זאָגט נישט ווילנדיק אַרויס אַ גלײַך וואָרט, וואָס דער גאַנצער עולם און ער אַליין מיט זײַן כּבֿוד אויך בלײַבן דערנאָך פֿאַרגאַפֿט.

בײַם ערגסטן חזן, אַ קאַטשאַן [1], וואָס גלוסט זיך ברעכן, הערנדיק, זײַן טערעלייקען מיט משוגענע העוויות, טרעפֿט זיך אַ מאָל, אַז פּלוצלינג טוט עס מיט אים אַ טראָג, ער צעיאָגט זיך אין דעם מוסף מיט אַ ברען און וואַרפֿט־אַרויס אַ „יקום פורקנדל“, אַ „תּכנת־שבתל“ מיטן קנאַק. טרעט די גוטע שעה אָפּ, בלײַבט דער אײזל ווײַטער טאַקע אַן אייזל, דער בעל־דרשה, להבֿדיל, ווײַטער אַ פּלוידערזאַק און דער חזן, מישטײַנס געזאָגט, ווײַטער אַ קאַטשאַן... נישט דאָס בין איך אויסן. צוויי ייִדן, דרייערס, האָב איך געקענט אין אַ ייִדישער דרוק, וואָס די גאַנצע אַרבעט זייערע איז באַשטאַנען דרינען, טאָג ווי נאַכט, צו דרייען די ראָד פֿון דער מאַשינע, שטייענדיק בײַ איר אין דער זײַט, איינער נעבן דעם אַנדערן, נאָר אַזוי ווי די אָנגעמאָל־טע גולמס. דריי און דריי שטענדיק, אָן אַן עק, אַלץ אויף איין אָרט, אויף איין שטייגער. פּלוצלינג האָט עס זיי עפּעס ווי אונטערגעטראָגן און האָבן זיך אַ נעם געטאָן דרייען דאָס ראָד געשמאַק, מיט געפֿיל, שטאַרק באַגײַסטערט. די אויגן ברענען, פֿלאַקערן און זיי דרייען מיט אַזאַ תּענוג, ווי זיי וואָלטן געווען אויפֿן זיבעטן הימל, ווי זיי וואָלטן געדרייט וועלטן, און האָבן מיט איטלעכן דריי אויסגעדריקט עפּעס אַ געדאַנק, עפּעס אַ געפֿיל, וואָס דרייט זיי אינעווייניק. שפּעטער אַ ווײַלע, אַז דער ברען האָט נאָכגעלאָזט, האָבן זיי פֿאַרוווּנדערט איינער דעם אַנדערן מיט אַ פּאָר גלעזערנע אויגן אָנגעקוקט, אויסגעשפּיגן, פֿאַרדרייט די קעפּ, איטלעכער אין זײַן זײַט, געדרייט ווי געווײַנטלעך און ווײַטער אַ פּנים געהאַט ווי די ליימענע גולמס.

איך קוק אויף פּישקען, וואָס איז געבליבן אָן לשון, און זוך בײַ מיר מיטלען ווי אים באַריידעוודיק צו מאַכן. פּלוצלינג פֿאַלט מיר אײַן ר׳ לייב־שׂרהס גולם, ווי ער טוט זיך אַ שטעל־אויף, נאָך דעם ווי ר׳ לייב רוקט אים אַרײַן הינטן דעם שם־המפֿורש, כאַפּט זיך און טוט אַלצדינג וואָס מען הייסט. זיקער שיין — טראַכט איך מיר

---

[1] דער גראָבער חאַרצל פֿון קרויט, קאַוועגעס; צונעמעניש: אַ קאַליקע, אַ טויגעניכטס.

— ברוך־הבא! נאָר אַנשטאָט דעם, וואָס בײַ יענעם גולם, עליו השלום, האָט געווירקט אין זײַנע צײַטן, וועט הײַנט, בײַ מײַן גולם, אים צו לאַנגע יאָר, ווירקן פּשוט דאָס מידל...

איך הייב־אָן פֿישקען אונטערצוגעבן פֿאַרע, צו דערוואַרעמען אים מיט אַ שמועס וועגן זײַן האָרבאַטע מיידל. און דערבײַ האָב איך טאַקע מיך אַליין אויך צעהיצט, גערעדט פֿונעם האַרצן מיט פֿײַער און אויסגעלאָזט דעם שמועס אַזוי:

— וויפֿל אומשולדיקע קינדער, נעבעך, קומען עס אויף דער וועלט אַזוי אָפּ פֿאַר די זינד פֿון זייערע עלטערן, וואָס גלוסט זיך זיי נאַרישקייטן, דרייען זיך, גטן זיך און לאָזן־איבער די קינדער, זייער פֿלייש און בלוט, הפֿקר, ווי אויפֿן וואַסער! וואָס גייט זיי אָן קינדער! זיי האָבן אין זינען נאָר דאָס נפֿשל, זייער אייגן נפֿשל. איט־לעכער פֿון די שיינע עלטערן האָט ווײַטער חתונה...

איך בין געבליבן ווי דערוואָרגן אין דער מיט פֿונעם שמועס. אַלטער מײַנער, זע איך, איז צעקאָכט, אויס מענטש. עס טוט מיר באַלד טאַקע אַ קלאַפּ אין האַרצן: אײַ, בין איך עס באַגאַנגען אַ מיאוסן פֿעלער, זיך אַרויסצוכאַפּן פֿאַר אַלטערן מיט אַזעלכע ווער־טער, וואָס זײַנען צוגעפּאַסט צו אים און האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ! עס טוט מיר שרעקלעך באַנג. איך שטראָף מיך אין האַרצן און זאָג מיר אַליין מוסר: גוואַלד, מענדל, מענדל, שוין צײַט קומען צום שׂכל, נישט אַרויסצוזאָגן יענעם דעם אמת ווי אַ יינגל! ביסט דאָך, ברוך השם, שוין אַ ייִד מיט אַ גרויסער באָרד. שוין צײַט זײַן אַ מענטש, פֿאַרשטיין וואָס זיך איז ניצלעך און גוט. אײַ, דײַן צונג, דײַן צונג!...

איך האָב מיר אין האַרצן אַ נדר געגעבן, ווײַטער מיך צו היטן מיט אַ וואָרט, הערן, זען און שווײַגן — די גוטע מידה פֿון אַלע קלוגע, פֿײַנע לײַט, וואָס איז נייטיק אין לעבן. איטלעכן וועל איך נאָר לויבן, באַליבט צו מאַכן זיך מיט דעם בײַם עולם. עס האָט מיר זיך פֿאַרגעשטעלט גאַנצע מחנות אונדזערע גוטע מענטשעלעך, פּעטערס מיט שײַנענדיקע פּנימלעך. זיי דרייען זיך אַהין און אַהער,

חבֿר מיט דעם, מיט יענעם, טאַנצן אויף אַלע חתונות, האָבן שטענדיק נאָר הנאה, קושן זיך מיט איטלעכן, וואָס ער איז פֿון אויבן, צעגייען פשוט פֿאַר פֿרייד, ריידנדיק מיט יענעם פֿון זײַן גליק, ווינטשעווען אים צו מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּעלעך, צעלייגן אויף טעלערלעך יענעמס גוטסקייט און גיבן אים עולם־הבא מיט דער פֿולער האַנט; לויפֿן אַנזאָגן בשׂורות, געפֿינען זיך אומעטום, ווו נאָר ערגעץ אַ קערמעשל, אַ שׂמחה. תּמיד שײַנען זיי די אייגעלעך, דער שטערן גלאַנצט, די בעקעלעך פֿאַרפֿאַרבט, די נאָז פֿײַכט מיט ווײַמפּערלעך [2]. זיי זײַנען צופֿרידן, פֿריילעך און קוועלן גאָר אָן... אַז ווויל איז אײַך, פֿעטערס! פֿון הײַנט אָן ביז איך אויך אַ פֿעטער. עפּעס האָט מיר דער נאָמען פֿעטער אָנגעהויבן צו געפֿעלן, אַזוי אַז עטלעכע מאָל האָב איך עס פֿאַר מיר איבערגעחזרט מיט גרויס פֿאַרגעניגן: פֿעטער! פֿעטער מענדעלי! פֿעטער ר׳ מענדעלי!...

בכדי צו פֿאַרגלעטן מײַן פֿעלער אַקעגן אַלטערן, הייב איך אָן אויף אים רחמנות צו האָבן און אײַננעמען אים מיט גוטע ריידעלעך:

— ר׳ אַלטער, אײַך איז, נעבעך, נישט גוט צו זיצן, איר שפּאַרט שוין, נעבעך, אָן בײַם עק וואָגן; עס מוז אײַך, נעבעך, ווי טאָן די ביינער פֿונעם צו פֿיל זיצן אויף איין אָרט: קומט, איך בעט אײַך, צו מיר אויפֿן וואָגן! דאָרט מאַך איך אײַך אַ גוט געלעגער. מיר וועלן נעמען צו ביסלעך בראַנפֿן, זיך אַ ביסל דערקוויקן.

מײַן אַלטער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן. מיר קריכן אַלע אַראָפּ פֿונעם וואָגן. בין מכבד מײַן פֿערדל צו שלעפּן זיך פֿאָרויס, אַלטערס שקאַפּע אים פֿון הינטן. מיר צעגייען זיך אַ ביסל די פֿיס, קריכן־אַרויף דערנאָך צו מיר, דערענדיקן דעם „אַשר יצר", מאַכן לחיים. איך בין זיס ווי לאַקריץ, ווינטשעווע אַלטערן אָן אַן עק, מיט טרערן אין די אויגן פֿאַר גרויס פֿרייד, גלאַט אַזוי זיך, ווי אַ פֿעטער, דערוואַרעם אויך פֿישקען, גיב אים אונטער היץ, רייץ דעם יצר־הרע. עס צעשפּילן אים זיך די געבליטן און די מעשׂה הייבט זיך אַצינד אָן.

[2] רויטע פּרישטשיקלעך.

## ביַי מענדעלי מוכר ספרים אויפֿן וואָגן

פֿישקע הייבט ווידער אָן אויף זײַן שטייגער. איך העלף אים אונטער, בעסער־אויס אויף מײַן שטייגער. אַלטער האָט קיין צײַט נישט, טרײַבט־אונטער אויף זײַן שטייגער. און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי:

אויפֿן אַנדערן טאָג, פֿרײַטיק, איז אין בית־מדרש, דאָרט אין שטעטל, געווען שרעקלעך ענג פֿון די אָרעמע לײַט, וואָס האָבן זיך געשטופּט, צונויפֿגעשטיקט אַרום דעם שמשׂ. איטלעכער באַזונדער האָט געוואָלט זײַן דער ערשטער, באַקומען דעם בעסטן פּלעט[3] אויף שבת צו אַ נגיד אָדער צו אַ יוסטן באַלעבאָס, וואָס מאַכט אַ פֿעטן קוגל. העכער פֿון אַלע איז געשטאַנען דער פּלעט צו דעם בעל־טאַקסע. נידעריקער פֿון אַלע שטייען געוויינטלעך די פּלעטן צו כּלי־קודש און קהלס־לײַט, ווײַל זיי האָבן ליב אַליין גוט צו פֿרעסן און יענעם גיבן זיי מכּות. די גבאים פֿון חבֿרות קרעכצן, זיפֿצן אויף ייִדישע אָרעמע לײַט, נעבעך, און עסן גיבן זיי אויף אַ שפּיץ מעסער, נאָר אויף אַ באַשמירן די ליפּן. אָרעמע לײַט האַלטן פֿאַר אַן אומגליק צו זיי אַרײַנפֿאַלן און ווײַכן זיי ווי אַן עיפּוש. באַקומט איינער צו זיי אַ פּלעט, לאַכן די איבעריקע ווי פֿון איינעם וואָס באַקומט אַ בער־דע[4]... דער שמשׂ פֿונעם בית־מדרש איז געווען זייער בייז. ער האָט געשריגן, אַז הײַנט זײַנען דאָ אָרעמע לײַט עפּעס מער ווי תּמיד.

— קבצנים! — האָט ער געשריגן — וואָס זײַט איר ווי די הייִ־שעריקן באַפֿאַלן אונדזער שטאָט, נעבעך! נישט אויסצוהאַלטן, נישטאָ, וווּ אײַך אַהינצוטאָן! נאָר אַ שטראָף פֿון גאָט, אַן אָנשיקעניש!

ער שרײַט, בייזערט זיך און די אָרעמע לײַט טוען זייערס, שטופּן זיך און הערן נישט קיין ווערט. איין קול:

[3] טרעפער, זוכה בגורל, גלייך ווי ביים ציִען דאָס גרויסע געווינס. —
[4] פֿאַרלירט (אין קאָרטנשפּיל).

—מיר! גיט מיר, מיר!

איטלעכער רוקט דעם שמש אין האַנט אַרײַן עטלעכע גראָשן. דער שמש — וואָס זאָל ער, נעבעך, טאָן? — נעמט־צו, בייזערט זיך און גיט פּלעטן. איך מיט דער האָרבאַטער, זײַנען מיר געשטאַנען אין דער זײַט פון דער ווײַטנס. ערשטנס, האָבן מיר נישט גע־קענט; און, צווייטנס, טאַקע נישט געהאַט די העזה זיך צו שטופּן צווישן אונדזערע בערן, מיוחסים, פײַנע בריות. אומעטום זײַנען דאָ בערן, אַריסטאָקראַצן, אַפילו צווישן קבצנים. די אָרעמע אַריסטאָ־קראַצן זײַנען נאָך טויזנט מאָל ערגער פון די נגידישע... דער ממזר איז געווען, עס פאַרשטייט זיך, איינער פון די ערשטע. ער האָט באַלד באַקומען צוויי גוטע פּלעטן פאַר זיך און פאַר מײַן ווײַב, זי האָט אַפילו פאַרשפּאַרט זיך צו שטופּן. ער האָט דעם שמש אָנגעוויזן אויף איר פון דער ווײַטנס: קוקט נאָר, זײַט מוחל, אָט דאָרט שטייט זי, מײַן בלינדע, נעבעך!... אַז דער עולם איז אַוועק, זיך צעלאָזט איבער דער שטאָט, איטלעכער מיט זײַן פּלעט צו זײַן באַלעבאָס, בין איך מיט מײַן האָרבאַטער צוגעגאַנגען, אויף גאָטס באַראָט, צום שמש און געבעטן פאַר אונדז פּלעטן. ער האָט עפּעס מיט אַ זיס־זויער שמייכעלע אויף אונדז אַ קוק געגעבן און נישט געענטפערט קיין וואָרט.

— דערבאַרעמט זיך — זאָג איך צו אים — אויף צוויי נפשות, קאַליקעס, נעבעך! אַ גאַנצע וואָך קומט אין אונדזער מויל קיין לעפל געקעכץ נישט אַרײַן.

— נישטאָ מער קיין פּלעטן! — ענטפערט דער שמש — איר האָט דאָך געזען, וואָס דאָ האָט זיך ערשט געטאָן. נישטאָ שוין וווהין צו שיקן.

— נאָט אײַך! — זאָג איך און שטופּ דעם שמש אין דער האַנט אַ זעקסער — נעמט, זײַט מוחל, און דערבאַרעמט זיך אויף אונדז, זײַט אונדז מחיה, איר וועט האָבן אַ גרויסע מצווה!

— הער נאָר, דו! — רופט זיך אָן דער שמש שוין אַ ביסל ווייכער — דײַן געלט באַדאַרף איך נישט. איין פּלעט געפינט זיך

נאָך בײַ מיר און קען אים איינעם פֿון אײַך געבן. אויב איר ווילט, וואַרפֿט צווישן אײַך גורל.

— גיט איר, איר גיט! — בעט איך און ווײַז־אָן אויף דער האַרבאַטער.

— אים גיט, אים! — בעט די האַרבאַטע און ווײַזט־אָן אויף מיר — ניין, ניין, איך וועל דעם פּלעט, אָסור חזיר, נישט נעמען!

אַ היפּשע צײַט איז אַוועקגעגאַנגען מיט בעטן און דינגען זיך, איינער דעם אַנדערן האָבן מיר אײַנגערעדט צו נעמען דעם פּלעט און איטלעכער פֿון אונדז האָט זיך אָפּגעזאָגט, געשווירן, ער וועט עס בשום אופֿן נישט נעמען. דעם שמשׂ האָט די זאַך עפּעס הנאה געטאָן. ער האָט געגלעט דאָס בערדל און געקוקט אויף אונדז זייער פֿרײַנדלעך.

— ווייסט איר וואָס? — רופֿט ער זיך אָן — נאָך מעריבֿ זאָלט איר בײדע שטיין אין פּאָליש נעבן דער טיר. אַז דער עולם וועט גיין פֿונעם דאַוונען, וועלן זיך מסתּמא געפֿינען ייִדן אײַך צו נעמען אויף שבת. איך וועל פֿאַר אײַך אויך בעטן.

אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן דאַוונען פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, אַז דער עולם איז געגאַנגען פֿון דער שול, האָט דער שמשׂ זיך געווענדט צו צווײ באַלעבאַטים אין פּאָליש און זיי געבעטן, ווײַזנדיק אויף אונדז, צו נעמען אורחים אויף שבת. איך האָב, כ׳לעבן, שוין קיין האַרץ נישט געהאַט, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט, צו שיקן אײַך הײַנט פּלעטן. איך לאָז אײַך נישט אויס כמעט אַלע וואָך. נאָר אויב אײַער גוטער ווילן איז, נעמט אָט די דאָזיקע אָרעמע לײַט.

— אָך! — האָבן בײדע זיך אָנגערופֿן — וועלכער ייִד זאָגט זיך עס אָפּ פֿון אַן אורח אויף שבת? איין טאָג אין דער וואָך איז דאָ, וואָס אַ ייִד קען כאָטש אַ ביסל אָטעמען. פֿאַר וואָס זאָל ער אין דעם הייליקן טאָג אויך נישט מחיה זײַן נויטבאַדערפֿטיקע, נעבעך, און טײלן זיך מיט דעם, וואָס גאָט האָט געגעבן? מיר בעטן אײַך, שמשׂ, אַלע וואָך, אַלע וואָך טאַקע זאָלט איר אין אונדז נישט פֿאַר־געסן.

די בײדע באַלעבאָטים זײַנען געגאַנגען פֿאָרויס. אַרום זײ — קינדערלעך: ײִנגעלעך, בחורים, אויסגעצוואָגענע און אָנגעטאָן שבתדיק. אַלע האָבן געשײַנט און געשמועסט צווישן זיך פֿרײלעך. מען האָט געזען באַשײַמפּערלעך, אַז אין זײ איז דאָ די נשמה־יתירה, דעם ײִדנס צווײטע שבתדיקע נשמה. איך מיט מײַן האָרבאַטער זײַנען נאָכגעגאַנגען שטיל פֿון הינטן און בײדע געווען עפּעס צופֿרידן.

— גוט שבת! — האָט מײַן באַלעבאָס, אַרײַנקומענדיק אין שטוב, געזאָגט פֿרײלעך דעם ווײַב, וואָס איז געזעסן אויף אַ בענקל רײן, קלאָר אָנגעטאָן און געלויכטן ווי אַ פּרינצעסין; אויף דער שויס בײַ איר האָט זיך געשפּילט אַ קלײן קינד, נאָר אַ ליאַלקע, און בײַ די זײַטן זײַנען געשפּרונגען צווײ שײנע אויסגעפּוצטע מײדעלעך — גאָט האָט מיר באַשערט אַן אורח אויף שבת. זיסט, מײַן ווײַב, וואָלסטו דאָך מיך אין שטוב נישט אַרײַנגעלאָזט — לאָזט ער אויס מיט אַ שמײכעלע און נעמט זיך זאָגן הויך אויף אַ קול „שלום עליכם!“, גײענדיק איבער דער שטוב אַהין און אַהער. בײַ „אשת חיל“ האָט ער זיך געשטעלט, זינגענדיק מיט אַ ניגון, אַקעגן דעם ווײַב, גענומען דאָס קלײנע קינד צו זיך אויף די הענט און עס געקושט, געהאַלדזט, בשעת די איבעריקע קלײנע קינדער האָבן זיך אים געהאַנגען פֿון אַלע זײַטן לעבעדיק, פֿרײלעך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין שטוב זײַנען טאַקע געקומען די גוטע הײליקע מלאכים פֿונעם „שלום עליכם“.

איך דערצײל עס אײַך דאָ אַזוי, ווײַל דענסטמאָל האָט מיר דאָס האַרץ עפּעס שטאַרק געצויגן און געצויגן צו מײַן האָרבאַטן מידל... מײַן באַלעבאָס, ווי עס האָט אויסגעזען, איז געווען פֿון מיטעלן שטאַנד, די בענטשליכט האָבן געברענט אין רײן אויסגעפּוצטע לײַכטער, איך ווײס נישט, פֿון אמתן אָדער פֿון וואַרשעווער זילבער[5], דער טיש איז געווען געגרײט מיט פֿאָרצעלײַענע טעלער און די קוילעטשן איבערגעדעקט מיט אַ געשטיקטן טישטעכל. אַ פֿלעשל ווײַן

[5] אַ פּנים וואַרשעווער זילבער האָט געהאַט אַ שלעכטן שם...

האָט געפּינקלט אויפֿן טיש, פֿון וועלכן איטלעכער האָט קידוש געמאַכט. בײַם עסן האָט די באַלעבאָסטע מיר געגעבן אַלצדינג גענוג און זיך אַליין געבעטן, אונטערגעטריבן, זיך נישט צו שעמען און עסן. ס'איז געווען גאַנץ גוט. נאָר מיר איז אַ ביסל נישט אײַנגעגאַנגען, אַז איך האָב בײַ איטלעכס שטיקל פֿיש, בײַ איטלעכן זופּ לאָקשן, בײַ איטלעכן ביסן פֿלייש און צימעס, מיך דערמאָנט אין איר. ווער וויסט, אויב זי, נעבעך, האָט דאָרט אַזאַ ווילטאָג ווי איך. נאָך דעם עסן האָט מען מיך געבעטן אויף נאַכטלעגער.

— לאָז ער בלײַבן דאָ נעכטיקן! — האָט די באַלעבאָסטע שטילערהייט געזאָגט צו דעם מאַן. וווהין וועט ער גיין? אַהין, אין דעם שיינעם הקדש, אין דעם שטאַל? לאָז ער כאָטש אַ נאַכט אַ ביסל זיך אויסרוען.

נאָך נעכטיקער נאַכט, נישט הײַנט געדאַכט, איז מיר טאַקע שטאַרק נייטיק געווען אויסצורוען זיך, אפֿשר נאָך נייטיקער פֿון עסן. עס וואָלט געווען גאָר אַ דערקוויקעניש, צו ליגן דאָ אין אַ וואַרעמער שטוב אויף אַ קישן און אויסגלײַכן זיך אַ ביסל די ביינער. נאָר איך האָב מיך אָבער דערמאָנט אין איר און מיט אַ שיינעם דאַנק זיך אָפּגעזאָגט פֿון נאַכטלעגער. זי האָט געגעסן שבת אויף דעם אייגענעם הויף טאַקע אין אַ שטוב. איך בין אַרײַן אַהין נאָך איר, האָב זי גענומען און מיט איר באַלד אַוועקגעגאַנגען.

אין דרויסן איז געווען ליכטיק, שיין, די לבֿנה האָט געשײַנט און ס'איז געווען מחיה גוט צו גיין.

— קום! — האָב איך צו איר געזאָגט — קום, לאָמיר אַ ביסל שפּאַצירן. אין הקדש אַרײַן איז עפּעס נישטאָ אַזוי וואָס זיך צו אײַלן.

דערמאָנענדיק זיך אין דעם הקדש, איז מיר אַ פֿראָסט איבער דעם לײַב איבערגעגאַנגען. יענער אַלטער ייִד, דער קראַנקער, וואָס האָט נעכטן דאָרט בײַ נאַכט אַזוי געקרעכצט, האָט פֿון מאָרגן פֿרי געהאַט די גסיסה, געפּאָכט מיט דער נשמה — און איז נאָך ליכט־

בענטשן געשטאָרבן. מען האָט אים געלייגט איבער שבת אין הויז, דאָרט ווו איך האָב באַדאַרפֿט נעכטיקן.

מיר זײַנען געגאַנגען און פֿאַרגאַנגען ערגעץ אין אַ געסל מיט גערטנער און ביימער, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן געשמאַקע ריחות. אומעטום איז געווען שטיל. מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך. אַלע אין שטעטל האָבן, ווי דער שטייגער פֿון ייִדן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס נאָך דער וועטשערע, שוין לאַנג געשלאָפֿן. מיר האָבן זיך געזעצט אויפֿן גראָז ערגעץ אין אַ ווינקל, נעבן אַ פּלויט.

מיר זיצן בײדע, קוקן אַ היפּשע צײַט און שווײַגן. איטלעכער פֿון אונדז איז פֿאַרטראַכט. מײַן האָרבאַטע טוט דערנאָך אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן און ברומט שטילערהייט פֿאַר זיך זייער טרויעריק דאָס באַקאַנטע לידל:

דער טאַטע האָט מיך געקוילעט,
די מאַמע האָט מיך געגעסן...

איך גיב אַ בליק — טרערן גיסן איר זיך פֿון די אויגן. עס פֿלאַמט איר דאָס פּנים. זי קוקט אויף מיר און שמייכלט זייער באַטריבט. די כּוחות האָט זי מיר אַרויסגענומען מיט איר קוק דעמסט־מאָל אויף מיר. עס האָט מיר פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ, געקלאַפּט ווי מיט האַמערס אין די שלייפֿן. איך ווייס נישט, וואָס טוט זיך אַזוינס מיט מיר און... צום ערשטן מאָל כאַפּט זיך מיר עפּעס אַליין פֿונעם מויל אַרויס:

— נשמה מײַנע!...

— אײַ, פֿישקע... — זאָגט זי שטיל און וואַרגט זיך מיט טרערן — איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. אײַ, שטיי איך עס אַ ביסל פֿון אים אויס!

— פֿון וועמען? — רוף איך מיך אָנעט אָנגעצונדן — פֿון אים? פֿון דעם ממזר? אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן!

— אײַ, דו זאָלסט וויסן, פֿישקע, דו זאָלסט וויסן!...

איך נעם זי אָנעט בײַ דער האַנט, בײַם קאָפּ און בעט זי מיט

טרערן אין די אויגן, מיר אויסצוגיסן איר שווער, ביטער האַרץ. זי לייגט־אַרויף בײדע הענט אויפֿן פּנים, בייגט זיך אָנעט נאָענט צו מיר און גיט מיר איבער אויף אַ ציטערדיקן קול, מער אויף דעם ווונק, עפּעס אַזוינס, אַז דער רוח מעג טאַקע כאַפּן דעם ממזר, ער זאָל קיין תּחית־המתים נישט אויפֿשטיין!...

— יט —

פֿישקע איז ווײַטער געבליבן שטיל, עפּעס שטאַרק צעקאָכט און פֿאַראומערט. און בכדי אים באַריידעוודיק צו מאַכן, אַרויסצור־דערטאַפּן[1] בײַ אים אַלצדינג, וואָס מיר האָט זיך געגלוסט צו וויסן, הייב איך אים אָן אונטערצוהיצן, אַ ביסל צו רייצן און טו אַ זאָג אַזוי:

— דו האָסט נאָך גאָר נישט געזאָגט, פֿישקע, צי דײַן האָרבאַטע איז אַ שיין מיידל. וואָס קען, דאַכט זיך, אַ האָרבאַטע מיידל אַזוי געפֿעלן!

— וואָס הייסט! — מאַכט פֿישקע שטאַרק אויפֿגעבראַכט — וער רעדט בײַ אַ ייִדישער טאָכטער פֿון שיינקייט! אַז זי איז שיין, איז זי פֿאַר זיך שיין. ווען גייט עס אָנעט? די האָרבאַטע איז אמת טאַקע גאָר ניט קיין מיאוסע, אַ פּנים, אַ קאָפּ מיט האָר מלא חן. אויגן אַ פּאָר האָט זי, נאָר בריליאַנטן. נאָר וואָס וואָלט מיך דען אַלצדינג אָנגעגאַנגען?... עפּעס אַ שאָלטיק[2] בין איך, אין זינען צו האָבן אַזעלכע זאַכן, נאָכצולויפֿן שיינע נקבֿות?... נאַרישקייטן!... מיך האָט געצומען איר גוטסקייט, איר גוטסקייט, דאָס רחמנות האָבן אירס אויף מיר, ווי אַ שוועסטער... און, ווידער צוריק, דאָס רחמנות האָבן מײַנס אויף איר, ווי אַ ברודער אין דער נויט, אָט וואָס!...

— מילא, וואָס מאַכט עס אויס? — רופֿט זיך אַלטער אָן — ווי

[1] דערשנאַפּן, אַרויסקריגן. — [2] לץ, הפקר־יונג.

זאָגט מען עפּעס: לאָז זיך זײַן פֿון טײַוול, אַבי עס זאָל הייסן פּיִוול... בקיצור, האָט זי דיר איבערגעגעבן עפּעס אַזוינס. נו פֿישקע, וואָס זשע איז דאָס עפּעס אַזוינס, נו, נו, נו?!

אַלטער טרײַבט־אונטער אויף זײַן שטייגער; פֿישקע הייבט־אָן אויף זײַן שטייגער; איך העלף אים אונטער, בעסער־אויס אויף מײַן שטייגער — און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי:

— קנײַפּן האָב איך שוין לאַנג באַמערקט, ווי דער ממזר, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן!... פֿלעגט קנײַפּן אַ מאָל די האָר־באַטע, נעבעך. איך האָב געמיינט, דאָס זײַנען זיך גלאַט אַזוי קניפּ פֿון אַ רשע, וואָס שלאָגט, פּײַניקט אַ מענטשן, נעבעך. נאָר ווי עס האָט זיך פֿון איר קלאָגן זיך דענסטמאָל פֿאַר מיר דערוויזן, זײַנען דאָס געווען גאָר אַנדערע מיני קניפּ. עס האָט געהאַט עפּעס גאָר אַן אַנדער טעם... פֿע! יצר־הרע־קניפּ... דער ממזר פֿלעגט זיך צו איר שטאַרק טשעפּען. ער פֿלעגט זי ניט לאָזן צו רו. האָט ער זי דערטאַפּט אַ מאָל ערגעץ אַליין, איז ער צו איר צוגעשטאַנען מיט זיסע ריידעלעך, אַזוי און אַזוי, גערעדט פֿאַר פֿײַער, פֿאַר וואַסער, צוגעזאָגט גילדענע בערג. און אַז אים האָט נישט געהאָלפֿן מיט גוטן, האָט ער אָנגעהויבן מיט בייזן, געמאַכט אַ מורא, ער וועט איר פֿאַרביטערן דאָס לעבן, אַרויסלאָזן אויף איר אַ שלעכטן רוף און איר טאָן צום טויט. און דערבײַ טאַקע זיך געפּרוּווט אַ כאַפּ טאָן זי מיט גוואַלד. געענדיקט האָט זיך עס געוויינטלעך מיט דעם, וואָס זי פֿלעגט זיך אַרויסרײַסן פֿון זײַנע הענט, אים דערלאַנגען אַ מאָל נאָך אַ זעץ אין בויך, אַז דער רוח האָט אים גענומען. ער פֿלעגט עס איר באַצאָלן דערנאָך מיט פּראָצענט, זי פּײַניקן מיט אַרבעט און אויסרײַסן איר שטיקער פֿלייש. שפּעטער אַ ביסל האָט דאָס אייגענע טאַקע זיך אָנגעהויבן ווידער אויף דאָס נײַ, ווײַטער מיט גוטן, ווײַטער מיט בייזן. וואָס מער זי האָט אים געוויכן, איז ער אַלץ מער צו איר צוגעשטאַנען, און פֿאַרבײַגייענדיק אַ מאָל, פֿלעגט ער זי פֿאַר מענטשן אַ טאָרקע טאָן, קלאָמפּערשט אומגערן, אויך דערלאַנגען אַ קניפּ, גלאַט אַזוי זיך. אַזעלכע מיאוסע מעשׂיות מיט איר האָבן זיך

געמאַכט זייער אָפּט, וואָס איך וויל זיי פֿאַר דעם מויל נישט ברענגען. נאָר די נעכטיקע איז געווען פֿע, פֿע, אַ שרעק! נעכטן בײַ נאַכט, נאָך דער בייזער מהומה אין הקדש, אַז דער גאַנצער עולם דאָרט איז שוין געשלאָפֿן, און זי, די האָרבאַטע, נעבעך, האָט אײַנגעהויקערט אין צענטן נישט ווײַט פֿון דער טיר, אין אַ ווינקעלע, אויך געדרעמלט, וועקט זי פּלוצלינג אויף עפּעס אַ שושקען איר אין אויער אַרײַן. דאָס איז געווען דער ממזר.

— דיר, נעבעך, איז שלעכט דאָ צו ליגן... — רעדט ער צו איר מיט רחמנות — קום, איך האָב פֿאַר דיר זייער אַ גוט אָרט, ווו דו וועסט קענען זיך אַ ביסל אויסרוען, נעבעך.

זי דאַנקט אים זייער שיין פֿאַר זײַן גוט האַרץ און בעט אים צו גיין אין זײַן רו אַרײַן. ער הייבט־אָגעט זײַנע אָנשטעלן אַזוי און אַזוי, ער גיט איר אויך אָנצוהערעניש פֿון מיר, אַז ער ווייסט, נישקשה, איר מחותנעשאַפֿט מיט מיר... ער שרעקט זי, אַז קײַען וועט זי פֿון אים די ערד און מיר וועט ער דערגיין דעם עק. דער רוח נעמט אים, דעם ממזר, און מאַכט־אויס אים אַ חיה־רעה און אַ לעמעלע צו גלײַך אין איין צײַט. ער איז גוט, ער איז שלעכט. ער ווערט אַ שייגעץ און... כאַפּט אַ טראַך אין באַק, אַז די ציין פֿאַלן אים שיִער נישט אַרויס. עס צעשפּילט זיך אין אים די רציחה. ער טוט זי אַ נעם ווי אַ גזלן און גיט זי אַ שלײַדער אין הויז אַרײַן. וואָס ווײַטער איז געווען, ווייסט איר דאָך שוין.

נאָך דעם, וואָס די האָרבאַטע, נעבעך, האָט מיר איבערגעגעבן דענסטמאָל, זיצנדיק מיט מיר אויפֿן גראָז, בין איך אַ היפּשע צײַט געבליבן ווי דערשלאָגן, אָן לשון. נאָר אינעווייניק האָט עס מיך געצופּט, געגעסן ווי אַ וואָרעם. עס האָט מיך געגעסן אַ ברענענדיק געפֿיל פֿון כּעס אויף דעם ממזר. אַ הייס, זודיק געפֿיל פֿון רחמנות אויף איר, נעבעך, און נאָך עפּעס אַזעלכעס גאָר אָן אַ נאָמען, וואָס האָט מיך געצויגן, געצויגן... און אָנגעכאַפּט בײַם האַרצן. פּלוצלינג האָט עס מיר געגעבן אַ שטאַרקן צי, אַזוי אַז דאָס האַרץ איז מיר שיִער נישט אַרויסגעפֿאַלן. איך נעם זי אָן בײַ דער האַנט, וואָס איז

נאָך געלעגן אויף איר פּנים און טו אַ זאָג עפּעס נישט מיט מײַן קול:

— נשמה מײַנע! דאָס לעבן װעל איך פֿאַר דיר אַװעקגעבן.

— אָך, פֿישקע! — זאָגט זי מיט אַ זיפֿץ, טוט זיך אַ רוק נענ־טער צו מיר און שפּאַרט־אָן דעם שטערן מיר אויפֿן אַקסל.

עס װערט מיר עפּעס ליכטיק אין די אויגן, װאַרעם אַ מחיה אין אַלע מײַנע גלידער. איך רייד און נעם זי אײַן װי אַ געטרײַע שװעסטער מיט גוטע װערטער.

טרייסט זי:

— נישקשה, גאָט װעט העלפֿן! און שװער איר, אַז אייביק װעל איך איר זײַן אַ געטרײַער ברודער. זי קוקט מיר אַרײַן אין די אויגן, טוט דערנאָך אַ זיס שמייכעלע און זאָגט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ:

— איך וויים נישט, פֿאַר װאָס, פֿישקע! מיר איז אַצינד עפּעס גוט אויפֿן האַרצן. עס גלוסט זיך מיר לעבן...

אַ היפּשע צײַט האָבן מיר אַװעקגעשמועסט מיט אַ גרינג האַרץ און זיך געמאַכט האָפֿענונגען, װי גאָט קען העלפֿן, מיר זאָלן נאָך אַ מאָל אויפֿגעריכט װערן אַזוי װי מיר בײדע װינטשן. פּלוצלינג הערט זיך נישט װײַט פֿון אונדז אַ ביסל אין דער זײַט עפּעס אַ קלאַפּ. איך קוק מיך אַרום, לאָז מיר גיין פּאַמעלעך עטלע־כע טריט האַרט נעבן דעם פּלויט אין שאָטן און דערזע אויף יענער זײַט געסל אַקעגן עפּעס אַ געשטאַלט פֿון אַ מענטש, װאָס באַברעט זיך איבער אַ קעלער. עפּעס האָט עס מיר אינעװייניק געטראָגן, גע־שטופּט װײַטער אויף אַ פּאָר טריט, גוט צוקוקנדיק זיך און... אַ קיינק אים אין די ביניש אַיאַן !... דאָס איז געװען דער ממזר. ער דרייט־אָפּ דאָס שלעסל און װערט באַלד פֿאַרשװונדן אין קעלער אַרײַן, אַרויסצוגנבֿענען אַלצדינג, װאָס מען שטעלט געװײנטלעך אַראָפּ אַהין אויף שבת. װי אַ בליץ לויפֿט אין מיר דורך אַ געדאַנק:

— פֿישקע! אַצינד זײַ זיך אין אים נוקם פֿאַר דיר און פֿאַר דער האָרבאַטער, נעבעך. אַצינד האָסטו צײַט... גיכער מאַך־צו די טיר פֿונעם קעלער און לאָז ער ליגן דאָרט געפֿאַנגען װי אַ בער אין דער נעץ, ביז מען װעט אים מאָרגן דערטאַפּן, אים ברעכן אַ

ביין און געבן זײַן פּסק. ערשט דענסטמאָל האָב איך געפֿילט דעם טעם פֿון נוקם זיך זײַן. ווי גוט, ווי געשמאַק דאָס איז! עס האָט אין מיר געקאָכט דאָס בלוט און איך בין געווען דול ווי אַ שיכּור. צולויפֿן צום קעלער, אַ נעם טאָן די טיר און צומאַכן זי מיט אַ קלאַפּ — דאָס האָט נישט געדויערט קיין סך צײַט.

— אַצינד ליג דאָ באַגראָבן ווי אַ הונט! — זאָג איך אַליין צו מיר מיט אַ לעכעלע [3], טו אַ נעם די קליאַמקע און וויל פֿאַרשטעקן. דער סקאָבעל [4] אָבער איז אָפּגעבויגן אין דער זײַט. איך צי, שלעפּ, אומזיסט! עס שטייט נישט צו. איך טו מיר אָן אַ כּוח, דערלאַנג אַ צי מיט בײדע הענט און אָט־אָט האַלט עס שוין אויף אַ שטייגער — פּלוצלינג טוט זיך אַן עפֿן מיט אימפּעט די טיר פֿון אַ געזונטן שלעפּ אינעווייניק און איך פֿלי־אַרײַן אין קעלער, אָנשלאָגנדיק זיך מיט דעם ממזר דאָרט אויפֿן טרעפּל.

— אַזוי, ר' פּישל! — מאַכט דער ממזר נאָך דעם ווי מיר זײַנען געשטאַנען אַ ווײַלע איינער אַקעגן דעם אַנדערן שטיל — דאָס האָסטו מיט דײַן כּבֿוד אַליין זיך דאָ געפּאַרעט מיט דער טיר און געוואָלט צוליב מיר מחלל שבת זײַן! זייער אָנגעלייגט, כ'לעבן, קום, קעצעלע זאַ ביסל אַראָפּ אונטן און לאָמיר דיך כאָטש אַ ביסל מכבד זײַן...

ער טוט מיך אַ שטופּ פֿון די טרעפּ אַראָפּ. איך ברעך שיִער נישט האַלדז און געניק [5] און צי מיך אויס אויף דער ערד.

אַצינד, מקבל מײַנער, נאַ דיר דערווײַל אַן אויפֿגאָב! — דערלאַנגט ער מיר אַ גוטן זעץ אין רוקן — וועסט שוין נישט קראַנק זײַן צו וואַרטן אַ ביסל ביז איך וועל פֿאַרנעמען צו מיר אין טאָרבעלע דאָס געבראָטענע הינדל, דעם פֿאַלומעשיק פֿיש מיט דעם שיסל פּעטשע [6], וואָס איך האָב אין אײַלעניש איבער דיר דאָ איבערגעלאָזט.

---

[3] גרעכטערל. — [4] דאָס אײַזן מיטן לעכל פֿאַרן שלאָס. — [5] נאַקן־געביין. — [6] פּעטשיי, פּוסנאָגע.

עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, גיט ער מיר ווײַטער אַ זעץ.

— צייל, פֿישקע! — זאָגט ער — נישט איינס, נישט צוויי, נישט דרײַ, פֿיר, פֿינף... דאָס האָסטו דיר פֿאַר מיר. אַצינד לייג איך דיר אַ קנייטל פֿאַר דער האָרבאַטער. צייל, פֿישקע! נישט נײַן, נישט צען... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג אַרומשלעפּן זיך מיט אַ מיידל בײַ נאַכט אין פֿאַרבאָרגענע ערטער? נישט צוועלף, נישט דרײַצן... איך האָב דיך, נישקשה, געזען פֿרײַער אַרומשפּאַצירנדיק מיט איר אין הינטערגעסלעך... נישט זעכצן, דאַכט זיך, נישט זיבעצן...

עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדן דאָס בלוט פֿון זײַנע לעצטע ווערטער.

— ממזר! — טו איך אַ געשריי — דו ביסט נישט ווערט צו דערמאָנען איר נאָמען! — שפּרינג דערבײַ טאַקע געשווינד אויף און עס זיך אין אים אײַן מיט די ציין. ס'איז אַ מלחמה! איך מיט די ציין, ער מיט די הענט. ביידע האָבן זיך שרעקלעך פֿײַנט און איינער דעם אַנדערן וויל מאַכן דעם טויט. ער רײַסט מיך מיט כּוח פֿון זיך אַוועק, האַלט מיך שטײַף אין די הענט, קוועטשט מיך, אַ שרעק, און טוט מיט מיר דערנאָך אַ וואָרף ווײַט פֿון זיך, ווי מיט אַ קײַלכל.

— בענטש גומל — זאָגט ער — וואָס מיט חסד! וואָס מיר קומט עפּעס נישט אויס, דיך דאָ צו בעל־דבֿרן... בלײַב דאָ, פֿישעלע, זיך אויסרוען ביז מאָרגן. אַנשטאָט די געפֿילטע פֿיש וועלן זיי מאָרגן האָבן אַ לעבעדיק פֿישעלע... אַ גוטע נאַכט! וואָס זאָגסטו אָן עפּעס צום ווײַב? זי וועט נאָך הײַנט באַקומען דעם גרוס...

מיט די דאָזיקע ווערטער גייט ער אַוועק און פֿאַרמאַכט די טיר.

די ערשטע זאַך מײַנע, אַז איך בין צו זיך געקומען, איז געווען צו גיין צו דער טיר. איך רײַס זי און רײַס, אומזיסט די מי! זי איז גוט פֿאַרשטעקט פֿון דרויסן. איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן. קלאַפּן שטאַרק האָב איך מורא, מען זאָל נישט דערהערן. און אַזוי בלײַבן איז אויך שלעכט. איך שטיי און דער קאָפּ דרייט זיך מיר פֿאַר שרעק, פֿאַר כּעס, פֿאַר ווייטיק און יסורים פֿון די פֿרישע

קלעפּ. איך גיי אַראָפּ פֿון די טרעפּ, טו מיך אַ וואָרף אויף דער ערד און ליג אין איינע צרות. נאָר דער געדאַנק, וואָס מאָרגן וועט דאָ מיט מיר זײַן, ווי מען וועט מיר מאַכן דעם גוטן „ברוך הבא“ און זיך צונויפֿלויפֿן אָנקוקן דעם גנבֿ; עס וועט הייסן, מען האָט מיך געכאַפּט, מיט טויזנט אויסגעטראַכטע מעשׂיות דערצו, ווער אין גאָט גלייבט וועט מיך שלאָגן און עס וועט נישט העלפֿן פֿון מײַן זײַט קיין שום תּירוץ — אָט דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר געעגבערט אין קאָפּ ווי מיט אַן עגבער און מיך נישט געלאָזט אײַנליגן. נאָר אין מיטן דערינען דאַכט זיך מיר, ווי עס דראַפּעט זיך עפּעס אויף מיר. איך שטרעק אויס די האַנט און כאַפּ־אָנעט אַ שטשור, וואָס גליטשט מיר זיך פֿלינק אַרויס פֿון צווישן די פֿינ־גער מיט אַ פּישטש. איך שפּרינג־אויף פֿאַר שרעק. עס ווערט מיר נישט גוט און עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. האַלטנדיק זיך קוים אויף די פֿיס, טאַפּ איך אָנעט אין דער פֿינצטער אַ קאַלטע, פֿײַכטע וואַנט, צו וועלכער איך רוק מיך צו. איך שטיי אַזוי אָנגע־שפּאַרט אין דער וואַנט און טראַכט מיט אַ ביטער האַרץ: רבונו של עולם, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ לעבן? פֿאַר וואָס שטראָפֿסטו מיך אַזוי? וואָלט דען נישט בעסער געווען פֿאַר מיר, פֿאַר דער וועלט, אַז איך זאָל גאָר נישט געווען געבוירן ווערן? פֿאַר וואָס קומט מיר עס אַזוי... אַזוי מיך צו באַליידיקן? — בײַ דעם דאָזיקן געדאַנק ברעכט מיר דאָס האַרץ און איך באַוואַש מיך מיט טרערן. עס וויינט זיך מיר און עס טראַכט זיך: רבונו של עולם, ווו ביסטו?! איך בלײַב דערנאָך שטיין דערשלאָגן, נישט צו וויסן וואָס מיט מיר טוט זיך, עפּעס ווי אַ גולם. פּלוצלינג גיט אַ סקריפּ די טיר. אַ שמאָלער ליכטיקער פּאַס שײַנט־אַרײַן מיר פֿאַר די אויגן און עס הערן זיך טריט, ווי עמעצער גייט שטיל אויף די טרעפּלעך. די האָר שטעלן זיך מיר קאַפּויר פֿאַר שרעק. אָט, אָט טוט מען מיך אַ כאַפּ און מען רעכנט זיך מיט מיר אָפּ ווי מיט אַ גנבֿ. און ווי איך שטיי אַזוי אין שרעק און ציטערניש, האַלטנדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, הער איך ווי מען רופֿט שטילערהייט מיך בײַם נאָמען:

— פּישקע, פּישקע...

און טאָקע באַלד דערזע איך נעבן מיר זי, די האָרבאַטע. איך ווער לעבעדיק און טו אַ געשריי פֿאַר גרויס פֿרייד.

— שאַ! — מאַכט זי אָננעמענדיק מיך בײַ דער האַנט — קום גיכער אַוועק פֿון דאַנען.

— נשמה, דו האָסט מיך דערהאַלטן בײַם לעבן! — שרײַ איך שטאַרק צעמישט פֿאַר שׂמחה און, איך בין זיך מודה, צום ערשטן מאָל, אונטן, אין קעלער, טו איך איר אַ קוש...

איך פֿרעג זי, ווי אַזוי זי האָט זיך אַהער גענומען. זי אָבער בעט מיך שווײַגן, דערמאָנט מיר, אַז מיר געפֿינען זיך בײַ נאַכט אין אַ פֿרעמדן קעלער.

— קום גיכער, ווייסט ווייסן אַלצדינג אַ ביסל שפּעטער! — אַזוי זאָגט זי און פֿירט מיך בײַ דער האַנט אַרויס אויף דער גאַס.

גייענדיק אויפֿן וועג, האָט זי מיר עס דערקלערט גאָר פּשוט אַזוי: אין עטלעכע רגעס אַרום נאָך מײַן אַוועקגאַנג האָט איר עפּעס דאָס האַרץ געזאָגט, ס'איז נישט גלאַט, מען באַדאַרף גיין זען, וווּ איך בין. זי קומט־צו ביז צום עק פֿונעם פּלויט, קוקט אין אַלע זײַטן און דערזעט, אויף יענער זײַט גאַס אַקעגן שטייט עמעצער אײַנגעבויגן נעבן אַ דעכל און באַרעט זיך עפּעס. טראַכטנדיק, אַז דאָס בין איך, לאָזט זי זיך גיין ווײַטער. און צוקומענדיק נאָענט האָרכט זי עפּעס ווערטער: „אַצינד, ר' פֿישל, ליג דאָ אין קרענק ווי אַ הונט; ס'איז שוין גוט פֿאַרשטעקט, נישקשה". עס ווערט איר טונקל אין די אויגן און זי בלײַבט שטיין פֿאַרדולט. פּלוצלינג וואַקסט פֿאַר איר אויף דער ממזר, טוט איר אַ קניפּ און מאַכט דערבײַ מיט אַ שמייכעלע:

— גוט שבת, סקאַצל קומט, רביצין! אַ שיין מיידעלע, נישקשה! שלעפּט זיך בײַ נאַכט אַרום איבער די גאַסן און נאָך קלאַמפּערשט פֿרום... אַהיים גיי, חצופֿה, הולטײַקע איינע!

ער טוט זי אַ שטופּ מיט דער קני אין רוקן און זי מוז מיט אים גיין, נישט צו ריידן קיין וואָרט. אויפֿן וועג קוקט ער זיך אַלץ

אַרום, איבערלייגנדיק די פֿול אָנגעשטאָפּטע טאָרבע פֿון איין אַקסל אויפֿן אַנדערן, פֿאַרגעסט נישט דערבײַ אויך צו שפּעטן און צו מאַכן מיט איר זײַנע אָנשטעלן. זי גייט, נעבעך, שטאַרק פֿאַראומערט, פֿאַרזאָרגט. זי ווייסט, אַז איך געפֿין מיך אין אַ שלעכטער לאַגע. אוממעגלעך מיר צו העלפֿן, אַז דער ממזר האַלט זי נעבן זיך און לאָזט פֿון איר קיין אויג נישט אָפּ. פּלוצלינג גיט זיך אַ ווײַז אַ קאָמפּאַניע ייִדן. זיי גייען פֿון אַ בן־זכר לעבעדיק, פֿריילעך און ריידן, לאַכן הויך אויף אַ קול, ווי דער שטייגער פֿון ייִדישע קינדער. מען לאַכט עפּעס פֿון איינעם, וואָס האָט זיך פֿאַרגעסן און געטראָגן דאָס פּאַטשיילכן שבת. דער ממזר נעמט זיך געשווינד אין דער זײַט, דרייט זיך אין אײַלעניש און כאַפּט זיך אַרײַן אין אַ שמאָל געסל, מײַן האָרבאַטע כאַפּט דערווײַל אויך, אַנטלויפֿט אין דער אַנדערער זײַט און ווערט אַנטרונען. עס פֿאַרשטייט זיך, זי לויפֿט געשווינד מיך אַרויסצונעמען פֿון דער קלעם. נאָר שטעלט אײַך פֿאָר איר האַרצווייטיק, אַז זי פֿאַרדרייט זיך לויפֿנדיק אין געסל און קען נישט טרעפֿן צום אָרט, וווּ מיר זײַנען פֿריִער געזעסן! זי ווייסט, אַז איך בין אין אַ גרויסער סכּנה, מען באַדאַרף מיך גיכער באַפֿרײַען. איין רגע איז אַצינד טײַער. און דאָ דרייט זי זיך און ווייסט נישט צו מיר דעם וועג!... אַ היפּשע צײַט האָט אַזוי געדויערט, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן, זי האָט געפֿונען דעם קעלער און מיך באַפֿרײַט.

מיר גייען אַזוי בײדע און ריידן מיט אַ פֿריילעך געמיט. איך איר:

— נשמה מײַנע! דו ביסט מיר הײַנט בײַגעשטאַנען אין די נויטן.

און זי מיר:

— פֿישקע! דו האָסט מיר געדינט ווי אַ ברודער נעכטן... געדענקסטו, דאָרט אין הויז, בײַ נאַכט, נעכטן?...

נאָר נישט ווײַט שוין פֿון הקדש באַפֿאַלט אונדז אַ מרה־שחורה און עס נעמט אונדז אָפּ דאָס לשון. דאָס האַרץ האָט אונדז געזאָגט,

אַז מיר גייען נישט אויף קיין גוטס. עפּעס גלאַט וועט שוין די היינ־טיקע נאַכט אַזוי נישט אָפּלויפן.

איין העלפט טויער פונעם הקדש איז געווען צוגעמאַכט, די אַנדערע העלפט אַ ביסל אָפן, אַזוי אַז אין דעם הויז האָט פון דער גאַס אַריינגעשיינט אַ ליכט. צוקומענדיק צום טויער, שטעלן מיר זיך אַ ווײַלע אַנידער מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ. דערנאָך נעם איך מיך צום ערשטן אַריינצוגיין שטיל. קוים שטעק איך אַריין דעם קאָפּ אין הויז, דערזע איך, כּמעט טאַקע אין דעם טויער, דעם ממזר, ווי ער זיצט זיך אָנגעלענט מיט מיין ווייב, פרעסן פון דער טאָרבע און טוען זיך וווּל. דער ממזר שושקעט איר עפּעס אין אויער אַריין און ווערט באַלד ווי אויסגעטריקנט. זי שטייט־אויף אין איין כּעס און כאַפּט זיך אויף מיר אַרויף מיט אַ מויל:

— דו אַזוינער און אַזוינער, אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין! דו ווערסט עס ביי מיר די גאַנצע נעכט מיט אַזאַ הולטייקע, אַזאַ דראַב־קע [7] אַרומשאַרלאַטאַנעווען? דו מיינסט אפשר, איך ווייס נישט דיי־נע מיאוסע גענג? איך ווייס, נישקשה, אַלצדינג שוין לאַנג און שטיק, נעבעך, אין זיך, האָב אַ פאַרפוילטע גאַל. אַזוי דאַנקסטו עס מיר אָפּ פאַר מיין גוטסקייט, וואָס איך האָב דיך אַרויסגעפירט אין דער וועלט, געמאַכט פון דיר אַ לייט?! דו מיינסט, כּלבֿ שבכּלבֿים, דאָס וועט דיר געשענקט ווערן? ניין! איך וועל דיר ווייזן, יונגאַטש איי־נער, אין דיין טאַטן אַריין, מיט דיין דראַבקע, אין איר טאַטנס מאַמען און מאַמענס טאַטן אַריין! מיט איר אין איינעם וועל איך דיר ווייזן, ווער עלטער איז — נאַ, נאַ! — הייבט זי אָן מיך צו שלאָגן — נאַ דיר פאַר היינט, פאַר נעכטן און פאַר פריער! נאַ, נאַ, נאַ, די כּפּרה זאָלסטו ווערן!

איך רייס מיך קוים אַ לעבעדיקער פון אירע הענט אַרויס און לויף אָפּעט עטלעכע טריט ווייט אויף דער גאַס. זי שטייט נאָך אַ היפּשע ווײַלע אין דרויסן און שרייט. דערנאָך גייט זי אַריין אין

[7] אַ גאַרנישט.

הויז און שרײַענדיק „ליג ווי אַ הונט אין דרויסן”; פֿאַרשפּאַרט זי פֿאַר מיר דעם טויער מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ.

איך שטיי מיט דער האָרבאַטער, נעבעך, אין דרויסן און מיר קוקן זיך אָן. ביידע זײַנען מיר שטאַרק באַטריבט. אונדז ביידע איז אָנגעזאַלצן אויפֿן האַרצן דערפֿון, וואָס דאָ איז ערשט געשען. די צרות לאָזן אונדז ביידן נישט אײַנשטיין אויף איין אָרט און מיר לאָזן זיך גיין, וווהין די אויגן קוקן, איינער מיט דעם אַנדערן נישט צו ריידן קיין וואָרט. ביידע פֿאַרטראַכט. אַז איך בין צו זיך געקומען, זע איך, מיר געפֿינען זיך אויפֿן שולהויף. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן קוקנדיק אויף דער האָרבאַטער, נעבעך, ווי זי ווערט עס פֿאַרשוואַרצט. די אַנדערע נאַכט, אַז זי האָט נישט קיין רו. איך טראַכט בײַ מיר, וואָס טוט מען; ווּ ערגעץ געפֿינט מען איר אַ נאַכטלעגער? און עס פֿאַלט מיר אײַן זייער אַ גוט אָרט — די ווײַבערשע שול!

אַז גאָט האָט געהאָלפֿן, מיר זײַנען בשלום אַרויף, נאָך גרויס מי, אויף אַ צעבראָכן טרעפּל, וואָס האָט זיך געוויגט, געשאָקלט אונטער אונדזערע פֿיס און אין דער פֿינצטער אָנגעטאַפּט אַן אָפֿענע טיר, פֿאַלן מיר פּלוצלינג אויף עפּעס ווייכס. עס ווערט אַ גערודער, אַ שפּרינגעניש אַרום אונדז, אויף אונדז און איבער אונדז. מיר כאַפּן קלעפּ, הינטן, אין די זײַטן, נישט צו וויסן, פֿון וואַנען דאָס איז אונדז געקומען. איך וואַרף מיך אַהין, אַהער, צאַפּל מיט הענט און מיט פֿיס און כאַפּ־אָן אַ באָרד. פֿון וועמען מיינט איר? אַ באָרד פֿון אַ ציגן!... דאָס זײַנען געווען ציגן, וואָס האָבן, ווי געווײנטלעך, אַ חזקה צו נעכטיקן אין איינעם מיטן קהלשן צאַפּ אין דער ווײַבערשער שול.

— ווּ ביסטו ערגעץ? — רוף איך מײַן האָרבאַטע — שרעק דיך נישט! דאָ זײַנען, אָן עין־הרע, זייער פֿיל ציגן! נישט קיין אָרעם שטעטל, אַ פּנים. איך זוך־אויף, טרײַב־אַרויס די ציגן, זיי זאָלן הײַנטיקע נאַכט מוחל זײַן נעכטיקן אין דרויסן. אַליין גיי איך טאַקע

באַלד אויך אַרויס, זאָגנדיק איר אַ גוטע נאַכט, און מאַך גוט צו די טיר.

ביים אַראָפגיין פונעם טרעפּל שטעלט מיר זיך אַקעגן דער צאַפּ, אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט די לאַנגע הערנער, שטאַרק אָנגע־דרודלט דערפאַר, וואָס איך האָב אַזוי מיאוס באַליידיקט זיינע ווייַ־בער. איך ראַנגל מיך מיט אים אַוועק אַ צייט. ער לאָזט מיך נישט אָפּ און גייט מיר נאָך פוסטריט, ביז מיר איז געראָטן, אַריינצוכאַפּן זיך אונטן אין קליַזל אַרײַן.

אין קליַזל ליגן אויף טיש און אויף בענק אויסגעצויגן מקבלים און שלאָפן ווי די פּריצים, איבערפייפנדיק זיך מיט נעז צווישן זיך אויף אַלערליי קולות. אַ מחיה געווען צו זען ווי געשמאַק, אָן עין־הרע, זיי זיינען געשלאָפן. מקבלים איז טאַקע אויף דער וועלט גוט, האָב איך מיר געטראַכט און זיי אין האַרצן מקנא געווען. דאָס זיינען עפּעס גאָר אַנדערע מיני קבצנים, נגידישע... איך זוך מיך אויס אַן אָרט אונטערן אויוון, טו מיך אַ וואָרף דאָרט אויף אַ באַנק און ווער באַלד אַנטשלאָפן. נאָר מיר איז אָבער נישט באַשערט קיין גוטס אויף דער וועלט. עס דויערט נישט לאַנג, וועקט מען מיך אין רעכטן מיטן שלאָף:

— יונגער מאַן, שטייט, זייט מוחל, אויף!

איך רייַב־אויס די אויגן און דערזע פאַר מיר היפּש ייִדן מיט ערנסטע פּנימער. דאָס זיינען געווען פון דער חבֿרה תּהילים־מענטשן, וואָס קומען אַלע שבת גאַנץ פרי זאָגן תּהילים און האָבן זייער אָרט דאָ אונטערן אויוון. אין ברירה, מען מוז אויפשטיין. איך גיס־אָפּ נעגלוואַסער, זעץ מיך אַנידער, קוים וואָס איך האַלט דעם קאָפּ, צי מיך, גענעץ און זאָג תּהילים.

— כ —

נאָך דעם פּסק, וואָס איך האָב יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס פון מיין ווייב געכאַפּט, איז שוין פאַרענטפערט געוואָרן אַלצדינג, וואָס

איר משוגענע אויפֿפֿירונג אַקעגן מיר אין דער לעצטער צײַט באַ־טײַט. עס האָט זי געברענט מײַן חבֿר זײַן מיט דעם האָרבאַטן מידל, וואָס דער ממזר האָט עס איר איבערגעגעבן מיט טויזנט אָפּגעטאָק־טע ליגנס. ער האָט בײַ זיך געקלערט, אַז דורך דעם וועט מײַן ווײַב מיך נישט וועלן מער קענען, אַ שפּײַ טאָן אויף מיר און אַן עק. ס'איז אָבער געווען אַ פֿאַלשע רעכענונג. אַנשטאָט דעם, זי זאָל מיט אַ קאַלטער לעבער מיך לאָזן לויפֿן מײַן וועג און אויף אייביק מיט מיר זיך צעגיין, האָט גאָר אין איר געברענט אַ העליש פֿײַער. סטײַטש, איר מאַן זאָל אַזוינס טאָן? עפּעס אַ האָרבאַטע מידל זאָל פֿישקען בעסער געפֿעלן פֿון איר! דאָס איז דאָך אַזאַ באַליידיקונג, וואָס שווער אַראָפּצושלינגען. ניין, מען קען אַזוינס נישט דערלאָזן.

— אײַ, די קשיא איז דאָך, פֿאַר וואָס זי... דײַנע, מיין איך, מיט דעם ממזר? — קען זיך אַלטער נישט אײַנהאַלטן און טוט אַ פֿרעג מיט אַ גמרא־ניגון.

— זײַט איר, דאַכט זיך, גאַנץ גערעכט — ענטפֿערט פֿישקע — נאָר אויף אַזוי פֿיל האָב איך אין דער גלופּסקער באָד מיך אויס־געלערנט שׂכל צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז קיין קשיא נישט. ווו נאָך ערגעץ ריכט מען פֿון איטלעכן אָפּ מער ווי אין דער באָד? און ווער? דווקא אַזעלכע, וואָס האָבן געמעגט, כ'לעבן, טאַקע שטומען. איינער, וואָס האָט קיין וואָר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעם, אַז ער איז אַ ליגנער; אַזעלכער, וואָס מען טאָר אים קיין גראָשן נישט געטרויען, רעדט אויף יענעם, ער איז אַ גנבֿ; אַ קאַרגער, וואָס וועט פֿאַר אַ פֿעניג זיך די אויגן אַרויסנעמען, לאַכט: יענער איז אַ חזיר! אַ שלעכטער מענטש, וואָס האָט אַ שטיינערן האַרץ, רופֿט יענעם רשע, און אַזוינער וואָס פֿאַר אַ פּיצל כּבֿוד איז ער פֿאַרטיק אויף אַלצדינג, באַרעדט יענעם, אַז ער לעכצט נאָך כּבֿוד. בערל דער שמײַסער פֿלעגט אַ מאָל צווישן זיך אין אַ שמועס, זיך אָנכאַפּן בײַם קאָפּ: אײַ, אײַ! איך פֿאַרשטיי נישט, ווי לייגט זיך עס די צונג אָפּ־צוריכטן פֿון יענעם, ווויסנדיק זייער גוט בײַ זיך, אַז מען איז אַליין

אַ גנבֿ, אַ ליגנער, אַ חזיר, אַ שלעכטער, אַלצדינג וואָס אין דער קאָרט!

— הערסטו, חכם מײַנער! — פֿלעגט אים אָפּענטפֿערן איציק דער היטער — דאָס איז טאַקע די גאַנצע צרה, וואָס מען ווייסט נישט, זײַנע פֿליי אין דער נאָז זעט נישט קיינער און יענעמס אַ שפּרענקעלע איז דעם אַנדערן גרויס אין די אויגן.

שמערל, איינער פֿון יענע בטלנים, וואָס האַלטן זיך אויף אין באָד, פֿלעגט מאַכן מיט אַ שמייכעלע אָננעמענדיק זיך בײַם בערדל:

— לאָזט זיך דינגען, ר׳ בערל! לאָזט זיך דינגען, ר׳ איציק! איר האָט ביידע אַ טעות. דער אמת דערפֿון איז, ווי איך האָב דער־קלערט פּשוט אַזוי: איטלעכער בײַ זיך מיינט, ער מעג, דער אַנדע־רער טאָר נישט.

— גערעכט, שמערל! — לאָז איך אַרויס אויף אַ קול, אונטער־שפּרינגענדיק פֿון מײַן אָרט און פֿאַרטראַכט מיך טאַקע באַלד. שמערלס ווערטער האָבן אונטערגעגעבן ווײַטער דעם טײַוול, וואָס ליגט אינעווייניק בײַ איטלעכן פֿון אונדז, זינדיקע מענטשן. ער כאַפּט זיך אויף אין מיר מיט אַ שטעכנדיקן געלעכטערל, גראַבלט מיך בײַם האַרצן, צעטראָגט מיר דעם מוח, אויפֿפֿירנדיק דאָרט מײַנע אַלע געדאַנקען, און קראַצט אויך אויס עפּעס אַלטע מעשׂיות, פֿאַרלעגערטע אין דעם זכּרון. עס ווערט אין מיר אַ קאָכעניש, אַ יאַריד פֿון אַלערליי מיני געשטאַלטן, וואָס זײַנען פּלוצלינג ווי פֿון דער ערד אויסגעוואַקסן, און אָנווײַזנדיק אויף זיי רעדט־אויס מיר דער רוח אַרויס שטאַרק פֿאַרקרימענדיק זיך:

— אָט האָסטו דיר די אַלע שיינע נפֿשות! זיי אַלע מעגן, מעגן מעגן . . .

די דאָזיקע שיינע נפֿשות דרייען זיך אין דעם האַנדל, אין שטאָטישע זאַכן, אין חבֿרות, אין דעם ייִדישקייט און אין דער גאַנ־צער פֿירונג. ווײַבער און ווײַבלעך אַלע סאָרטן, פֿון דער אַלטער און הײַנטיקער וועלט, זײַנען אויך דאָ אויפֿן יאַריד. שלום עליכם, פֿאַרשוינען! — מאַך איך אַליין צו מיר. גאָט ווייסט דעם אמת, אַז

איך בין גערן אײַער פנים נישט אָנצוקוקן און דעם נאָמען אײַערן מער פֿאַר דעם מויל נישט צו ברענגען. אַזוי נמאס ומאוס זײַט איר מיר געוואָרן. נאָר וואָס קען מען טאָן? אַז דער שוואַרץ יאָר האָט אײַך אַצינד געבראַכט צו טראָגן, קען מען אײַך אַזוי נישט אָפּלאָזן: מען מוז אים צוליב טאָן און פֿון איטלעכן כאָטש עפּעס דערציילן.

— וואַרט אַ ביסל, פֿישקע! האָט קיין פֿאַראיבל נישט, ר׳ אַל־טער! — רוף איך מיך אָן — איך האָב אײַך עפּעס צו דערציילן, נאָר לאָמיך אַ ביסל מיך באַטראַכטן. און טראַכטנדיק דאָ אַזוי גיב איך אַ נעם איינעם פֿון דער גוטער כנופֿיא, קום צום סמיק! ער וואַרפֿט זיך מיט הענט און מיט פֿיס, קרעכצט, שרײַט, ווי דער געפּענטע־טער האָן בשעת כפּרות שלאָגן. די איבעריקע לײַט קוקן מיך אָן קרום און מאַכן אַ בייזע מינע, איך זאָל שווײַגן. נאַראָנים! טראַכט איך בײַ מיר. איך הער אײַך ווי דאָס מילכיקע קלינגל. מיך וועט איר מיט „בו" אין אַן איבערגעקערטן פּעלץ נישט איבערשרעקן. מאַלפּעס זײַט איר, נישט קיין בערן!... דער טײַוול צעהיצט זיך אין מיר און גיט מיר אונטער חשק:

— אַזוי, אַזוי! נעם זיי, נעם זיי צום סמיק, די אַלע שיינע נפֿשות! — הערט, זײַט מוחל, ר׳ אַלטער, אַ שיינע מעשׂה אין אַ ייִדישער שטאָט ערגעץ זײַנען די פֿײַנע לײַט, וואָס דער שטייגער זייערער איז... הייב איך אָן אַזוי צו דערציילן און בלײַב אין דער מיט רייד ווי דערוואָרגן. די ווײַבער ווינקען צו מיר מיט אַ געבעט: גוטער, זיסער ר׳ מענדעלי, האָט רחמנות, זאָגט נישט אויס!... זיי מאַכן חן, קוקן און בעטן מיך מיט ברענענדיקע אייגעלעך. דער ווײַבערשער חן מאַכט מיך ווייך ווי אַ טייג. פֿון זייערס אַ בליק ווער איך צעשמאָלצן. דערבײַ דערמאָן איך מיך אין מײַן נדר, אײַנצו־קויפֿן זיך אין דער חבֿרה פֿעטערס. כאַפּט אײַך הער וואָטל־מאַכער!

— מאַך איך מיט אַ שמייכעלע און ווענדנדיק זיך צו אַלטערן, זעץ איך צו: זיי מיין איך, יענע פֿײַנע לײַט אין דער שטאָט דאָרט. עפּעס גלוסט מיר זיך הײַנט נישט דערציילן מײַן מעשׂה. לאָזן זיי גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר!... האָט קיין פֿאַראיבל נישט, ר׳ אַלטער.

— פֿאַרקערט... מהיכא־תּיתי. פֿון מײַנעט וועגן מעגן זיי אויך, כאָטש באַלד, די כּפּרה ווערן. נאָר וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג יע־נעם איבערשלאָגן, אַרײַנפֿאַלן אים אין די רייד מיט מעשׂיות, אַזוי רופֿט זיך אָן אַלטער און קוקט מיך אַזוי אַ ווײַלע אָן, מאַכנדיק מיט די אַקסלען עפּעס אַזוי, גלײַך ווי גערעדט: אַ לעכערדיקער זאַך, מישטיינס געזאָגט: עס שיט זיך פֿון אים גײַן מאָס רייד אָן אַן אויפֿ־הער, שטאַרק נייטיק, כ'לעבן, זײַנע מעשׂיות! טאָמער ווייסט איר צו וואָס?... און אַ מאַך געבנדיק הערנאָך אין דער זײַט אַ פּאָר מאָל:

— פֿע, פֿע! — טוט ער אַ טאָרקע פֿישקען — נו, וואָס? מילא, בקיצור, דער שפּיץ?

פֿישקע הייבט־אָן אויף זײַן שטייגער, איך גאָד אים אַרבעט אויף מײַן שטייגער, אַלטער טרײַבט־אונטער אויף זײַן שטייגער — און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי:

— די צײַט איז זיך דערווײַל געגאַנגען און איך מיט מײַן ווײַב זײַנען מיר אַלץ וואָס ווײַטער זיך מער פֿונאַנדערגעגאַנגען. זי האָט נאָך שטאַרקער זיך איזניוכעט מיט דעם ממזר, זײַנען געוואָרן חבֿר־לאַפּ, גאַנץ נאָענטע שמעלקעס און פֿלעגן שוין בײדע, ווי אַ פּריץ מיט אַ פּריצה, אין די הײַזער אַרומגיין. מיר האָט עס שוין מער נישט אַזוי אויסגעמאַכט. דער קאָפּ איז מיר געווען שטענדיק פֿאַרדרייט מיט דער האָרבאַטער, נעבעך. זי איז מיר קיין רגע פֿונעם זינען נישט אַרויס. גייט אײַך, האָב איך געטראַכט, פֿון מײַנעט וועגן כאָטש אין דער ערד, וואַרגט זיך בײדע מיט די הײַ־זער! בײַם באַגעגענען זיך אַ מאָל מיט די פּאָר לײַט, פֿלעגט דער ממזר מיך אָנקוקן מיט געשפּעט, עפּעס ווי גערעדט: איך האָב דיר אָנגעפּײַפּט גוט, נישקשה... איך האָב געווײַנטלעך אויסגע־שפּיגן און בין מיר געגאַנגען מײַן וועג, טראַכטנדיק בײַ זיך: און אַז דו שלעפּסט זיך מיט איר אַרום, וואָס העלפֿט עס דיר? אַז זי איז אַן אשת־איש. הע־הע, גוט פֿאַרטשוואָקעוועט, נישקשה! אָבער איך האָב דיר אויך אָנגעפּײַפּט, דו ממזר אײנער! פּוקע זיך, ווער צעזעצט...

מיט מיר האָט אָנגעהויבן אין די הײַזער אַרומגיין אַן אַלטיטש־קער, פֿונעם ממזרס פּעקל, אַ רשע־מרושע, אַ גאָטקע גנבֿ אַזוי ווי ער, און ער האָט עס געמאַכט מיט מיר גאַנץ גוט. איטלעכער האָט אים געמוזט געבן — אַזאַ רחמנות־פּנימל פֿלעגט ער קענען מאַכן, אָנווײַזנדיק אַלץ מיט אַ קרעכץ טיף פֿונעם האַרצן אויף מיר, ביטערע קאַליקע. געהייסן האָט עס עפּעס, אַ וויסטער טאַטע מיט אַן אומגליקלעכן קינד, נעבעך.

— הינק, פֿישקע, הינק גוט, תּכשיט מײַנער! — פֿלעגט ער מאַכן, אונטערשטופּנדיק מיך פֿון הינטן, בײַם אַרײַנקומען אין אַ שטוב — פֿאַרקרים דאָס פּנימל און זיפֿץ, זיפֿץ, דו, הונט איינער! זיי וועלן מיר, נישקשה, פֿאַר דײַנס אַ זיפֿץ באַצאָלן.

אויפֿן וועג גייענדיק פֿלעגט ער מיך אַלץ לערנען מאַכן די שפּיל, אָפּשפּעטן פֿון די באַלעבאַטים, אַ קניפּ, אַ צופּ טאָן און שעלטן מיך דערבײַ: פֿאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן! גאָר אין גוטן מוט, איין מאָל האָט ער מיר, אין שפּאַס קלאַמפּערשט, געגעבן אַ באַ־בענצע[1] אין האַרצן, דאָ אין לעפּעלע, אַזוי אַז איך האָב שיִער די ניכפּא[2] נישט באַקומען. די נדבֿות פֿלעגט ער געווײנטלעך צו זיך צונעמען און ס'איז מיר שווער געווען אַ גראָשן בײַ אים אַרויס־צורײַסן.

— וואָס טויג דיר, פֿישקע, געלט? — פֿלעגט ער שפּאַסן — אַז דו ביסט אַליין געלט... דו זאָלסט מיר דערלעבן הינקען מיט די פֿיסעלעך און קרענקען אויף אַלע גלידערלעך ביז דו וועסט מיטן קעפּעלע אָנלייגן, תּכשיט מײַנער...

איין מאָל בין איך צו אים שטאַרק צוגעשטאַנען, עס האָט מיך געצוווּנגען די נויט, און האָב געבעטן חלק מיטן האַרבן וואָרט. אַ קוק געבנדיק, אַז איך מאָן אים דאָ אַזוי, האָט ער געעפֿנט אויף מיר אַ מויל:

— שטום, קרומער הונט! אומזיסט וועסטו דאָס פֿאָרן בײַ מיר

---

[1] אַ סראַסק מיט דער פויסט. — [2] ס'פּאַליקע.

אין בויד: אומזיסט וועל איך דיך, אַזאַ נבֿלה, אַרומפֿירן דאָ? תּרבות, שייגעץ! איך וועל דערציילן דײַן ווײַב. איך קען דיך נישט און האָב מיט דיר נישט וואָס צו טענהן, קענען קען איך נאָר דײַן ווײַב. זי האָט דיך מיר איבערגעגעבן. פֿון איר האָב איך אַזאַ סחורה באַקומען און מיט איר וועל איך שוין מסתּמא זיך אָפּרעכענען...

שלעכט! אַצינד האָב איך גאַנץ קלאָר אַרויסגעזען, אַז איך בין בײַ דער כאַליאַסטרע אַזוי ווי אַ בער בײַ די ציגײַנערס. מען פֿירט מיך אַרום צו מאַכן מיט מיר די קאָפּיקע. מען האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן ווײַב, זי אַרײַנגעגאַרט אין זאַק אַרײַן און זי העלפֿט נאָך זיי אויך אונטער אַקעגן מיר, זי גיט מיך איבער ווי סחורה הולטײַעס, גנבֿים אין די הענט!... שלעכט, ביטער, ס'איז שוין גאָר אויס וועלט.

איך האָב שוין אַרויסגעזען, ס'איז פֿאַרפֿאַלן. צווישן מיר מיט מײַן ווײַב וועט שוין קיין לעבן מער ניט זײַן. הײַנט, צו וואָס האָב איך געטראַכט, זאָל איך מיך דאָ האַלטן? מען באַדאַרף אַנטלויפֿן, ווי צום גיכסטן אַנטלויפֿן. אַ טאָג אַן איבעריקער צווישן אַזעלכע גנבֿים איז אַ זינד פֿאַר גאָט. דאָס זײַנען דאָך מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן, וואָס טוען נישט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער אַרײַן, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אין גאַנצן דעם יאָך, ווילן נישט וויסן פֿון קיין אַרבעט, פֿון דאגת הפּרנסה און זיך אויף אַנדערע אָנגעוואָרפֿן, נאָגן, זייגן ייִדיש בלוט און זײַנען נאָך זיי דם־שׂונאים. איך אַליין בין בײַ מיר אויך מיאוס אַראָפּגעפֿאַלן, באַטראַכטנדיק מײַנע אַלע געגנג אין דער גאַנצער צײַט צווישן דעם דאָזיקן פּעקל שלעכטע מענטשן. גאָר ניט דער אייגענער וואָס פֿריִער. עס האָבן צו מיר זיך צוגעקלעפּט פֿיל נישט קיין שיינע זאַכן פֿון זיי. איין מיטל פּטור צו ווערן פֿון אַזוי פֿיל צרות און בייז איז — אַרויסצורײַסן זיך פֿונעם מיאוסן פּעקל און ווײַכן זיי ווי אַן עיפּוש. נאָר וואָס טוט מען אָבער מיט איר? ווי לאָזט מען איבער זי, די האָרבאַטע מײַנע? מיר איז פֿירגעקומען, ווי איך שטיי אין אַ פֿאַרדאָרבן אָרט, אַ שרעקלעכע גרוב, נאָר אַ גיהנום, אין

אײן אויער אַרײַן שרײַט מיר עפּעס אַ קול: פֿאַרשפּיל נישט דײַן נשמה, פֿישקע, ווי גאָט איז דיר ליב, אַנטלויף! און אין דעם אַנדערן אויער קלינגט מיר פֿון דער האָרבאַטער מײַנער אַ קול: פֿישקע, פֿישקע!... מען באַדאַרף אויסקלײַבן אײנס פֿון בײדע: אָדער אַהין אין דער ליכטיקער וועלט, רײן פֿון זינד, פֿון צרות און בייז, אָדער דאָ, אין דעם גיהנום, נאָר אין אײנעם מיט איר. איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט און... גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די זינד — איך בין געבליבן ווײַטער בײַ דער כאַליאַסטרע...

שפּעטער, ערשט אין אַ צײַט אַרום, איז מיר אין קאָפּ אַרײַן אַ געדאַנק, מיט דער האָרבאַטער אין אײנעם אַנטרונען צו ווערן פֿונעם גוטן פּעקל. נאָר דאָס אָבער האָט דאָך אַנדערש נישט געקענט זײַן סײַדן אויפֿגעבונדן צו ווערן פֿרײַער פֿון מײַן ווײַב. וואָס וועט דער תּכלית זײַן פֿון מײַן אַרומפֿירן זיך מיט אַ מײדל גלאַט אַזוי? די וועלט װעט מורמלען און טראַכטן גאָט ווייסט וואָס... אײן רפֿואה איז דאָ — גט! נאָר וועט מײַן ווײַב אָבער, טראַכט איך בײַ מיר, וועלן נעמען גט? זי איז דאָך אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש פֿון זײַן ליבן נאָמען. אַז איך וועל זאָגן גט, וועט זי, מיר אויף צעשפּרינגעניש, זאָגן: ניין! די גרעסטע הנאה, אין דער לעצטער צײַט, איז בײַ איר געווען, מיך צו פּײַניקן און צו טאָן מיר אין דער גאַל אַרײַן. פֿון דעסט וועגן האָט עס מיך נישט אָפּגעשראָקן און האָב מיר פֿירגענומען אַרום דער זאַך צו אַרבעטן מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אפֿשר וועט גאָט רחמנות האָבן. דערווײַל האָב איך די זאַך געהאַלטן בײַ מיר בסוד, קײנער זאָל דערפֿון נישט וויסן.

זינט דער מעשׂה מיט דעם אַלטיטשקן האָב איך פֿאַר גרויס פֿאַרדרוס מיט קײנעם פֿון דער כאַליאַסטרע מער נישט געוואָלט אין די הײַזער אַרומגײן. דאָס האָט מיך גענוג צרות געקאָסט. נאָר איך האָב מיך אײַנגעשפּאַרט, מײַן טויט זאָל דאָ זײַן, וויל איך מער קײן בער ניט זײַן בײַ די דאָזיקע ציגײַנערס. דער ממזר מיט זײַן פּעקל לײַט זײַנען מיט דעם שטאַרק נישט צופֿרידן געווען און האָבן מיר

מיט די הענט געוויזן, ווער עלטער איז. שלאָגנדיק מיך איין מאָל, רופן זיי זיך אָבער:

— פֿאַר וואָס זשע זאָלן מיר דיך אומזיסט פֿירן, שיינע סחורה, אַז דו ווילסט נישט אַרבעטן, ווילסט נישט פֿאַרדינען? גיי דיר אַוועק צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— אַפֿילו די רגע! — ענטפֿער איך זיי — גיט מיר אָפּ מײַן ווײַב, מײַן ווײַב!

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און אַרויסגעלאָזט אַ גרויס געלעכטער. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, גיט מיר אָפּ מײַן ווײַב, איז נאָר געווען אַן אויסרייד. אין האַרצן האָב איך גאָר געמיינט: האַלט זיך מיט איר, מיט אײַער שטיק סחורה און לאָז זי נעמען בײַ מיר גט! אמת טאַקע, פֿון די קלעפּ, וועלכע איך האָב געכאַפּט פֿאַר מײַן עקשנות, האָט מיר גוט ווי געטאָן, נאָר דערבײַ האָט מיר הנאה געטאָן, טראַכטנדיק בײַ זיך: נישקשה! דאָס וועט מיר ניצן צום עסק. אַז זיי וועלן זען, איך בין אײַנגעשפּאַרט און טויג זיי מער נישט, וועלן זיי גערן זײַן מײַנער פּטור צו ווערן און דאָס וועט מיר דערנאָך העלפֿן צום גט.

— כא —

— בתיה! — גיב איך אַ זאָג צו מײַן ווײַב, צושאַרנדיק זיך צו איר מיט גוטן איין מאָל, ווען מיר זײַנען געווען אַליין און געוואָלט אין אַ שמועס מיט איר אַ טאַפּ טאָן וועגן גט — וואָס האָסטו, בתיה, צו מיר?

— ווער די כפּרה, פֿישקע! — באַקום איך פֿון איר אַ קורצע תשובֿה.

— אָט האָסטו דיר! — מאַך איך ווי אָנגעברוגזט זיך — איך מיט איר אַלץ אַדרבה ואַדרבה און זי אַלץ קידער־ווידער: ווער די כפּרה, פֿישקעלע! פֿאַר וואָס?

— באַקום זשע די ניכפּאָ! — זאָגט זי מיט אַ קרום פּנים, אַוועקרוקנדיק זיך פֿון מיר.

— זאָלסט מיר געזונט זײַן, בתיה! — רוף איך מיך אָנעט מיט גוטן — וואַרף, כ׳לעבן, אַוועק דײַנע נאַרישקייטן און לאָמיר לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן.

— ווער די כּפּרה, פֿישקעניו, מיט דער הולטײַקע דײַנער אין איינעם !

— אַהאַ, ווער די כּפּרה דו בעסער מיט דעם ממזר דײַנעם! — טראַכט איך בײַ מיר און אַרויס מיט דער שפּראַכע גאַנץ רייך: הער־אויס, בתיה! ווי זאָגט מען עפּעס, אַ בת־ישׂראל נייט מען נישט. ווילסט נישט קיין לעבן, איז דאָך דאָ דערויף בײַ ייִדן עפּעס אַ גט. רויט אָדער טויט!

— אַהאַ, די הולטײַקע גלוסט זיך אים! זיכער פּטרן דאָס ווײַב און האָצעניו מיט דער דראַבקע! אַ, נישט דערלעבן זאָלט איר עס. גיכער וועט איר בײדע מיטן קאָפּ אָנלייגן. נישקשה, עס וועט איר נישט געשענקט ווערן, דער חצופֿה דײַנער, קײַען וועט זי פֿון מיר די ערד. הערסטו, פֿישקעלע? אין טאַטנס טאַטנס טאַטנס...

מײַן ווײַב האָט זיך צעשריגן אַזוי, אַז איך האָב געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און אַוועק.

מיט מיר איז געשטאַנען שמאָל. שלעכט אַרום און אַרום! איך אַליין האָב קיין האָניק נישט געלעקט, בין פֿאַרשוואַרצט געוואָרן און די האָרבאַטע, נעבעך, האָט אויך געהאַט איר ערלעך אויסקוּ־מעניש. זי האָט געגאָסן אין מײַן זכות. מײַן ווײַב האָט זיך פֿאַר־האַלטן צו איר, ווי אַ באַלעבאָסטע, געהאַט איבער איר צו שאַפֿן, נאָר עפּעס נישט נאָך איר ווונטש, האָט זי מיט איר זיך גוט אָפּגע־רעכנט, און דער ממזר פֿון זײַן זײַט האָט איר געמאַכט אַ פֿינצ־טערן פּסק באַזונדער. אַז אָך און ווי איז אונדז בײדע געווען. אונ־דזער גאַנצע טרייסט איז געווען, וואָס שפּעט בײַ נאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפֿן, פֿלעגן מיר זיך אַרויסגנבֿענען אין דרויסן, צו

שמועסן כאָטש אַ ביסל און איינער דעם אַנדערן אויסצוגיסן דאָס שווערע ביטערע האַרץ.

איין מאָל זיצן מיר זיך אַזוי ביידע ביי נאַכט נעבן דער גרויסער שול. דער הימל איז אויסגעשטערנט און אַרום אונדז איז שטיל. נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש. זי זיצט נעבן מיר אויף אַ שטיין, איינגענורעט, איינגעהויקערט, טרערן גיסן איר זיך פון די אויגן און ברומבלט פאַר זיך שטאַרק אומעטיק איר באַקאַנט לידל:

דער טאַטע האָט מיך געקוילעט,
די מאַמע האָט מיך געגעסן...

איטלעך וואָרט אירס שניידט דאָס האַרץ ווי מיט אַ מעסער. איך טרייסט זי, נעם זי איין מיט גוטע רייד. אָט נאָך אַ ביסל וועלן מיר, אם ירצה השם, אויפגעריכט ווערן. איך מאַך איר אַ גאַנץ צעטל פון אונדזער לעבן שפּעטער, אַז מיר וועלן מיט דעם אייבערשטנס הילף ביידע פון צרות אויסגעלייזט ווערן. איך שטעל איר אַנידער פאַר די אויגן אַלצדינג לעבעדיק, מאָל איר אויס די גלופּסקער געמויערטע באָד מיט איטלעך פּיצעלע דאָרט. ווי איך וועל מיך אַהין וויטער אַריינדרייען, און אַז גאָט וועט דערהויכן דאָס מזל, קען איך מיט דער צייט באַקומען דאָרט אַ שטעלע פון אַ היטער. זי אַליין קען אפשר אויך מיט דער צייט האָבן דאָרט אַ טועכץ: זיין אַ טוקערין [1] אָדער עפּעס אַנדערש אַזוינס. און ווען נישט, קען מען אין גלופּסק אויסזוכן אַנדערע מיני פּרנסות. פאַר אָרעמע לייט איז גלופּסק ארץ־ישׂראל. זי איז אַן עין־הרע גרויס. הייזער זיינען דאָ ווי מיסט. די מענטשן זיינען אָן חכמות, ווייסן ניט פון קיין צערעמאָניעס. איטלעכער טוט זיך וואָס ער וויל און ס'איז רעכט. דאָרט קענען, אַ שטייגער, גאַנץ שיינע באַלעבאַטים גיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פאַרדריפּעט [2] ביז דעם האַלדז און גאָר נישט; אָדער אין מיטן העלן טאָג זיך שפּאַצירן אויף דער גאַס אין עפּעס אַ פאַר־

[1] די חאָס שערט די האָר (ספּעציעל צו דער חופּה). — [2] פאַרפּאַטשקעט.

שמאָלצעווערט כאַלאַטל, צעכראַסטעט און גאָר נישט; אָדער פֿאַר־קערט, אָרעמע לײַט קענען גאָר אַ מאָל אַרויסגיין אָנגעטאָן אין זײַד, אין סאַמעט און אויך גאָר נישט. דאָרט איז שווער אונטערצושיידן צווישן קבצנים און נגידים, נישט אין דער הלבשה, נישט אין דעם גאַנצן פֿירונג. זייער אָפֿט מאַכט זיך, אַז גבאים אין אַלערליי חבֿרות דאָרט זײַנען אַליין פֿאַר זיך גאָר קבצנים, ציִען זיך דערפֿון דאָס שטיקל פּרנסה אין אײנעם מיט די רײַכע, אײנער העלפֿט דעם אַנדערן און ס׳איז זיך אַ גוט לעבן. אָרעם איז נישט קיין שאַנד. מען דאַרף נאָר האָבן מזל, ווערט מען אויפֿגעריכט באַלד. וויפֿל זײַנען דאָ אַזוינע, וואָס ערשט נישט לאַנג זײַנען זיי געווען קלײן, נידעריק, משרתים, קבצנים, נעבעך, און פּלוצלינג געוואָרן לײַט, גאַנצע פֿירערס, כּל־ולך אין דער שטאָט!

— מעגלעך גאָר, אַז איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, קען מיט דער צײַט אויך ווערן אַ טוער, אַ מאַכער און עס וועט אם ירצה השם, זײַן גוט. מיר וועלן לעבן אין עושר און כּבֿוד און נחת. לאַך נישט, נשמה מײַנע, איך בין גאָר ניט צו ווײַט פֿאַרקראָכן. אין גלופּסק איז אַזעלכעס גאָר פֿון די געווײנטלעכע זאַכן. מען באַדאַרף נאָר גלויבן אין גאָט. בײַ זיך ניט זײַן אַראָפּגעפֿאַלן און זײַן אַ ייִד... מיט בטחון. אַך, גלופּסק, גלופּסק! ווי דערלעבט מען שוין זיך אַרויסרײַסן פֿון דעם מיאוסן פּעקל און גיכער, מאַמע, צו דיר!

— אַך, פֿישקע, איך האָב שוין קיין כּוח נישט מער אויסהאַלטן!

— זאָגט די האָרבאַטע מיט אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן, אָנשפּאַרנ־דיק זיך מיטן קאָפּ מיר אויפֿן אַקסל און אויף דעם פּנים איז איר געלעגן עפּעס ווי אַ געבעט.

איך גלעט זי, טרייסט זי און שטאַרק זי מיט גוטע האָפֿענונגען. זי ווערט אַ ביסל פֿריילעכער, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און לאַכט.

— פֿישקע! — זאָגט זי שטיל — דו ביסט מײַן אײנציקער אויף דער גאַנצער וועלט, ביסט מײַן טאַטע, מײַן ברודער, מײַן פֿרײַנד, מײַן אַלצדינג. זע, פֿישקע, זײַ מיר געטרײַ און פֿאַרגעס

מיך נישט. שווער מיר דאָ בײַ דער שול, ווו עס דאַוונען אַצינד די מתים, צווישן וועלכע עס געפֿינט זיך אפֿשר אויך מײַן טאַטע, וועמען איך האָב ווייניק געקענט, און איז אַן עדות. שווער מיר, אַז תמיד וועסטו מיר בלײַבן געטרײַ...

איך האָב מיך אַ נעם געטאָן שטאַרק קנעלן מיט מײַן ווײַב וועגן גט, געאַרבעט, גערעדט אַהין־אַהער. ביז צווישן אונדז איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אַזוי: דאָס ביסל געלט, וואָס בײַ מיר האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב געאַרבעט פֿאַר מיר אַליין, האָב איך באַדאַרפֿט איר אין האַנט אָפּגעבן טאַקע באַלד, נישט אײַנצוליגן עס פֿריִער, ווי דער שטייגער איז. און חוץ דעם האָב איך נאָך זיך מתחייבֿ געווען, דעם גאַנצן ווינטער, ווען מיר וועלן דערלעבן, מיך צו לאָזן. גאָר אָן שום טענות, חבֿרה זאָל מיט מיר מאַכן די שפּיל, דאָס הייסט, מיך לאָזן פֿירן אין די הײַזער און די נדבֿות, וועלכע מען וועט מיט מיר מאַכן, געהערן צו מײַן ווײַב פֿאַר איר כּתובה. דער ממזר האָט מיט אַ שמייכעלע מיר געבראַכט די ביינער והכּל שריר וקיים[ג] און געזאָגט מזל־טובֿ. איך בין ווידער געוואָרן אַ בער, אַ גוט שטיקל סחורה. דער אַלטיטשקער איז ווײַטער טאַקע מיט מיר אין די הײַזער אַרומגעגאַנגען און איך האָב אַלץ געמוזט הינקען גוט, זיפֿצן, קרימען זיך, מאַכן אָנשטעלן, ווי ער האָט מיר געהייסן.

נאָך פּסח זײַנען מיר געקומען ערגעץ אין אַ שטעטל, אין כערסאָנער גובערניע, ווו איך האָב די ערשטע צײַט געאַרבעט לויט מײַן התחייבֿות. נאָר דערנאָך האָב איך געזאָגט: גענוג! לאָז שוין זײַן דאָ טאַקע אַן עק. מײַן ווײַב האָט תּחילת זיך געקווענקלט, געבעטן אַ פּאָר טעג זיך מיישבֿ צו זײַן. צום סוף האָט זי געענטפֿערט: גוט, מאָרגן נעמט זי גט. ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אַזוי שטאַרק האָב איך מיך דערפֿרייט. פֿאַר שׂמחה האָב איך נישט

---

[ג] (סראַדיציאָנעלער נוסח אין ייִדישע אָפּמאַכן) און אַלץ איז פֿאַרענדיקט און פֿעסט.



פּישקע און די האָרבאַטע, אילוסטראַציע פון ק. גלעב

געקענט אײַנזיצן אויף אַן אָרט. עס האָט מיך עפּעס געצויגן אין דרויסן. איך האָב אַ היפּשע צײַט אַרומגעשפּאַצירט אין די גאַסן און אין איך װעג טאַקע מיט חשק געגאַנגען אויך אין די הײַזער, טראַכטנדיק בײַ זיך: װאָס קען עס שאַדטן? אויף דער הייסער שעה, בײַם אַראָפּגיין פֿון קעסט, װעט מען באַדאַרפֿן האָבן עטלעכע גראָשן. דער עסק מײַנער איז געגאַנגען גוט. אַזאַ „אין די הײַזער אַרומגייך״, װי דעמאָלט, גענעדק איך נישט שוין פֿון אַ צײַט. עס טרעפֿט זיך אַזוינס איין מאָל אין הונדערט יאָר. אַז גאָט װיל העלפֿן אַ מענטשן, העלפֿט ער אים מיט אַלעמען. אין װעלכער שטוב איך בין אַרײַן, בין איך ליידיק פֿון דאָרט נישט אַרויס. דאָס מזל האָט מיר דעמאָלט געשפּילט און האָב באַדאַרפֿט גראָד טרעפֿן אין אַ שטוב, װאָס דאָרט איז געװען אַ ברית. דער עולם איז געװען שטאַרק פֿאַר־לעקט, לעבעדיק, פֿריילעך. מען האָט מיר געגעבן אַ גוטן טרונק בראָנפֿן, אַ גאַנץ קידוש־גלעזל, אויך אַ גרויס שטיק לעקעך, אַ מלכות־ברייטל און דערצו נאָך עפּעס געלט מיט אַ רויזנבולקעלע. איך האָב מיך אײַנגעהאַלטן, נישט צו פֿאַרזוכן אַפֿילו קיין ברעקל און באַהאַלטן די אַלע גוטע זאַכן װײַט אין דעם בוזעם, צו ברענגען עס אַ מתּנה מײַן הארבאַטן מיידל. מען האָט באַדאַרפֿט זען, מיט װאָס פֿאַר אַ פֿרייד איך בין עס געגאַנגען דעם גאַנצן װעג. אַלץ געטראַכט בײַ מיר: הײַנט בײַ נאַכט, אַז דער עולם װעט שלאָפֿן, װעל איך איר דאָס געבן. לאָז זי, נעבעך, אויך הנאה האָבן. זי איז, נעבעך, פֿאַרװיסט, פֿאַרװאָגלט, האָט אַ האַרץ פֿול מיט מכּות. זי האָט, נעבעך, נישט געהאַט אין איר לעבן קיין זיסע מינוט. נאָ, לאָז זי װיסן, אַז פֿישקע איז אַ גוטער ברודער. ער זאָרגט זיך פֿאַר איר און היט זי אָפּעט װי דאָס שװאַרצאַפּעלע אין אויג. ער װעט באַדײַ[4] אַליין נישט עסן און איר דאָס לעצטע, דעם בעסטן ביסן אַװעקגעבן. עס האָט מיר זיך געדאַכט, װי מיר בײדע זיצן נעבן דער גרויסער שול און האָבן שטאַרק הנאה. זי עסט, קװיקט זיך

---

[4] ליבערשט, בעסער, צו מאָל.

מיט דעם לעקעך און איך איר — „נשמה מײַנע, לאָז דיר װויל באַקומען!“, טראַכטנדיק דערבײַ בײַ זיך: אַ גוטער סימן! הלוואַי אין גיכן לאָמיר עסן לעקעך בײַ אונדז... איך זאָג איר אָנעט די בשׂורה „מאָרגן װער איך אױסגעליזט, מײַן װײַב נעמט גט!“, און זי שײַנט, קװעלט גאָר אָן, מיר קלערן, װי אַזױ שטילערהייט אַרױסצוכאַפּן זיך פֿון דער כאַליאַסטרע און מאַכן אַ פּליטה, בײַ אונדז װערט פֿאַרטיק װעגן דעם אַ גאַנצער פּלאַן און ס׳איז דאָ אַ האָפֿענונג, אַז עס װעט, אם ירצה השם, זײַן גוט... אָט מיט אַזעלכע געדאַנקען בין איך מיר געגאַנגען דעם גאַנצן װעג און מיר פֿירגעשטעלט גליקן. אױפֿן װעג האָב איך נאָך באַגעגנט אַ װאַסערטרעגער מיט פֿולע עמערס — דאָס איז דאָך געװיס אַ גוטער סימן. נאָר װאָס אָבער לאָזט זיך אױס?

עס לאָזט זיך אױס, װרי איז מיר, אַ טײַך. איז אַ מענטשן באַשערט אומגליק, העלפֿן אים נישט קײן גוטע סימנים אױך, צען גױעס אַפֿילו זאָלן אים מיט פֿולן איבערגײן דעם װעג. אַז איך בין פֿאַר נאַכט געקומען צוריק אין הקדש, האָב איך שױן דאָרט נישט געטראָפֿן די כאַליאַסטרע!... אין דער צײַט, װאָס איך האָב מיר לוסטיק אַרומגעשפּאַצירט אין דער שטאָט, זײַנען די שײנע לײַט דערװײַל אַװעקגעפֿאָרן און מײַן װײַב, אױך מײַן האָרבאַטע, נעבעך, מיט זיי... דאָס איז שױן געװען דעם ממזרס מלאכה, זײַנס אַ שפּיצל. זאָל ער אַזױ װיסן פֿון זײַן לעבן צו זאָגן, װי איך האָב דענסטמאָל געװוּסט, אױף װאָס פֿאַר אַ װעלט איך בין. זאָל אים, רבונו של עולם, אַזױ דרייען אינעװייניק אין בױך, װי מיר האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. חושך און פֿינצטער איז מיר געװאָרן אין די אױגן, פֿינצטער איז מײַן װעלט. דאָס אײנציקע שטערנדל, װאָס האָט מיר געשײַנט, איז פּלוצלינג פֿאַרשװוּנדן געװאָרן. נישטאָ, װרי איז מיר, נישטאָ מײַן טרייסט! נישטאָ מײַן האָרבאַטע, נעבעך!... איך בין װײַטער עלנט װי אַ שטײן, אײנער אַלײן אין דער גאַנצער װעלט. און זי! װוּ איז זי, װאָס טוט, נעבעך, זי, זי?... פֿאַר װעמען װעט זי קענען

כאָטש אַ מאָל אויסוויינען, אויסגיסן איר שווער ביטער האַרץ? אוי, ייִדן! אַ וויטיק, ס'איז אַ ווייטיק טאַקע אין צווייען!

אַרויסנעמענדיק שפּעטער פֿונעם בוזעם דאָס שטיקל לעקעך, וואָס איך האָב איר עס אָנגעגרייט, איז מיר געוואָרן אַ לאַך אין האַרץ. איך האָב עס געהאַלטן שטײַף, אָפּגעגאָסן עס מיט טרערן, ווי עפּעס אַ זאַך, אַ זכר, וואָס בלײַבט איבער נאָכן טויט פֿון אַ געליבטן קינד, פֿון אַן איינציקן קינד. נישט באַשערט דיר צו פֿאַר־זוכן עס, צו דערקוויקן זיך איין מאָל אין דײַן לעבן, אומגליקלעכע, בידנע נשמה מײַנע! איך קוק, קוק אויפֿן שטיקל לעקעך, קוש עס, וויקל עס דערנאָך אײַן ווי אַן אבן־טובֿ און באַהאַלט עס ווידער אין בוזעם, טאַפּנדיק עס אָפּט און צוקוועטשנדיק עס צום האַרצן... ווייס איך, וואָס מיר איז געשען?!...

—כב—

פֿישקע האָט בײַ זײַנע לעצטע ווערטער אַרויפֿגעלייגט בײדע הענט אויפֿן פּנים, זיך צעוועקגעקערט אין דער זײַט און געכליפּעט. מיר האָבן געפֿילט זײַן האַרץ און אים געלאָזט צו רו. אויף אונדז אַליין איז אויך אָנגעפֿאַלן אַ מרה־שחורה. מיר זײַנען געבליבן זיצן שטיל, איטלעכער פֿאַרטיפֿט אין זײַנע געדאַנקען. אַלטער מײַנער האָט זיך אַלץ געקראַצט אין דער פּאה, געפֿירט די האַנט איבערן פּנים, אָנהייבנדיק פֿונעם שטערן און אויסלאָזנדיק מיט דער באָרד, וועלכע ער האָט אַרומגעכאַפּט מיט אַלע פֿינף פֿינגער און געמאַכט דערבײַ: „עט, עט!...“ — מען האָט געזען, ער איז צעטראָגן. מיט אים איז עפּעס נישט גלאַט. איך אַליין בין עפּעס געוועזן אויך צע־דרייט. פֿישקעס געשיכטע האָט מיך געקאָטערט. נאָך גאַנץ לאַנג האָב איך פֿיל מאָל בײַ מיר געטראַכט: רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אַזוינס זײַן פֿאַרליאַפּעט? עפּעס האָב איך געהערט, עס טרעפֿט זיך אַ מאָל אַזעלכעס, נאָר וואָס דאָס איז, האָט מײַן מוח נישט

גענומען. בײַ אונדז פֿלעגט מען אויף אַזעלכע זאַכן געווייינטלעך זאָגן: ס׳איז „אַן אָפּגעטאָנענע זאַך“, אַ כּישוף, עפּעס אַזאַ מין פֿלעשעלע איז דאָ דערצו, עפּעס אַ מין קרײַטעכץ פֿון אַן אַלטער גויע, אַ מכשפֿהטע. און דאָס, וואָס אַלטע מכשפֿהטעס זײַנען פֿאַרטיק אָפּצוטאָן אַזעלכע שפּיצלעך, אויך אַראָפּצוברענגען רײַטנדיק אויף אַ בעזעם דעם מאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפֿן דאָס ווײַב, זי געמאַכט פֿאַר אַן עגונה — דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, דערויף זײַנען דאָך דאָ אַ סך עדות: כּשרע ייִדן מיט בערד... פֿאַרליאַפּעט זײַן האָט בײַ אונדז געהייסן עפּעס אַזאַ מין שלאָפֿקייט ווי קדחת, אַ שטייגער, אַ דיבוק, אַ מאַנקאָליע, די ניכפּא, די שלעכטע זאַך, וואָס דערצו איז טאַקע נאָר אַ בעל־שם אָדער, להבֿדיל, דער טאָטער. בײַ אַ שמועס דערפֿון פֿלעגט מען זיבן מאָל אויסשפּײַען, אָננעמענדיק זיך בײַ די ברעמען, און מאַכן דערבײַ מיט אַ פֿאַרקרימטן פּרומען פּנימל, נישט דאָ געדאַכט, נישט פֿאַר קיין ייִדישע קינדער געדאַכט!... אויך איז אַ מצווה געווען צו לאַכן אויס יענע פֿאַרליאַפּעטע, ווי דער שטייגער ס׳איז צו לאַכן פֿון אַ משוגענעם. אַזאַ שלאָפֿקייט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאַכט, האָט זיך עס געמאַכט סײַדן נאָר בײַ די גרויסע נגידים אָדער בײַ די גרויסע קבצנים. אין באַלעבאַטישן גראַד אַקעגן האָט מען נישט געוווּסט אַפֿילו מיט וואָס מען עסט עס. דאָס איז דאָך, האָב איך אָפּט בײַ מיר געטראַכט, אַ וווּנדער. פֿאַר וואָס איז דאָס אַזוי? און וואָס איז דאָס אַזוינס? עס מוז דאָך האָבן אַ טעם. פֿון דער אַלטער גויע איז נאַרישקייטן, ווי דאָס פֿלעשעלע... דער טעם — איך בין קיין מאָל מיט דעם נישט צופֿרידן געווען, הגם ייִדן האָבן עס געהאַלטן פֿון מיר פֿאַר אַ שטיקל אַפּיקורסות:

— סטײַטש, ווי גלייבט מען עס נישט אין כּישוף, אין דעם טאָטער, אין שדים?

איך האָב געזוכט בײַ מיר, געזוכט אַ טעם און, דאַכט זיך, געפֿונען. גרויסע נגידים איז אויף דער וועלט צו גוט, האָבן אַלצדינג, עסן, טרינקען, דאָס טײַערסטע, דאָס בעסטע, אַן זאָרג, אַן קאָפּדריי־

עניש, עס גייט זיי אָפּ נאָר קדחת — דעריבער ליגט זיי אין זינען צו מאַכן קוצעניו־מוצעניו. ערנסט אָדער גלאַט אַזוי אַ שפּילעכן? דאָס איז שוין זייער סוד. ווידער זשע די גרויסע קבצנים, פֿון דער אַנדערער זײַט? זיי איז אויך, אויף זייער שטייגער, גוט. האָבן גאָר נישט, קדחת, וואָס אײַנצושטעלן, עסן קעסט בײַ דער וועלט אָן קאָפּדאַרעניש און קומען אויפֿן גרייטן. בושה אין דער זײַט! דעריבער גלוסט זיך זיי אויך אַזעלכע מעשׂיות. שטענדיקע עסקים פֿון דרייען זיך און מיני תּחבולות איז געוויינטלעך נאָר אין דעם הויכן און אין דעם נידעריקן שטאַנד. דער איבעריקער עולם אונ־דזערער, פֿונעם מיטעלן סאָרט מענטשן, איז תּמיד פֿאַרטראָגן אין דייַשע באָרשטש [1]. אים דאַרט דער קאָפּ פֿאַר דעם שטיקל ברויט, זוכט פּרנסה. בײַ אים איז ראשית חכמה געשעפֿט. אַלצדינג — געשעפֿט. חתונה האָבן איז אויך אַ געשעפֿט. ער האַנדלט־אײַן אַ ווײַב, דינגט זיך פֿריִער גוט אויס וועגן דעם מקח, וועגן נדן, וועגן איטלעך פּיצעלע באַזונדער, אַלצדינג פּינקטלעך אויסגערעכנט. אַפֿילו אַ שטרײַמל און די שבתדיקע קאַפּאָטע מוז אויך שטיין בפֿירוש אין די תּנאים. זײַנען די תּנאים דערפֿילט געוואָרן, כּפֿי דעם מדובר:

— קום זשע, כּלה־לעב, אונטער דער חופּה מיט דעם שדכן, מיט דעם בדחן, מיט דעם גאַנצן פּעקל כּלי־קודש, וואָס לעקן פֿונעם געשעפֿט אָפּ אַ ביינדל. זײַ אַ ווײַב, האָב קינדער, רײַס קריעה און ווער פֿאַרשוואַרצט מיט מיר אין איינעם ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אויב דיר גלוסט זיך לעבן, נישט שטאַרבן פֿאַר דער צײַט! אויב דו ביסט שיין אָדער מיאוס, קלוג אָדער אַ נאַר, דאָס איז שוין דײַן עסק. פֿון מײַנעט וועגן איז אַלץ איינס. אַ פּלוניתטע איז אַ פּלוניתטע. מיר זײַנען נישט קיין פּריצים, האָבן נישט קיין צײַט צוקוקן זיך צו אַזעלכע זאַכן. ייִדן זײַנען מיר, סוחרים, מעקלערס, קרעמערס, טרוד [2] אין דער פּרנסה!

זייער פֿיל זײַנען דאָ פֿון מײַן גראַד ייִדן, וואָס ריידן כּמעט

[1] (וויציק) פּרנסה, קוים צו דערהאַלטן די נשמה. — [2] פֿאַרהאָרעוועט (אין מאַכן אַ לעבן).

נישט, עסן נישט ביי איין טיש מיט די ווײַבער, קוקן זיי ווייניק אָן, און ס'איז גאַנץ רעכט. בײדע צדדים זײַנען צופרידן און ווינטשן, ווען עס קומט־אויס אַ מאָל, הלוואי אַזאַ לעבן אויף אַלע גוטע לײַט און אויף זייערע קינדער געזאָגט געוואָרן! שטאַרבט ביי איינעם דאָס ווײַב, באַגראָבט ער זי, זיצט נאָך איר שבֿעה גאַנץ ייִדישלעך און האַנדלט באַלד טאַקע אײַן אַ צווייטע, פֿריִער נאָך אַ מאָל פֿאַר שלושים. און אויף אַזאַ שטייגער אויך די דריטע, פֿערטע, די פֿינפֿ־טע... ביז דער אַלטער ייִדענע, וועלכע ער נעמט צום לעצט אין די אַלטע, געשענקטע יאָרן, אונטער דעם אויסרייד געוויינטלעך, מיט איר אין ארץ־ישׂראל אַרײַנצופֿאָרן. הייסן הייסט עס ביי ייִדן די גאַנצע חתונה מקיים זײַן אַ מצווה, ווי גאָט האָט געבאָטן... ווי, אַ שטייגער, דעם ייִדנס עסן שבת איז נישט גלאַט גראָב פֿרעסן פֿאַר דער אַכילה וועגן, ווײַל אַ זינדיקער מענטש באַדאַרף עסן... נאָר וואָס דען? עס הייסט: מקיים זײַן שלש־סעודות. דאָס גלײַכן אויך דאָס גלעזעלע ווײַן פּסח בײַם סדר. טרינקט עס דען אַ ייִד גלאַט משונה גראָב, ווײַל אַ ביסל ווײַן איז מחיה און נאָך די קנײדלעך טאַקע גאָר אַ דערקוויקעניש? חלילה! ער מאַכט דערבײַ מיט אַ פֿאַר־פֿרומט פּנימל: הריני מוכן ומזומן — איך בין מיר גרייט, איך בין מיר ברייט מקיים זײַן די מצווה כּוסען: דעם ערשטן, צווייטן, דריטן, פֿערטן כּוס... אונדזער איינער עסט, טרינקט, האָט חתונה אַלץ מיט אַ לשם יחוד, צוליב קודשא בריך הוא און דער שכינה.

נאָר דאָס אַלצדינג איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרן אויף פֿיש־קען, אין זײַן שלעכטער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפֿונען, איז דאָס האָרבאַטע מיידל פֿאַר אים געווען אַ גליק, זײַן טרייסט, זײַן לעבן, זײַן אַלץ מיט אַן אַנדער. אַז מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן פֿאַר אַ שטרוי. הײַנט וואָס זשע איז פֿאַר אַ וווּנדער, אַז פֿישקע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער האָרבאַטער מיט זײַן גאַנץ לײַב און לעבן און איז צו איר צוגעזאָטן געוואָרן? אַז עס רירט־אָן בײַ דער נשמה, דענסטמאָל שרײַט דאָס האַרץ, שרײַט, רעדט איינע ווערטער בײַ אַלע מענטשן גלײַך. דאָס לשון פֿונעם האַרץ איז איין לשון

פֿאַר גרויס און קליין, פֿאַר דעם געלערנטן און פֿאַר דעם גראָבן מענטשן — וואָס זשע איז פֿאַר אַ וווּנדער, אַז פֿישקעס האַרץ האָט זיך דאָ אויסגעגאָסן אין אַזעלכע הייסע געפֿילן, ריינע מענטשלעכע ווערטער? דעריבער טאַקע האָבן זײַנע ווערטער גערירט, מיך צע־נומען ווי אַ פֿידעלע, וואָס רעדט, שפּילט אומעטיקע שטייגערס[3]. אַלע בעלי־דרשנס און מוסר־ספֿרים אין איינעם האָבן קיין מאָל מיך אַזוי נישט גערירט, געמאַכט ווייך, גוט און פֿרום, ווי אַ קרעכץ פֿון אַ צעבראָכענעם האַרץ, ווי דעם כּלי־זמרס אַ שפּיל אויפֿן פֿי־דעלע . . .

מילא, גאַנץ רעכט, איך בין שטאַרק גערירט פֿון פֿישקעס דער־ציילונג. בין איך מיר דעריבער פֿאַרטראַכט. אָבער דו, פֿערדל מײַנס, פֿאַר וואָס ביסטו פֿאַרטראַכט? אַ גאַנג אַ ביסל, מישטיינס געזאָגט! קוים וואָס ער רירט זיך. עס זאָל אים דאָס אָנהייבן אַרן, וואָס אָט באַלד איז תּשעה־באָבֿ און מען באַדאַרף זיך אײַלן מיט קינות אין אַ סך שטעטלעך! ער גייט גאָר נישט מיט דעם גלײַכן וועג, פֿאַרקריכט אין דער זײַט נעבן דער תּבֿואה, שטעלט זיך צו ווײַלן אָפּ און שטשי־פּעט גראָז. די שיינע שקאַפּע איז ניט בעסער פֿון אים, טוט אים נאָך און כאַפּט אויך אַ קײַ. דאָס אייגענע טאַקע וואָס אין חדר. אַז דער רבי פֿאַרקוקט זיך אַ מאָל אין דער זײַט, פֿאַרוויגט דאָס קינד אָדער האַמפּערט זיך מיט דער רביצין, פֿאַרקוקן זיך אויך די תּלמי־דים און פֿאַלשעווען אין דעם לערנען. איך טו די רפֿואה, וואָס דער מלמד, נעם די בײַטש און טו אַ ווײַז דעם שלימזל מײַנעם, זאָגנדיק אים דערבײַ מוסר. ער שטעלט־אויף די אויערן, שטרעקט־אויס דעם האַלדז, שטעקט־אַרויס אַ שפּיץ צינגל, דריגעט מיט אַ הינטערשטן פֿוס און שמײַסט קעגן מיר מיט דעם וויידל.

— אײַ, דו ביסט אַן עזות־פּנים! — רוף איך מיך אָן און בין אים שוין טאַקע גוט מכבד מיט דער בײַטש.

---

[3] טראַדיציאָנעלע מאָטיוון.

ער האָט אַפילו נישט געוואָלט לײַדן, מאַכט אַ פּערדישן קוממיות, אַ הייב מיט דעם הינטן, און געהאַט בדעה אויסצושטרעקן זיך אויף דער ערד. נאָר ער האָט זיך באַלד מיישבֿ געווען, אַ צי געטאָן מיט אימפּעט דעם וואָגן און אָנגעהויבן זיך ווײַטער צו שלעפּן.

מיר אַלע זײַנען דערווײַל צו זיך געקומען. אַלטער האָט אונטערגעטריבן אויף זײַן שטייגער, פישקע היבט־אָן אויף זײַן שטייגער, איך נאָך אים טאַקע אַרבעט, פאַרטײַטש אויף מײַן שטייגער און די מעשׂה דערציילט זיך ווײַטער אַזוי:

— איך וועל אײַך דאָ נישט קיין ים ברײַען. איינער אַליין האָב איך מיך דערנאָך אויף אָדעסער טראַקט געלאָזט, געטראַכט, טאָמער וועל איך מײַנע לײַט דאָ באַגעגענען אָדער הערן עפּעס וועגן זיי. נאָר אומזיסט די מי, זיי זײַנען ווי אין וואַסער אַרײַן. דאָס לעבן איז מיר נמאס געוואָרן פון שטענדיקן אַרומשלעפּן זיך. איך האָב געחלשט אויסצורוען זיך אַ ביסל, זיצן אויף איין אָרט, ווי איך בין געוווינט געווען פריִער. גאָט האָט געהאָלפן, איך האָב מיך לסוף פאַרשלעפּט קיין אָדעס.

די ערשטע פּאָר טעג איז אָדעס פאַר מיר געווען אַ טויט. איך האָב מיך דאָרט אַרומגעדרייט עלנט, פרעמד, אַליין נישט צו וויסן וווּ מיך אַהינצוטאָן. אַלצדינג איז פאַר מיר געווען נײַ, עפּעס ווילד משונה. קיין הקדש, ווי אין אַנדערע ייִדישע שטעט, האָב איך דאָרט נישט געפונען. הײַזער אויף אַרומצוגיין אויך נישטאָ. בײַ אונדז אין די ייִדישע שטעט זײַנען דאָ הײַזער, טאַקע וואָס הײַזער הייסן, ניידעריקע, אָן חכמות, אָן קונצן, מיט די טירן צו דער גאַס. איין קליין שטופּעלע די טיר, קומסטו גלײַך אין שטוב אַרײַן, ברויכסט נישט מאַכן קיין גרויסע צערעמאָניעס. אָט איז דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט, אַלצדינג וואָס נייטיק איז צו עסן, צום שלאָפן. באַדאַרפסט אַ ביסל וואַסער, האָסטו עס. באַדאַרפסט די פּאָמוניצע, איז זי דאָ, וואַש די הענט און זאָג דיר אַשר יצר, וויפל דײַן האַרץ גלוסט. אָט איז דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, דאָס הויזגעזינד. זאָג: גאָט

העלף! שטרעק־אויס די האַנט, באַקומסטו דיר דײַן נדבֿה, אַ קוש די מזוזה און גיי דיר געזונטערהייט ווײַטער! הײַנט איז טאַקע גאָר פֿון דרויסן גרינג צו דערקענען אַ ייִדנס הויז. דאָס בערגעלע מיסט, דאָס רינשטאָקל, די פֿענצטער, די ווענט, דער דאַך שרײַען: דאָס איז אַ ייִדיש הויז. אין דעם ריח אַליין דערקענט איר, אַז דאָ זיצט אַ ייִד... אַקעגן זשע דאָרט אין אָדעם זײַנען די הײַזער, מישטיינס געזאָגט, עפּעס ווילדע, הויך אומגעלומפּערט. דער גאַנג איז געווינטלעך דורך אַ טויער אין אַ הויף. דאָרט קריך אויף טרעפּ, זוך אַ טיר. האָסטו שוין געפֿונען אַ טיר, איז זי גאָר פֿאַרשלאָסן, עפּעס איז זי מיט אַ גלעקל, מיט גאַנצע צאַצקעס. דו בלײַבסט בײַ דיר עפּעס אַראָפּגעפֿאַלן, פֿילסט, אַז דו ביסט אָרעם, נידעריק, האָסט קיין פּנים נישט. שטייסט אַ רגע דערשלאָגן, מאַכסט דיר דערנאָך האַרץ, נעמסט זיך מיט גרויס דרך־ארץ פֿאַרן גלעקל, עס ציטערט דיר אָבער די האַנט. טוסט אַ קליין ציִעלע, כּמעט ווי גאָר נישט, שרעקסט זיך עפּעס אַליין פֿון דײַן ציִעלע, גלײַך ווי דו וואָלסט אַרויס אַקעגן יענעם מיט אַ גראָב וואָרט, אים געשאָלטן אין טאַטן אַרײַן, און טראָגסט זיך באַלד טאַקע אָפּ... טאַפּסטו אַ מאָל אַן ערגעץ עפּעס אַן אַנדערן גאַנג, פֿאַלט אויף דיר אָנעט אַ קעכנע, אַ באַדינטער, אָדער עס לאָזט זיך גאָר אויס, דאָ זיצט נישט קיין ייִד. וואָס הייסט עס! וווּנדערסטו זיך שטאַרק, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטאָט? וואָס זײַנען עס פֿאַר הײַזער? ווו זײַנען עס אונדזערע אָרעמע לײַט מיט די טאָרבעס? איך האָב מיך אַרומגעבלאָנקעט אין די גאַסן, זיך גוט צוגעקוקט צו אַלצדינג דאָרט, טאָמער וועל איך זען עמעצן מיט אַ טאָרבע, אויסצופֿרעגן אים מכּוח דעם עסק, ווי אַזוי מען גייט דאָ אין די הײַזער אַרום. נאָר ווי אויף צו להכעיס האָב איך נישט באַגעגנט קיינעם. און ווי איך דריי מיך דאָ אַזוי אַרום, באַמערק איך פֿון דער ווײַטנס עפּעס אַ יונגן מאַן, געקלײדט דײַטש, גייט ווי איינער, וואָס ווייסט נישט דעם וועג, קוקט אויף די הײַזער און וואָרפֿט זיך אין אַלע זײַטן גאָס. דער דאָזיקער פֿאַרשוין, טראַכט איך בײַ מיר, מוז גיט זײַן קיין היגער. מען באַדאַרף אים נאָכגיין,

זען וואָס ער טוט. ער גייט־אַרײַן אין אַ הויף, איך נאָך אים. ער זוכט און לאָזט זיך דערנאָך אַרויפֿגיין אויף אַ טרעפּ, מײַנער — אויך אַרויף. ער גייט־אַרײַן אינעווייניק אין אַ פֿאָדער־חדר, מײַנער שטעלט זיך אויף יענער זײַט נעבן דער טיר. עס דויערט נישט לאַנג, קומט אַרויס איינער, אַ געגאָלטער, עפּעס גאָר אַ פּריץ, אַ פּנים, דאָס איז דער באַלעבאָס. דער יונגער מאַן גיט אים עפּעס אַ ביכל, אַרויסנעמענדיק עס פֿריִער פֿון אַ קעשענע, ברייט און לאַנג ווי אַ טאָרבע. דער געגאָלטער טוט אַ בליק אויף דעם שער־בלעטל און וואַרפֿט עס באַלד טאַקע דעם יונגן מאַן צוריק, פֿאַרקרימענדיק זיך מיט אַ בייזער:

— לאָזט מיך צו רו מיט אײַערע שמאָכטעס! מיר טויג עס כּלל נישט.

דער יונגער מאַן טענהט, לויבט זיך אין טאָג אַרײַן, ער האָט געמאַכט עפּעס אַזוינס גאָר אַנטיק. עס העלפֿט אים אָבער נישט און ער גייט, נעבעך, בבֿושה וחרפּה אַרויס. מײַנער — אַרײַן און בעט פּשוט אַ נדבֿה. איך באַקום באַלד עטלעכע גראָשן און רוק מיך געשווינד אַרויס מיט אַ פֿריילעך האַרץ. אַצינד, טראַכט איך מיר, בין איך אויף דעם אמתן וועג. גאָט שיקט־צו דעם שפּיגער זײַן פּלאַקס, דעם שענקער זײַן ביר און דעם אָרעמאַן, דעם גר, זײַן ועגוויזער. מען באַדאַרף אים פֿונעם אויג נישט אָפּלאָזן. איך גיי דעם פֿאַרשוין נאָך שטילערהייט, ווי אַ קו אַ קעלבל. וווּ ער, דאָרט בין איך. אים גייט עס שלים־שלימזל. אומעטום כאַפּט ער, נעבעך, זײַן פּסק. דאָ אַזוי:

— נישט אויסצוהאַלטן, ווי זיי האָבן זיך היינט צעלאָזט!

און דאָרט אַזוי:

— גייט אײַך געזונטערהייט, מיר באַדאַרפֿן אַזעלכעס ניט האָבן!

דער שפּיץ איז, ער גייט־אַוועק צעקאָכט מיט ליידיקע הענט און מיר גייט עס, אָן עין־הרע, גאָר ניט שלעכט. איך נעם אַ גראָשן, אַ צווייער, אַ דרײַער, וויפֿל מען גיט.

— וואָס איז דאָס — וווּנדער איך מיך — פֿאַר אַ מין אָרעמאַן

אַזוינער ?! אין מײַן לעבן האָט מיר אַזעלכעס זיך קיין מאָל נישט געחלומט. אַ פּנים, דאָ איז אַזאַ מנהג — אָרעמע לײַט מיט ביכלעך. בײַ מאָדישע קבצנים און נאָך אָנגעטאָן דײַטש! נאַראָנים, צו וואָס בעטלען מיט ביכלעך און האָבן אַ פֿײַג, אַז מען קען בעטן נדבֿות פּשוט אַזוי! איך בין זיך נוהג ווי אונדזערע ייִדעס, גיי מיר אין די הײַזער פּשוט, אָן חכמות, און מאַך עס בעסער ווי אַנדערע מיט די ביכלעך...

נאָר ווי די מעשׂה איז, אויב זיי זײַנען נאַראָנים אָדער נישט, דערווײַל האַלט איך מיך פֿעסט אין מײַן קבצן מיט די ביכלעך. גיי אים נאָך שטילערהייט פֿוסטריט און היט מיך ווי ווײַט נאָר מעגלעך, ער זאָל מיך ניט זען. תּחילת איז דאָס געגאַנגען גאַנץ גוט, נאָר שפּעטער האָט ער, אַ פּנים, באַמערקט ווי איך שלעפּ זיך אים נאָך און דאָס איז אים שטאַרק נישט געפֿעלן. ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפּט אַרומצוקוקן, אָפּצושטעלן, און געזוכט ווי מײַנער פּטור צו ווערן. איך האָב מיך געמאַכט תּם, געקוקט אין דער זײַט קלאָמפּערשט, ווי נישט אים מיין איך, און גיי מיר מײַן וועג. נאָר אין האַרצן האָב איך געטראַכט:

— ניין, דו וועסט זיך בײַ מיר נישט אַרויסדרייען, ברודער! ווען דו טויגסט נישט קיינעם און דיר אַליין אויך נישט, טויגסטו אָבער מיר. אַ רבי, ווי אין די הײַזער אַרומצוגיין, ביסטו זייער אַ גוטער, חכם מײַנער!...

צום לעצט האָט זיך מיט אונדז געמאַכט אין איין שטוב אַזאַ מעשׂה: דער באַלעבאָס האָט זיך געקליבן עסן מיטאָג און פּלוצלינג קומט־אָן מײַן קבצן מיט די ביכלעך. עס הייבט זיך אָן אַ טענהן פֿון בײדע צדדים: איינער וויל אַרײַנדרייען, אײַנריידן, אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, דער באַלעבאָס ווערט שוין גוט אין כּעס, באַלייט מײַנעם צו דער טיר אַ ביסל גראָבלעך, דערזעט דאָרט מיך און שיקט אונדז בײדע אָפּ צו אַלדי שוואַרצע יאָר. דער בשותּפֿותער פּסק אונדזערער האָט שוין ממילא געפֿירט דערצו, מיר זאָלן איינער מיט דעם אַנ־ דערן זיך בעסער דערקענען. בײַם אַראָפּגיין פֿון די טרעפּ קוקט

מיך אָן מײַן חבֿר עפּעס שטאַרק אָנגעברוגזט. איך פּאַדדריי דעם קאָפּ אין דער זײַט און ווייס נישט וואָס צו טאָן. איך וואַרט, ער זאָל גיין פֿריִער. מיר שטייען אַזוי אַוועק עטלעכע מינוט און ביידן איז נישט גוט. מײַן שותּף טוט מיר דערנאָך אַ פֿרעג:

— וואָס ווילט איר, ר׳ ייִד?

— גאָר נישט! — ענטפֿער איך — דאָס אייגענע וואָס איר.

— דאָס אייגענע וואָס איך! — מאַכט מײַן שותּף, אויסמעסטנדיק מיך מיט אַ קוק פֿון קאָפּ ביז די פֿיס זייער פֿאַרוווּנדערט — איר זײַט אויך אַ מהבר?

איך האָב געמיינט, מחבר איז עפּעס אַ דײַטש וואָרט און עס הייסט, וואָס בײַ אונדז אויף פּראָסט ייִדיש קבצן, זײַנער אַ חבֿר אין דער פּרנסה. דעריבער ענטפֿער איך אים אָפּעט באַלד טאַקע אויף טײַטש:

— יאָ, אַ מחבר.

— וואָס האָט איר עפּעס געמאַכט? — טוט ער ווידער אַ פֿרעג.

— איך האָב געמאַכט גאָר נישקשהדיק — ענטפֿער איך, טראַכטנדיק בײַ מיר: אויף אײַך געזאָגט געוואָרן! — אַ פֿערציק גראָשן האָב איך געמאַכט.

— ווי הייסט אײַער חיבור? — גיט ער מיר נאָך אַ מאָל אַ פֿרעג.

ווײַטער טײַטש, טראַכט איך מיר. ער פֿרעגט זיכער: ווי הייסט איר קבצן, חבֿר מײַנער?

— פֿישקע!... — טו איך אַ זאָג קורץ און שאַרף.

— קען איך האָבן דעם כּבֿוד מיט פֿישקען באַקאַנט צו ווערן?

— מאַכט ער עפּעס מיט אַ זיס חנדעלע.

— אָך, מיט אַלע כּבֿודן, זייער אָנגעלייגט, כ׳לעבן! — זאָג איך, אָנקוקנדיק אים גאָר פֿרײַנדלעך.

— נו, ווּ איז ער, דער חיבור?

— אָט בין איך דאָך טאַקע אַליין דאָ פֿאַר אײַערע אויגן, זאָלט איר מיר געזונט זײַן!

— גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — טוט ער אויף מיר אַ געשריי און פּליט־אַוועק געשווינד און אין כּעס.

אַז איך בין אַרויס פֿונעם הויף, זע איך, מײַן שותּף לויפֿט ווי אַ משוגענער. ער איז שוין גאַנץ ווײַט, טוט זיך פּלוצלינג אַ נעם אין אַ געסעלע און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. איך בין געבליבן שטיין עפּעס ווי אויסגעפּאַטשט און ווונדער מיך, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין נפֿש. גאָר אַ משוגענער טאַקע! אָט איז ער גוט, פּלוצלינג קומט אים אָן דער שגעון און ווערט אָנגעצונדן. דאַכט זיך, איך האָב אים גאָר נישט געזאָגט אַזוינס. איך האָב אים געענטפֿערט טײַטש מיט זײַן לשון, נאָט אײַך נײַס:

— מחאַבאַר, חיבאָרים!

בײַ אונדז אויף ייִדיש הייסט עס פּראָס קבצן, טאָרבע. איבעריקנס כאַפּט אים דער וואַטלמאַכער!...

— כג —

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך מיט אָדעס מיך שוין בעסער באַקענט, בין קלאָר געווען אין די אַלע ווינקעלעך און הינטערגעסלעך, געכאַפּט דעם סטרי און געוווּסט, ווו עס עפּנט זיך אַ טיר. אָדעס איז ווי אַ טאַבעקערקעלע[1] מיט אַ סעקרעט. מען ברויכט צו וויסן דאָס שפּרונזשינקעלע ווו צו געבן אַ קוועטש, דענסטמאָל עפֿנט עס זיך גרינג אויף, מען שטעקט־אַרײַן די פֿינגער און נעמט אַ גוטן שמעק טאַבאַק. עס האָט זיך פֿאַר מיר געעפֿנט אַ קוואַל פֿון הײַזער, אַזעלכע וואָס פּאַסן צום עסק, מיט אַלע גוטע מעלות ווי בײַ אונדז. אָרעמע לײַט האָב איך שוין געפֿונען וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט, גאַנצע מחנות פֿון אַלערליי סאָרטן: אָרעמע לײַט מיט טאָרבעס, אָרעמע לײַט אָן טאָרבעס, אַזעלכע וואָס אין ערגעץ

[1] אַ פּושקעלע פון שמעקטאַבאַק.

בישטאָ נאָר אין אָדעס. ירושלמים, פֿרענקען, טערקישע און פּערסי־
שע ייִדן, וואָס פּלאַפּלען לשון־קודש; אַלטע ייִדן, קבצנים מיט ווײַ־
בער, אויך אַן ווײַבער, וואָס פֿאָרן אויף דער עלטער שטאַרבן אין
ארץ־ישׂראל און עסן דערווײַל דאָרט קעסט, קינדלען, לעבן אויף
דער וועלטס רעכענונג; עגונות, ייִדענעס מיט ספּאַזמעס, ייִדן גע־
בראָכענע מיט מיחושן וואָס קומען זיך היילן אין דעם לימאַן.
מקובלים אַלט־פּעטערישע, וואָס רײַבן זיך אַרום פּראָסטע ייִדן אין
די בתּי־מדרשים, און מקובלים פֿון הײַנטיקער וועלט מיט געגאָלטע
בערד, וואָס רײַבן זיך אַרום די בראָדער, פֿראַנצויזן אין די קאָפּיי־
נעס[2] און טראַקטירן. אבֿיונים אָפּגעפּײַנטע, אויסגעפּוצטע ווי די
נגידים, אַזעלכע טאַקע וואָס האָבן לחלוטין גאָר נישט און אַזעלכע
וואָס האָבן, דאַכט זיך, הײַזער און דאָך גרויסע דלפֿנים, מיאוסע
קבצנים... וויפֿל אָרעמע לײַט איך האָב באַגעגנט פֿון אונדזער ווינקל,
האָבן זיי נישט געקענט געווינג אָפּלויבן אָדעס, הגם איך ווייס נישט
די גליקן זייערע דאָרט. איינער האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין,
וואָס דער גאַנצער חילוק איז צווישן אַן אָרעמאַן בײַ אונדז אין די
שטעטלעך און אַזעלכע דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאַן דאָס טרוקן
שטיקל ברויט פֿאַרפֿינצטערט, פֿאַרזאָרגט, און דאָ עסט ער טאַקע
אויך דאָס אייגן שטיקל ברויט, נאָר אַ קאַטערינקע שפּילט אים
דערבײַ צו. אין אָדעס שפּילט די קאַטערינקע אַ גרויסע ראָלע,
אויף דער גאַס אַ קאַטערינקע, אין די הײַזער אַ קאַטערינקע, אין
די טראַקטירן אַ קאַטערינקע, אין די קאָמעדיעס אַ קאַטערינקע, אין
שול להבֿדיל — פֿע! — אויך אַ קאַטערינקע. שטענדיק איז אין
אָדעס נאָר אַ קאָכעניש, הו־האַ! עס קאַטערינקעט זיך, עס שפּילט,
עס זינגט און עס פֿײַפֿט. דאָרט אין אַ טראַקטיר, זעסטו אָפּט, זיצט
אַ שיכּור און קרעכצט, זינגט „קראַסנאַיאַ דיעווושקאַ[3], זייערס אַ
מין לידל, אַקעגן זיצן פֿאַרכּוסעטע ייִדן, זינגען אַ שטיקל פֿון זמירות

---

[2] קאַפּעטעריעס, טרינקהײַזער. — [3] (פּאָפּולער רוסיש לידל) „רויט מיידל“.

אָדער „אָדם יסודו מעפֿר" מיט אַ שנײַדערשן מאַרש, לעבעדיק, פֿריילעך.

גייענדיק איין מאָל בײַ דער זײַט גאַס, פֿיל איך הינטן, אין דעם רוקן, אַ געשמאַקן זעץ. איך נעם עס אָנעמ פֿאַר ליב, זיך דערויס [4] גאָר נישט צו מאַכן, טראַכטנדיק, איינער פֿונעם עולם האָט אין אײַלעניש אומגערן מיך אַ שטופּ געטאָן. באַלד אָבער פֿיל איך נאָך אַ זעץ ווי מיט אַ שטיק האָלץ. איך קוק מיך אום און דערזע: יאָנטל, דער כאָלערע־חתן, זיצט אויף דער גאַס! מיט איין בענקעלע אין דער האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דער ערד און דאָס אַנדערע בענקעלע האַלט ער אויפֿגעהויבן און קוועלט, שמאָכט פֿאַר פֿרייד, וואָס ער האָט מיך באַגעגנט. איך האָב מיך אויך דערפֿרייט שטאַרק מיט יאָנטלען, מיט וועמען איך האָב אין גלופּסק זייער גוט געלעבט און געווען בײַ אים אויף דער חתונה אויפֿן הייליקן אָרט, אין דער כאָלערע, נישט הײַנט געדאַכט.

— אַזוי, פֿישקע! — זאָגט ער אָפּגעבנדיק מיר אַ שלום עליכם — דו ביסט אויך דאָ אין אונדזער אָדעס? אַ יאָ, אַ שיין שטעטל מײַן אָדעס!

און אַ קוק געבנדיק, אַז איך קנייטש מיך, מאַך פֿון זײַן אָדעס עפּעס נישט אַזאַ פּרוש, מאַכט ער אַ ביסל מיט אַ פֿאַרדראָס, גלײַך ווי איך וואָלט אים צעשטעכערט די גראָלדיע [5] און אים געטראָפֿן אין קנעפּל.

— האַ, דײַן גלופּסק אפֿשר איז אַ שטאָט?! אַ וואָרעם, וואָס זיצט אין כריין, מיינט קיין זיסערס פֿון דעם איז גאָר נישטאָ. וואַרט, איך וועל דיר ווײַזן אַ ביסל מײַן אָדעס, וועלן מיר דערנאָך הערן, וואָס דו וועסט דענסטמאָל זאָגן.

יאָנטל דערציילט מיר פֿון זײַן גרויסקייט אין אָדעס. אַלע קוקן און האָבן הנאה, ווי ער רוקט זיך אויפֿן גע‍זעס. ער איז אַ שטיקל חשובֿ אין פֿיל קלייטן. מען גיט אים אָפּ זײַן נדבֿה גאַנץ פֿײַן, נישט

[4] פון דעם. — [5] (פון הערצלד) ווי דורכגעלעכערט דעם פּאַנצער...

פֿאַרזינדיקן. עס גייט אים, אָן עין־הרע, גאַנץ גוט. אַז איך האָב אים אַ פֿרעג געטאָן וועגן זײַן ווײַב, האָט ער געענטפֿערט מיט אַ שמייכעלע:

— אַ שיין ווײַב, מישטיינס געזאָגט, האָט מיר גלופּסק געגעבן! וואָס פֿאַר אַ גוטס קען זײַן פֿון אַ כאָלערע־ווײַב? די כאָלערע האָט זי פֿריִער געמעגט נעמען אײדער זי איז צו מיר אָנגעקומען. דאַכט זיך, עס פֿעלט איר די אונטערשטע ליפּ, פֿון דעסט וועגן אַרבעט אין איר דאָס מויל, שרײַט, פּילדערט, פּלוידערט, מאָלט ווי אַ מיל, פֿיל בעסער נאָך פֿון אַן אַנדערן מיט צוויי געזונטע ליפּן.

אַקעגן אַ ווײַב, טראַכט איך בײַ מיר, העלפֿט נישט קיין מיטל. איז זי אַ שלאַק, שרײַט זי אַפֿילו אָן בײדע, אַפֿילו אויך אָן איין ליפּ, אַפֿילו אָן אַ נאָז דערצו, און פֿאַלט אויף דיר אָן אַפֿילו בלינדער־הייט, אָן אויגן... איך דערצייל יאָנטלען אין קורצן אויך די געשיכטע מיט מײַן בלינדן ווײַב, אַלצדינג וואָס איך בין פֿון איר אין דער לעצטער צײַט אויסגעשטאַנען.

— נאַרעלע! — זאָגט יאָנטל — טו דאָס אייגענע וואָס איך, אַ שפּײַ אויף איר און אַן עק. לאָז זי גיין צום רוח!

— וואָס הייסט, יאָנטל, אַ שפּײַ, גלאַט גיי צום רוח אָן אַ גט! איך בין דאָך עפּעס אַ ייִד און באַדאַרף חתונה האָבן.

— אַזוי, חתונה האָבן? — מאַכט יאָנטל קוקנדיק אויף מיר מיט אַ געלעכטער — טאַקע אַן אמתער גלופּסקער, כּ׳לעבן! בלײַב נאָר, פּישקע, אַ ביסל דאָ, אין אָדעס, וועלן מיר דערנסטמאָל זען...

פֿון יענער צײַט אָן, זינט מײַן באַגעגעניש מיט יאָנטלען פֿלעגן מיר זיך אָפֿט צונויפֿקומען און רוקן זיך בײדע איבער אָדעס. ער — אויפֿן געזעס און איך — מיט מײַנע קראַנקע פֿיס. יאָנטלען איז נאָר געגאַנגען דרינען, מיר אַלץ אַרויסצושטעלן זײַן אָדעס און באַרימען זיך פֿאַר מיר מיט די שיינע גאַסן, שיינע הײַזער און נאָך אַנדערע זאַכן, גלײַך ווי זיי וואָלטן געהערט אים און אים דערפֿון אַ סך אַרויסגעקומען. בײַ איטלעכן מאָל, ווײַזנדיק מיר עפּעס, פֿלעגט ער קוקן אויף מיר מיט אַ שײַנענדיקן פּנים, שמאָכן פֿאַר גרויס

פֿאַרגעניגן, עפּעס אַזוי ווי דורך יענעמס שיין הויז, יענער שיינער גאַס באַקומט ער אַ גרעסערן ווערט אין מײַנע אויגן, און אַלץ מאַכן, טאַרקענדיק מיך:

— נו, פֿישקע! אַ שיינע שטאָט אָדעס? אפֿשר, האַ, אין דײַן גלופּסק האָסטו אויך אַזוינס?

— הער אויס, יאָנטל! — זאָג איך צו אים איין מאָל, אַז ער האָט מיר אָנגעטאָרקעט די זײַטן, ווײַזנדיק מיר פֿון דער ווײַטנס דעם בולוואַר, וווּ עס האָבן געשפּאַצירט אַ גרויסער עולם מענטשן און צו ורעלכן, ווי איך האָב באַמערקט, ער האָט זיך עפּעס געשײַעט [6], בישט געהאַט קיין מוט צוגיין נאָענט — וואָס זאָל איך דיר זאָגן, יאָנטל, אָדעס איז אַוודאי אַ שיינע שטאָט, נאָר אַ שאָד, כ׳לעבן, וואָס נישטאָ דאָ קיין מענטשן!... אַדרבה, זאָג, קען מען די היגע לײַט אָנרופֿן מענטשן? גייען אַזוי אָנגעטאָן, לעבן אַזוי מענטשן? קוק, אַדרבה, ווי דאָרט אויף דײַן בולוואַר פֿירן זיך מאַנצבילן אונטער די הענט מיט נקבֿות. ס׳איז דאָך נאָר אַ בושה! ייִדן געגאָלטע, נקבֿות מיט האָר, הינטן שלעפּט זיך זיי נאָך אַ שטיק קלייד און קערן דערמיט די גאַסן, פֿאָרנט אויסגעשניטן מיט דער גאַנצער ברוסט אין דרויסן, פֿע, חלשות, כ׳לעבן!... ווי נעמט מען אַהער אונדזערע ייִדן, גלופּסקער ייִדן, דענסטמאָל, זעסטו, וואָלט עס טאַקע געהייסן אַ שטאָט, געהאַט אַ פּנים, ייִדישלעך, מיט שיינע אײַנפֿירן, ווי עס געהער צו זײַן.

יאָנטל האָט שווײַגנדיק זיך גערוקט מיט מיר ווײַטער, בישט געהאַט, אַ פּנים, וואָס מיר צו ענטפֿערן. אויפֿן וועג קומען אונדז אַקעגן אַ פּאָר פֿײַנע לײַט, פֿראַנצויזן. יאָנטל שטרעקט־אויס די האַנט. איינער פֿון די לײַט שטעלט זיך אָפּעט ריידן מיט אים עטלעכע ווערטער און גיט אים אַ נדבֿה.

— ווייסטו, פֿישקע, ווער די דאָזיקע זײַנען? — מאַכט יאָנטל מיט גדלות און די אייגעלעך שײַנען אים פֿאַר גרויס הנאה — יע־

---

[6] גערוקט, געשאַרט.

נער, וואָס האָט מיר געגעבן די נדבֿה, איז דער עלטסטער מלמד דאָ בײַ אונדז אין תּלמוד־תּורה, מײַנער אַ באַקאַנטער. דו פֿאַרשטייסטו? אַ יאָ, פּישקע, ער האָט שוין אַ פּנים?

— אַזאַ יאָר זאָלן האָבן אַלע מײַנע שׂונאים! — ענטפֿער איך אים און טו אַ שפּײַ — פֿונעם שיינעם מלמד קען איך מיך שוין אָנשטויסן, וואָס פֿאַר אַ מין תּלמוד־תּורה, מישטיינס געזאָגט, מוז דאָ בײַ אײַך זײַן. איך פֿרעג דיר נאָר, יאָנטל, ווי שעמסטו זיך נישט זאָגן, אַז אַזוינס איז גוט? ניין, דו ביסט שוין דאָ קאַליע געוואָרן, יאָנטל! ביסט געוואָרן אַזעלכער ווי די אַלע היגע לײַט... אַ מלמד אַ ביסל! כ׳לעבן, גאָר אונדזער תּלמוד־תּורה־מלמד, ר׳ הערצעלע מזיק, להבֿדיל! ר׳ הערצעלע מזיק איז אַ ייִד מיטן פֿולן מויל, פֿול אין דער גאַנצער שטאָט און טוט זײַן זאַך בשלימות, גאַנץ פֿײַן. אויף לוויות — ער, אַ שידוך אויספֿירן — ער, אויפֿן הייליקן אָרט תּהילים זאָגן, אַ פּרק משניות לערנען — ווייטער טאַקע ער. גייט ער, ווי דער שטייגער איז, אַלע וואָך אין די הײַזער, געלט צונויפֿנעמען, טראָגט מען אים די נדבֿה אַקעגן; לויפֿט ער שׂמחת־תּורה מיט די תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך צו די נגידים מאַכן אַ „מי־שברך" — גיט מען אים אומעטום קידוש מאַכן מיט דער פֿולער מאָס. ער שרײַט „צאן קדשים" און די ייִנגלעך — מע־מע!... עס האָט אַ פּנים. און דײַן פֿראַנצויז, וואָס? וואָס פֿאַר אַ פּנים קען בײַ אַזעלכן האָבן זײַן תּהילים זאָגן, זײַן „מי שברך"? וואָס פֿאַר אַ טעם קען האָבן זײַן קידוש מאַכן, זײַן גיין אויף אַ לוויה, מישטיינס געזאָגט?...

— האָסטו דאָך אַ גראָבן טעות, פּישקע! פֿאַלט מיר יאָנטל אַרײַן אין די רייד — אַז מײַנער טוט גאָר קיין מאָל נישט אַזעלכע זאַכן! ווייסט פֿון אַזעלכע זאַכן אַפֿילו נישט וואָס צו זאָגן.

— וואָס הייסט, ער טוט נישט אַזעלכע זאַכן?! — מאַך איך פֿאַרוווּנדערט — ווי געשיקט זיך עס, אַ תּלמוד־תּורה־מלמד זאָל נישט טאָן אַזעלכע זאַכן! נישט מאַכן קיין „מי שברך" די נגידים, נישט באַגראָבן די פֿײַנע בריות, נישט...

— שאַ, שאַ, פּישקע! — שלאָגט מיר איבער יאָנטל די רייד

— ער באַגראָבט זיי גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. נישקשה, די פֿײַנע בריות זײַנען צופֿרידן...

— פֿע, פֿע, פֿע! — שרײַ איך אין איין קול און פֿאַרשטעק די אויערן, נישט צו הערן. נאָר יאָנטל לאָזט מיך נישט צו רו און רעדט איבער מיר טאַקע ווײַטער:

— וויסטו ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעם מלמד געגאַנגען? דאָס איז אַ גרויסער פֿײַנער בריה. אַ גאַנצער טוער אין שטאָטזאַכן, ווי בײַ אײַך דאָרט אַהרן יאָסל שטילפֿײַפֿער.

— פֿע, פֿע! — טו איך אַ געשריי שטאַרק אויפֿגעבראַכט, אַזוי אַז מענטשן, וואָס זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָבן זיך אַרומגעקוקט — אָט אַזעלכער הייסט בײַ דיר, יאָנטל, אַ פֿײַנער בריה! ווי אונדזער ר׳ אַהרן יאָסל! זאָג כאָטש להבֿדיל. ר׳ אַהרן יאָסל איז אַ ייִד מיט אַ באָרד, מיט פּאות, דאָס ייִדישקייט ליגט אים אויפֿן פּנים און אין די הענט בײַ אים ליגט ייִדיש געלט, עולמות־געלט, פֿון אַלע חבֿרות געלט, נאָך און נאָך געלט. מען גלייבט אים אויף נאמנות. מסתּמא, אַז ער נעמט, ווייסט ער דאָך אַז ער נעמט און וואָס מיט דעם געלט צו טאָן. מען קען זיך דרינגען שוין אויף אים פֿאַרלאָזן. דײַן פֿײַנער בריה מוז האָבן אַ שיין ביסל נאמנות. אויף וואָס קוקנדיק קען מען אַזעלכע געטרויען? אויף זײַן ייִדישקייט? אויף זײַנע אונטערגע־שוירענע פּאות?

— אויף נאמנות, כ׳לעבן! — שפּאַרט זיך יאָנטל מיט מיר — מיט פּאות, אָן פּאות, אַלץ איינס, ווי איך בין אַ ייִד!

עט! — מאַך איך — וואָס ווילסטו דאָ מיר אויסדרינגען? מילא, שענק איך דיר שוין דאָס נאמנות... אָבער ווי קען מען אַזעלכן מכבד זײַן מיט סנדק, מיט מציצה? אַ שיין שטיקל מציצה מוז דאָס זײַן בײַ דײַן פֿײַנער בריה. פֿע, כ׳לעבן! נאָר אַ געלעכטער. אַז די וועלט זאָגט, פֿערציק ווערסט אַרום אַדעם ברענט דער גיהנום, איז טאַקע אמת.

— פֿון דעסט וועגן — מאַכט יאָנטל מיט אַ שטעכווערטל —

איז מיר פֿיל ליבער דאָ אין גיהנום, ווי אין דײַן גלופּסק, אין גן־עדן.

יאָנטל איז אין מײַנע אויגן אין גאַנצן איבערגעקערט געוואָרן. אָדעם האָט אים שטאַרק צעלאָזן און מיר פֿלעגן זיך שפּאַרן זייער אָפּט. וואָס בײַ אים האָט געהייסן גוט, איז בײַ מיר געווען שלעכט; און וואָס בײַ מיר גוט, איז בײַ אים געווען שלעכט. מיר האָבן זיך נישט געקענט אויסגלײַכן, אַ שטייגער, וועגן דער גרויסער שול, וועגן דעם חזן און דעם רבֿ דאָרט. אַ חזן, מישטיינס געזאָגט, אין אַ טענדע־ווערענדע דאַוונט קאָרכיש[7]! ער אַליין זאָל עס אַרבעטן, אַרײַנשטעקן דעם פֿינגער אין גאָרגל, האַלטנדיק זיך בײַ דער באַק ווי אונדזער חזן ר׳ ירחמיאל קלאָגמוטער, שרײַען קולות אויף דער געמבע, פֿון דער געמבע אַ כאַפּ טאָן זיך אין פֿיסטל־געזאַנג[8], ווי־דער אויף דער גראָבער סטרונע, ברומען, זעצן ווערטער אַרויף און אַראָפּ, פֿאַרגיין זיך אין שטייגער, צעגיסן זיך מיט אַ זיס וואָ־לעכל, אַ בעטלערל פֿאַר דעם רבונו של עולם: טאַטעניו, פֿאָטערו־ניו! אוי, ווײ איז מיר, ווײ! אַרײַנלייגן דאָס גאַנצע לעבן און אָפּגיין מיט שוויס אין „יקום פורקן", אין דעם „מי שברך" — אַזוי צו אַרבעטן — חלילה! ער אַליין שווײַגט מייסטנס, נאָר קוים רופּט ער זיך אָן אַ וואָרט, כאַפּן עס אויף די משוררים, צעלייגן עס אויף טעלערלעך, נעמען עס אויף די כּלים אַלערליי, אויסגעמישט אין איינעם קאַשע מיט מאָן — און דאָס הייסט בײַ זיי דאָרט קאָרכיש. ווי אַ וואָלעכל! ווי אַ קליוואַנער בעטלערל, אַ פֿאָניע! ווי אַ „יקום פורקן"! די גאַנצע ראָלע שפּילט בײַ זיי אונדזערס אַ שטיקל דרויב, דער „אין כּמוך", מען מאַכט פֿון אים אַ צימעס. און וואָס נאָך — אַ געלעכטער, כּ׳לעבן! —האַלטנדיק די תורה אויף די הענט דרייט מען זיך דערבײַ אַרום מיט די הקפֿות. האָט איר געהערט, שבת מיט די הקפֿות, ווי אין שׂמחת־תּורה... סטײַטש! וועט איר זיך ווונ־

---

[7] דאַוונט אין אַ פּעלערינע, ווי אין אַ קאַרשול (סינאַגאַגע). — [8] אַריבער־שפּרינגען, טרעמאָלירן.

דערן, ווּ איז דער רבֿ? ווי דערלאָזט עס אַזוינס דאָרט דער רבֿ? נאָר הערסטו, אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער גאַנצער פֿאַרדראָס, אַז דער שיינער רבֿ טאַנצט אויך אין קאָן, רוקט זיך נאָך פֿאָרויס, אויך אין אַ טענדע־ווערענדע מיט אַ געפּוצטן בערדל און האָט אַ פּנים, פֿע!... דאַכט זיך, גענוג חלשות, און יאָנטלען איז דאָס גאָר געפֿעלן.

— גוואַלד! — שרײַ איך, — יאָנטל, וואָס איז דיר געשען? משוגע ביסטו, צי חסר־דעה? ווי קומט אַזוינס צו דיר, ווי פֿאַרקריכט מען עס אַזוי מיאוס? גוואַלד, אַ רוח אין דײַן טאַטן אַרײַן!...

און ער קוקט מיך אָן, שמאָכט מיט אַ שײַנענדיקן פּנימל, מאַכנדיק דערבײַ נישט מער ווי:

— פֿישקע, ביסט אַ נאַר! פֿאַרשטייסט נישט, וואָס גוט איז.

הײַנט גיי, רייד, טענה מיט אַזעלכן. אַז איך האָב אַ קוק געטאָן, ס'איז פֿאַרפֿאַלן, יאָנטל איז אײַנגעשפּאַרט, ס'איז מיט אים גאָר נישט צו מאַכן, האָב איך מיר געגעבן דאָס וואָרט, מער וועגן דעם ניט צו ריידן. איך לאָז זיך זײַן אָדעס פֿון מײַנעט וועגן אַפֿילו מיטן קאָפּ אַראָפּ איבערקערן, גייט עס מיך מער ניט אָן.

— הער־אויס! זאָג איך איין מאָל צו יאָנטלען — שפּאַרן זיך מיט דיר וועגן אָדעסער אײַנפֿירונגען וויל איך שוין מער נישט. דו ביסט אַ געבראָטענער עקשן און איך וועל מיט מײַנע ווערטער בײַ דיר גאָר נישט פּועלן. לאָמיר בעסער ריידן תּוך־זאַכן. איך וויל זיך מיט דיר מיישבֿ זײַן וועגן מיר. וואָס קען פֿון מיר דער תּכלית זײַן? דער ענין אין די הײַזער אַרומצוגיין האָט זיך מיר שטאַרק צוגעגעסן. עס זײַנען דאָ הײַנט אָרעמע לײַט גענוג אָן מיר אויך, וואָס באַפֿאַלן די הײַזער ווי די היישעריקן און וועלן באַלד פֿאַר־פֿלייצן די וועלט, די באַלעבאַטים בלאָזן זיך, שרײַען: גוואַלד, נישט אויסצוהאַלטן! עס וואָלט גוט געווען צו האָבן עפּעס אַ שטיקל פּרנסה, ראָט, כ'לעבן, צו וואָס זאָל איך מיך נעמען.

— קיין קאַנטאָרן מאַכן — ענטפֿערט יאָנטל — מיין איך, וויל־סטו נישט. קיין קלייט מיט צעלניק אויך נישט. וואָס דען זשע, אַ שטייגער?

— לאַך נישט, יאָנטל! — זאָג איך צו אים — רייד ווי אַ מענטש. עפּעס חוץ קאַנטאָרן און צעלניק אין דען נישטאָ בײַ ייִדן מער קיין פּרנסות?

— אָך! — מאַכט יאָנטל —ס'איז דאָ, דאָ זייער פֿיל. ווי, אַ שטיי־גער, האַלטן די טאַקסע, זײַן אַ גבאי אין חבֿרות, רײַבן זיך אַרום מאיר־בעל־הנס־פּושקעס, דרייען זיך אַרום שטאָטזאַכן, אַרום די פֿײַ־נע בריות, זײַן אַ כּל־ולך, אַ קאָכלעפֿל און דאָס גלײַכן זייער גוטע פּרנסות. נאָר, אַ קאָטאַ[9]! אַזעלכע זײַנען נישט פֿאַר דיר, לאָמיר זיך נעמען צום צעטל ייִדישע פּרנסות פֿון קלײנעם סאָרט. נו, פֿישקע, האַנדלען מיט אַלטע קלײדער, אַ שטייגער! זייער פֿיל ייִדן דערנערן זיך דערפֿון גאָר נישקשהדיק.

— ניין! — גיב איך יאָנטלען צו פֿאַרשטיין — אַלטע קליידער מוז מען דאָך קויפֿן, אויסלאַטען און דערצו דאַרף מען דאָך געלט, אויך טאַקע פֿאַרשטיין אַ ביסל די מלאכה, און דאָס איז פֿאַר מיר שווערלעך. מיט גלופּסקער תּחתּונים, אַ שטייגער, איז נאָך אַ האַלבע צרה. וואָס מאַכט עס דען אויס, אַז צעריסן אַ ביסל, אַזוי אָדער אַזוי פֿאַרלאַטעט? אָבער דאָ, מיט די אָדעסער, איז דאָך אַ שרעק. אָדע־סער תּחתּונים, מחילה, זײַנען מיט גאַנצע צערעמאָניעס. דרך־ארץ! עפּעס גאָר אַ מורא צו זיי זיך צוצורירן.

— אויב דו שרעקסט זיך פֿאַר אָדעסער תּחתּונים — מאַכט יאָנטל — לאָז זשע זײַן ציבעלעס, קנאָבל, צוגעלעגערטע לימענעס, מאַראַנצן, וכדומה. נאָר מוזט אָבער וויסן, אַז דאָ איז די מאָדע זיך אײַנצושפּאַנען אין אַ טאַטשקע און אַרומפֿירן עס איבער די גאַסן, שרײַענדיק אויף אַ קול מיט אַ ניגון.

— שרײַען קען איך זייער שיין — ענטפֿער איך — דערווײַף בין איך אַ מײַסטער. אָבער אײַנשפּאַנען זיך ווי אַ פֿערד און שלעפּן, האָב איך קיין כּוח נישט. הײַנט חוץ דעם איז דאָך אויך ווײַטער די

[9] (ווי צו אַ קאַץ) אַפּשיק! אַוועק פֿון דאַנען!

אייגענע מעשׂה: און די ממתּקים? ווּ נעמט מען דערצו די קליגגערס, געלט?

— הער־אויס, פֿישקע — מאַכט יאָנטל מיט אַן ערנסטן פּנים — פּרנסות אָן מי, אָן געלט אַרײַנצולייגן, זײַנען נאָר יענע, די פֿרי־ערדיקע... פֿונעם היוכן סאָרט. ווײַטער ווייס איך קיין אַנדערע נישט. זאָג, אַדרבה דו!

— בעסער פֿון אַלע זאַכן — זאָג איך צו יאָנטלען — געפֿעלט מיר אַ באָד. אין דער גלופּסקער געמויערטער באָד, ווּ איך האָב מיך אויפֿגעהאַלטן, איז מען פֿון מיר שטאַרק צופֿרידן געווען. איך האָב געטויגט. ווען נישט די אומגליקלעכע חתונה מײַנע, וואָלט אויס מיר שוין לאַנג דאָרט געוואָרן אַ מענטש. איך וואָלט שוין אָנגעשפּאַרט העט ווײַט. אויב דו ביסט יאָ אַ שטיקל חשובֿ אין אָדעס, טו זשע מיר די טובֿה, גוטער, זיסער יאָנטעלע, און העלף מיר זיך אַרײַנ־צודרייען דאָ ערגעץ אין אַ באָד. זײַ אַ ברודער, יאָנטל, און ווײַז מיר דײַן גרויסקייט דאָ!

— אַצינד, פֿישקע — מאַכט יאָנטל צו מיר מיט אַ שמייכעלע — אַצינד וועל איך דיר מכּוח דײַן בקשה גאָר נישט ענטפֿערן. גיי, זײַ מוחל, פֿריִער און קוק אַליין אָנעט מיט דײַנע אויגן די היגע באָדן. דערנאָך וועלן מיר שוין שמועסן.

איך האָב געפֿאָלגט יאָנטלען און בין געגאַנגען אין איין באָד, אין דער אַנדערער — איז מיר פֿירגעקומען עפּעס משונה ווילד. האָט איר געהערט אַ ביסל אַ באָד! דאָרט איז ליכטיק, ריין, ווי אין אַ שטוב. דאָרט שטייען גוטע באַנקבעטלעך, טאַקע גוטע, ווי איך בין אַ ייִד! פּרודען זיך דאָרט, זאָל דער איבערשטער היטן! מען זעט נישט הענגען דאָרט קיין איין העמד אַפֿילו. ס'איז נאָר אַ גע־לעכטער, אויף נאמנות! ניין, טראַכט איך בײַ מיר, אין אַזאַ באָד קען איך נישט זײַן. דאָס איז נישט פֿאַר מיר. ניט דאָס, ניט יענץ. ניט דער תּענוג, וואָס אין אונדזער גלופּסקער באָד. דאָרט איז גאָר עפּעס אַנדערש. עס האָט עפּעס טאַקע אַ פּנים. מענטשן האַלטן זיך דאָרט אויף. מען ליגט זיך אין קאָמפּאַניע אויסגעצויגן אויף די

בענק, מען שמועסט, מען דערציילט מעשׂיות, מען רעדט פֿון אַלצ־דינג, וואָס פֿאַרלויפֿט זיך אין דער וועלט. ס'איז עפּעס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, מחיה, כ'לעבן!... איך בין געגאַנגען אין נאָך און נאָך באָדן. אַלע — נישט וואָס ביי אונדז. עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער ריח, וואָס אין אונדזער געמויערטער באָד! הייַנט זייערע מקוות — איז נאָר אַ געלעכטער. אונדזער מקווה־וואַסער פֿילט מען, עס האָט עפּעס אַן אַנדער טעם, אַן אַנדער קאָליר און איז עפּעס גע־דיכטער ווי אַנדערע וואַסערן. מען פֿילט באַלד, ס'איז ייִדישלעך... דאָרט אָבער איז דאָס מקווה־וואַסער לויטער, גלאַט וואַסער, ווי וואַסער באַדאַרף געוויינטלעך זיין, וואָס מען קען עס טרינקען...

— נו, פֿישקע? — האָט מיך יאָנטל אַ פֿרעג געטאָן דערנאָך מיט אַ שמייכעלע — האָסטו געזען אַ היגע באָד?

— עט! — האָב איך געענטפֿערט — נישטאָ פֿון וואָס, מיש־טיינס געזאָגט, צו ריידן. ביי אייַך איז אַלץ ווילד, חוזק אין גאַנצן. דייַן אָדעס איז פֿאַר מיר נישט קיין אָרט.

— כד —

מיט אָדעס בין איך טאַקע נישט צופֿרידן געווען, נאָר איבער דעם ווינטער האָב איך געמוזט דאָרט פֿאַרבלייַבן. וואָרעם ווי לאָזט מען זיך עס ווינטערצייַט נאַקעט און באָרוועס אין וועג אַרייַן און דערצו נאָך אײנער אַליין אין אַ פֿרעמד ווינקל? ווי באַלד אָבער עס האָט אַ וואַרעם געגעבן די ליכטיקע זון און געשמעקט מיט זומער, האָט עס מיך עפּעס געטאָרעט, נישט געלאָזט מיך אייַנזיצן רויִק אויף איין אָרט. אַמאָל פֿלעגט פֿאַר מיר דער זומער זייַן, ווי גע־וויינטלעך זומער. זומער, גאָר נישט! ס'איז וואַרעם, ליכטיק, טעג גרויסע, גרינץ אומעטום. מילא, איז גוט, איז נישט קאַלט. בהמות גייען אין דער טשערעדע, איז דאָ מילך, אַ ביסל סמעטענע. ס'איז נאָך דאָ צום ברויט אַ גרינע ציבעלע, אַ קנאָבל, אַ רעטעכל, פֿאַר אַ

ייִדן אַן אָרעמאַן אַ גרויסע זאַך, אַ גאַנצער חשבון. הײַנטיקס מאָל אַקעגן האָט פֿאַר מיר דער זומער עפּעס גאָר אַן אַנדער פּנים גע־האַט. איך ווייס נישט, ווי זאָל איך מיך אויסדריקן, עפּעס האָט ער גערעדט ווערטער, אונטערגעגעבן דעם האַרץ עפּעס אַ חשק... מיך דערמאָנט אַלץ אין איר, אין מײַן האָרבאַטער. איטלעך גרעזעלע, איטלעך גרין ביימעלע און איטלעך שפּיל פֿון אַ פֿייגעלע האָט מיר עפּעס דערציילט, אָפּגעגעבן אַ גרוס פֿון איר. עס האָט מיר זיך אַלץ געטראַכט: אָט אַזוי איז זי מיט מיר געזעסן, אַזוי האָט זי גע־קוקט, אַזוי — געלאַכט און אַזוי אויסגעגאָסן איר ביטער געמיט. עס האָט מיר זיך צעשפּילט די געבליטן, מיך באַפֿאַלן אַ זיסע מרה־שחורה און עס האָט מיך עפּעס געצויגן, געצויגן ווײַט אַהין... וואָס פֿאַר אַ שײַכות דאָס אַלצדינג קען האָבן מיט דעם זומער, אויב דאָס איז געווען אין גאַנצן זײַן אַרבעט, אָדער גאָר עפּעס אַנדערש, עפּעס אַזאַ מין שלאַפֿקייט, אַ ספּאַזמע אַזוינע? דאָס ווייס איך נישט. איך ווייס נישט מער: מיט מיר איז געווען עפּעס נישט גלאַט. איך האָב געצאַנקט ווי אַ ליכט, געוואָרן גאָר נישט דער אייגענער וואָס פֿריִער.

— פֿישקע, ביסט קראַנק? — האָט יאָנטל אָנקוקנדיק מיך איין מאָל געפֿרעגט — ביסט עפּעס שטאַרק פֿונעם פּנים אַראָפּ. וואָס טוט דיר וויי?

— עט, גאָר נישט... — ענטפֿער איך, אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט בײַם האַרצן.

— דו פֿילסט נישט דאָס האַרץ? — מאַכט יאָנטל — דערצו איז אײן סגולה: אַ שטיקל ברויט גוט אײַנגעטונקט אין זאַלץ אויפֿן ניכ־טערן מאָגן.

— ס'איז מיר אָנגעזאַלצן אויפֿן האַרצן גענוג אָן דעם! — ענט־פֿער איך מיט אַ זיפֿץ — עפּעס פֿיל איך, ווי עס ציט מיך, ציט און עס לאָזט מיך נישט אײַנזיצן.

— איך פֿאַרשטיי שוין, פֿאַרשטיי... — מאַכט יאָנטל מיט אַ שמייכעלע — עס ציט דיך, אין דײַן גלופּסק ציט דיך, אַהין, ווו די

גנילאָפּיאַטקע [1] בליט, ווו עס סווישטשעט דער דלות, און קנאָבל און ציבעלעס גיבן די שמוכט. שעם זשע דיך נישט, פֿישקע, און גיי דיר אַהין אין דײַן רו אַרײַן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט יאָנטלען און מיך געלאָזט צו פֿוס אין וועג אַרײַן...

דער קאָפּ איז מיר געפֿלויגן אין עק וועלט, דאָס האַרץ האָט מיך געצויגן צו איר. אַלץ געטראַכט, ווו איז זי, ווו געפֿינט זיך אַצינד זי? וואָס מאַכט זי? ווי לעבט זי, נעבעך, אַליין, אָן מיר? און די פֿיס מײַנע זײַנען געגאַנגען, ווי אַליין פֿון זיך, געגאַנגען פֿאַמע־לעכן אויפֿן וועג קיין גלופּסק. איך בין געגאַנגען דורך דערפֿער, דורך שטעט, דעם גאַנצן וועג געטראַכט, געזוכט מיט די אויגן, טאָ־מער וועל איך באַגעגענען זי. איך בין זיך אָנגעגאַנגען גענוג און אויסגעזען אַ וועלט ייִדישע שטעט. וואָס מער נענטער צו גלופּסק, איז מיר געוואָרן גרינגער אויפֿן האַרצן. איך האָב זיך מחיה געווען מיט די ייִדן פֿון אונדזער ווינקל. זייער לשון, זייער גאַנג, זייער שטייגער לעבן און פֿירונג איז פֿאַר מיר געווען גאָר אַ דערקוויקע־ניש, כ׳לעבן. עפּעס האָב איך מיך געפֿילט היימיש צווישן מײַנע לײַט, אייגענע מענטשן. פֿון אונדזער ווינקל די ייִדן זײַנען טאַקע מחיה! אָן צערעמאָניעס, אָן חכמות, הערן נישט קיין וועלט, נאַרישע מאָדעס. רייד דיר, שרײַ דיר הויך אויף אַ קול, טו דיר פֿרײַ אַלצ־דינג, פּראָסט, ווי גאָט האָט געבאָטן. וועמעס עסק איז — שיין אָדער מיאוס, אויב עס פּאַסט אָדער ניט? יענעם געפֿעלט נישט? לאָז ער פֿאַרמאַכן די אויגן, פֿאַרשטעקן די אויערן, געסמאַהע אים פֿאַר־פֿול [2]!... איך בין ביסלעכווײַז געקומען צו די קרעפֿטן, געוואָרן רויִקער, געטראַכט פֿון גלופּסק, פֿון דער געמויערטער באָד און געהאָפּט צו השם יתברך.

---

[1] די סאַטיריש קלינגענדיקע נעמען, ווי גנילאָפּיאַטקע, פֿאַרפֿוילטקייט, פֿאָרעט מענדעלע צונויף מיטן וואָרט „בליט". — [2] (פֿאָלקסווערטל) לאָזן קאַ־מאַנדעווען וויפֿל ס׳האַרץ גלוסט.

אָט אַזוי בין איך מיר אין אַ שײנעם פֿרימאָרגן געגאַנגען צווישן זױיץ און קאָרן און פֿאַרגאַנגען ביז צו אַ גרױסן, געדיכטן וואַלד. איך בין אַרײַן טיפֿלעך אַ ביסל אין וואַלד, אָפּגעלייגט זיך דאָרט מיט מײַן פּעקל, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון מיר די קאַפּאָטע און זיך אויסגעשטרעקט אונטער אַ בוים צווישן הויכן גראָז, וואָס האָבן מיט די גרויסע, ברייטע בלעטער מיך פֿאַרשטעלט אַרום און אַרום. מילא, וואָס איז דאָ איבערצוטראַכטן? אַ וואַלד — אַ וואַלד, ווי אַלע וועלדער. ביימער זײַנען זיך ביימער, גראָז — גראָז, פֿייגעלעך — פֿייגעלעך און איך בין מיר איך און מעג מיר טאַקע כאַפּן אַ דרעמל, זיך אויסרוען אַ ביסל פֿונעם וועג. איך צי מיך, גענעץ, פֿאַרמאַך די אויגן און — הערט מײַן חלום.

עס דאַכט מיר זיך אַ שאָרך, עפּעס ווי טריט און קנאַקן פֿון דאַרע ריטלעך. איך שטעל־אויף די אויערן און האָרך מיט צוגעמאַכטע אויגן. דער שאָרך ווערט אַלץ שטאַרקער, די טריט אַלץ נענטער. עפּעס הייבט עס מיך אָן צו אַרן, וויל עפֿענען די אויגן, נאָר שווערלעך. איך ליג ווי אַ קלאָץ און קען פֿאַר גרויס מידקייט מיך נישט רירן. די טריט אָבער ווערן באַלד שטילער. איך באַרויק מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָף. די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך מיר און ס'איז מיר עפּעס גוט, אַזוי גוט... עפּעס הערט זיך אַ שטיל, אומעטיק ניגונדל, דאַכט זיך אַ באַקאַנטס. דאָס ניגונדל צעגייט זיך אין אַלע גלידער, רײַסט־אויס אַ שטיק האַרץ. עס גלוסט זיך וויינען און דערבײַ פֿילט זיך טאַקע, ווי עס קומט צו אַ שטיק געזונט. עפּעס נאָר ווי אויף אַ באַדעקנס פֿאַר אַ חופּה, עס וויינט זיך חתן־כּלה און עס לאַכט זיך, ביידע זאַכן אין איינעם, ווי אַ זון מיט אַ רעגן צו גלײַכער צײַט. פּלוצלינג פֿיל איך, עפּעס טוט מיך אַ נעם בײַ די האָר און עס טוט אַ געשריי. איך כאַפּ מיך געשווינד אויף. צענעם פֿאַר מיר די גרויסע בלעטער פֿונעם גראָז און דערזע אַ טעפּל מיט שטאַרקע, רויטע פּיליניצעס, וואַלגערנדיק זיך נישט ווײַט פֿון מיר אויף דער ערד. ווײַטער אַ ביסל רוקט זיך עמעצער, ווי אַ נקבֿה, זיצנדיק אויפֿן גראָז און קוקט זיך אַרום אין איינע

שרעק. מיר איז באַלד אײַנגעפֿאַלן, וואָס דאָס באַטײַט. יענע האָט דאָ, אַ פּנים, געקליבן פּיליניצעס, פֿאַרטיפֿט אין דעם זוכן און בשעת מעשׂה, אונטערזינגענדיק עפּעס אַ לידעלע, האָט זי פּלוצלינג אָנגעטאַפּט מײַן קאָפּ און זיך שטאַרק איבערגעשראָקן. איך שטיי געשווינד אויף, נעם דאָס טעפּל און גיי איר עס אָפּצוטראָגן, מאַכנדיק פֿון דער ווײַטנס: נישקשה! גאַנץ פֿרײַנדלעך. נאָר קוים קום איך צו נאָענט, פֿאַלט מיר פֿון די הענט דאָס טעפּל אַרויס. איך טו אַ געשריי, בלײַב פֿאַרמישט — און באַלד שטייען מיר ביידע, שטײַף האַלטנדיק זיך בײַ די הענט, איך און מײַן האָרבאַטע...

דאָס איז געווען טאַקע וואַכנדיק, נישט קיין חלום. איך האָב געקוקט און געזען גאַנץ קלאָר: פֿאַר מיר שטייען געזונטע ביימער; אויבן, אויף די צווײַגן שפּרינגען פֿייגעלעך, סווישטשען, זינגען און פֿרייען זיך מיט אונדז אין איינעם. ביידע זײַנען מיר איבער גליקלעך, פֿרייען זיך און לאַכן מיט טרערן. ביידע וווּנדערן זיך, פֿרעגן איינער דעם אַנדערן, פֿון וואַנען ער האָט פּלוצלינג זיך אַהער גענומען. און ביידע ריידן, דערציילן, וואָס מיט איטלעכן האָט פּאַסירט.

זי דערציילט די גרויסע צרות, וואָס זי, נעבעך, איז אויסגעשטאַנען זינט די כאַליאַסטרע האָט מיך פֿאַר אַ יאָרן אין שטעטל דאָרט אַוועקגעוואָרפֿן. דאָס איז געווען דעם ממזרס אַרבעט. אים האָט זיך נישט געגלוסט, מײַן ווײַב זאָל נעמען גט, בכדי זי זאָל נישט באַלד צושטיין צו אים מיט גוואַלד, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן. אים האָט נאָר געטויגט אַ בלינדע, אָבער נישט קיין בלינדע ווײַב. מאַכן מיט איר חן און געלט — דאָס זאָל ער, און זײַן זאָל זי זיך געזונטערהייט יענעמס. דערבײַ האָט ער געהאַט נאָך אַ מיין, מיר צו פֿאַרוויסטן מײַנע יאָרן, איך זאָל נישט זײַן פֿרײַ אויפֿגעבונדן. אים איז אויך שטאַרק נישט געפֿעלן מײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיט דער האָרבאַטער. דאָס האָט אים שרעקלעך געשטאָכן און ער האָט פֿון זײַן זײַט געטאָן מיטלען, די פֿרײַנדשאַפֿט זאָל נישט גיין ווײַטער... אַבי ער איז מײַנער פּטור געוואָרן, האָט ער מײַן ווײַב ביסלעכווײַז אין די לאַפּעס אַרײַנגענומען און איר דערנאָך געוויזן. ווער

עלטער איז, וויסנדיק זייער גוט, אַז פֿון זײַנע הענט איז איר שוין אוממעגלעך זיך אויסצודרייען. וואָרעם וואָס קען אַ בלינדע איינע אַליין טאָן? שפּעטער האָט זי אים זיך שטאַרק צוגעגעסן. ער האָט זי איבערגעגעבן דעם אַלטיטשקן, צו גיין מיט איר אין די הײַזער און מאַכן די קאָמעדיע ווי אַמאָל מיט מיר. דער ממזר האָט איר פֿאַרצאַפּט דאָס בלוט. זי געהרגעט, געשלאָגן און דער אַלטיטשקער האָט באַזונדער מיט איר געלערנט בלק. זי איז אין אַ קורצער צײַט געעלטערט געוואָרן, פֿינצטער ווי די ערד. דאָס גאַנצע יאָר האָט די כאַליאַסטרע זיך אַרומגעשלעפּט, אין פֿיל שטעט אויסגעווען. און הײַנט פֿאַר טאָג זיך געשטעלט אויסרוען דאָ אין וואַלד. איר האָט זיך פֿאַרגלוסט גיין קלײַבן פּיליניצעס און האָט פּלוצלינג — אַזוי לאָזט זי אויס מיט אַ שמייכעלע — אָנגעטאַפּט אַ גוטע פּיליניצע, מיך אַליין...

איך פֿון מײַן זײַט דערצייל איר אַלצדינג, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט און ווי איך בין אויך הײַנט אין דער פֿרי געקומען אַהער, גייענדיק אויפֿן וועג קיין גלופּסק. בײַ אונדז איז געבליבן פֿון הײַנט אָן זיך מער ניט צעשיידן, אײַנוועגדן אַלע מיטלען, מײַן ווײַב זאָל נעמען גט. אויב חלילה נישט, וועלן מיר ביידע פֿון דער כאַליאַסטרע אַנטרונען ווערן און וואַרטן, וואָס גאָט וועט געבן. און ווי מיר זיצן זיך דאָ אַזוי, שטאַרק הנאה האָבנדיק איינער פֿונעם אַנדערן, הערט זיך אין וואַלד אַ קול „אַ־הו!":

— דאָס איז אַ קול פֿון אונדזערע לײַט — זאָגט מײַן האָרבאַטע — דאָס זוכט מען מיך.

און שפּעטער אַ ווײַלע קומט צו אַ פֿאַרשוין, וועלכן איך האָב באַלד דערקענט. דער פֿאַרשוין האָט מיך עפּעס קרום אָנגעקוקט און געשמייכלט פֿאַר זיך מיט אַ געשפּעט.. מיר מאַכן נישט לאַנג שהיות און לאָזן זיך גיין. דער פֿאַרשוין לויפֿט פֿריִער, אײַלט זיך אַ פּנים, אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, און מיר אײַלן זיך ניט, גייען פּאַמעלעך. הינטער אַ קרעטשמעלע, אַ חורבֿה, אויף אַ היפּשער שטרע־קע ווײַטלעך אין דעם וואַלד, זע איך, שטייען באַקאַנטע בײַדלעך;

ווײַטער אַ ביסל אויף אַ פֿרײַען פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט ביימער, ברענט אַ פֿײַערל; די שיינע כאַליאַסטרע אַרום; און ס'איז פֿריילעך. דעם ערשטן „שלום עליכם" שטעקט מיר אָפּ דער ממזר מיט ברייט־קייט, הויך אויף אַ קול:

—אַ, אַ, אַ גאַסט, כ'לעבן! וואָס מאַכט אַ ייִד? איך האָב טאַקע נאָך אײַך שוין געבענקט, ר' פֿישל!

באַלד דערויף לאָזן זיך הערן קולות:

— קומט מקבל פּנים זײַן דעם נגיד!

און פֿון אַלע זײַטן שיטן זיך מיר משונה ווילדע, משוגענע „שלום עליכמס" מיט קניפּ און קלעפּ הינטן אַרום, אַזוי אַז דאָס היטל איז מיר פֿונעם קאָפּ אַראָפּגעפֿאַלן. און ווי איך דריי מיך דאָ, זוך דאָס היטל, צודעקנדיק דערווײַל דעם קאָפּ מיטן עק פּאָלע פֿון דער קאַפּאָטע און כאַפּ קלעפּ גאָר אַ שרעק, פֿליט־צו מײַן ווײַב מיט אַ פֿרייד אין איין קול:

— ווו איז ער, מײַנער? ווו, ווו? פֿעישקע?...

איר פֿרייד האָט מיך ערגער געשטאָכן ווי פֿון די פֿײַנע לײַט די קניפּ. צום גט טויג מיר כּלל נישט אַזאַ פֿרייד, טראַכט איך מיר. האָב מיך בעסער פֿײַנט, ווי דער גאַנצער עולם דאָ! זי אָבער הענגט זיך אויף מיר, אַלץ „פֿישקע, מײַן פֿישקע"! מיר איז שטאַרק נישט גוט געוואָרן אָנקוקנדיק זי, אַ בלינדע, אַ דאַרע, אַ שלאָפֿע, אַלטע ייִדענע. ווו איז איר לײַב, איר געזונט, אירע פֿעטע באַקן און איר פּיסק? איך האָב מיר באַדאַרפֿט אָנטאָן אַ כּוח, אַ פֿרעג צו געבן זי, פֿון יוצא וועגן:

— וואָס מאַכסטו, בתיה?

— דו ביסט טאַקע גערעכט געווען, פֿישקע, זאָגנדיק אַ מאָל: „אין גלופּסק האָבן מיר בײדע, ברוך השם, אַ שיינעם נאָמען גע־האַט, איטלעכער האָט מיך געקענט און אויף מיר כּבֿוד געלייגט"...

— מאַכט מײַן ווײַב הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלן הערן, אָנגעמענדיק דערבײַ אַ שטאָלצע מינע, ווי אַן אָפּגעקומענער נגיד, וואָס דער־ציילט פֿון זײַן גרויסקייט אין די פֿריִערדיקע יאָרן, און געטאָן

אַ זיפּץ טיף פֿונעם האַרצן — געגנוג זײַן נע ונד! אַהיים, אַהיים, צוריק אַהיים פֿיר מיך, פֿישקע, צוריק אין אונדזער שטאָט, צו אונדזערע הײַזער, אונדזערע באַלעבאַטים!

ס'איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן פֿון אירע רייד. אַזעלכעס איז מיר גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן צו הערן פֿון איר און איך האָב מיך שטאַרק פֿאַרקרימט. דער ממזר האָט זיך אויך מיאוס פֿאַרקרימט, טראַכטנדיק זיכער, אַז איך וויל דערטאַפּן די סחורה און בײַ אים צונעמען די פּרנסה. איך האָב גאָר געטראַכט: אַדרבא, בײַ דיר בלײַב עס, איך בין דיר זי מוחל פֿונעם גאַנצן האַרצן. עס האָט אין אים געברענט די רציחה, די אויגן זײַנען אים פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט, אָנקוקנדיק מיך בייז. דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט, געוואָרטשעט און איז אַוועקגעגאַנגען שטאַרק אין כעס.

ווײַבער און מיידלעך פֿון דער שיינער כאַליאַסטרע האָבן זיך געפּאָרעט נעבן דעם פֿײַער, צוגעשטעלט טעפּלעך, געשאַרט, גערוקט, געבאַקט קאַרטאָפֿליעס. אַ טייל בחורים שטייען־צו און שפּילן זיך מיט זיי אונטער, דערלאַנגען אַ זעץ, אַ קניפּ, זאָגנדיק דערבײַ גלײַכווערטלעך. די ווײַבער זײַנען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אַרויסצורײַסן די אויגן, זידלען, שעלטן און קײַכן טאַקע באַלד פֿאַר געלעכטער, לאָזן זיך כאַפּן ווי אַ הון פֿונעם האָן, ווען ער וואַרפֿט אויף איר אַן אייגל מיט אַראָפּגעלאָזענע, צעשפּרייטע פֿליגל, און איז מקבל באהבֿה דעם פּיק, וואָס ער טוט איר אין קעפּל. ווידער אַ טייל זײַנען צעזייט, צעשפּרייט אין וואַלד. איינער ליגט מיט דעם רוקן אַרויף און כראָפּעט; דער אַנדערער לאַטעט עפּעס אַ קאָפּטאָן; יענער קראַצט זיך, טאַפּט און זוכט עפּעס מיט אַ שטאַרק ערנסטן פּנים. נאָך עטלעכע שלאָגן זיך, פּרוּוון ווער וועמען וועט בײַקומען. עס קאָכט זיך, עס רעשט זיך, חבֿרה לעבט!... מײַן ווײַב האַלט מיך פֿעסט מיט די הענט, גאָר איין גוף, איין נשמה, רעדט און רעדט פֿאַר פֿײַער, פֿאַר וואַסער. זי קלאָגט זיך אויף איר פֿינצטערן מזל, דערציילט איר שווער, ביטער געמיט, ווי אַזוי זי איז עס אַ

ביסל אָפּגעקומען, און ווינטשט, נישט אַנדערש, איך זאָל זי פֿון דאַנען אַוועקפֿירן, לעבן מיט איר אין איינעם ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. איך ענטפֿער איר אין וואָרט אויפֿן צענטן, עפּעס אָן לשון, און זוך ווי פֿון אירע הענט זיך אַרויס־צודרייען. אַז איר האָבן זיך שוין אַרויסגעלאָזט די טייך און מיר זײַנען שוין געווען אויף אײן אָרט זיך אַנגעזעסן, איז מיר לסוף גע־ראָטן פֿון איר זיך אַרויסצורײַסן, אַ ביסל פֿרײַ צו אָטעמען. איך האָב באַלד אויסגעזוכט מײַן האָרבאַטע און מיט איר שטילערהייט אַוועק אַ ביסל אין דער זײַט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם, אַז ס'איז שטאַרק נישט פֿריילעך. פֿון גטן זיך מיט מײַנער איז גאָר נישט צו דענקען. זי וועט פֿאַרוואַרפֿן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אַפֿילו הערן. ווידער זשע דאָ צו בלײַבן בײַ דער גוטער כּנופֿיא איז אַוודאי נישט גוט. דאָס הייסט, פּשוט זיך פֿאַר־קויפֿן דעם רוח, אויף דאָס נײַ ווערן אַ בער און טאַנצן אויף די לאַפּקעס. וואָס דען זשע טוט מען? אַ היפּשע צײַט זײַנען מיר אַזוי געזעסן און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דעם: אין ברירה, מען באַדאַרף מאַכן אַ פּליטה! און אַזוי ווי די כאַליאַסטרע האָט בדעה דאָ צו נעכטיקן, איז פֿאַר אונדז קיין בעסערע צײַט און קיין בעסער אָרט נישט געווען ווי אָפּצוטאָן עס טאַקע די הײַנטיקע נאַכט, דאָ, אין דעם וואַלד. ווי מיר זיצן און באַטראַכטן גוט דעם פּלאַן, ווײַזט זיך פֿון דער ווײַטנס דער ממזר מיט עפּעס אַ פּאָר פֿערד.

— לאָמיר נישט וואַרטן — זאָגט מײַן האָרבאַטע — ביז ער וועט צוקומען נענטער. עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זען זיצנדיק אין איינעם. בעסער לאָמיר בײַ צייטנס זיך צעגיין:

זי גייט אַוועק אין איין זײַט און איך אין דער אַנדערער.

דער ממזר איז עפּעס ווי שטאַרק באַשעפֿטיקט געווען, זיך אַלץ געסודעט מיט דעם אַלטיטשקן, וואָס איז געווען זײַן גאַנצער פֿליגל־אַדיוטאַנט. איך האָב אויסגעמיטן מיט דעם ממזר זיך נאָענט צו באַגעגענען און מיך געהאַלטן אַלץ באַזונדער. בשעת חבֿרה האָט

געאַרבעט, געשטיפּט, פֿאַרטראָגן געװען מיט זיך, איז צו מיר צו־געגאַנגען מײַן האָרבאַטע, מיר אײַנגערוימט אין אויער, אַז אײדער די זון װעט זיך זעצן, װיל דער ממזר זיך רירן מיט דער כאַליאַס־טרע אין װעג אַרײַן. די פּאָר פֿערד, װעלכע ער האָט געבראַכט צו פֿירן, זײַנען געגנבֿעטע און ער אײַלט זיך, אַ פּנים, דעריבער אַװעק פֿון דאַנען. פֿון אונדזער פֿרײַערדיקן גאַנצן פּלאַן האָט זיך אויסגע־לאָזט אַ טײַך. איך בין געבליבן שטיין אָפּהענטיק, נישט צו װיסן װאָס מען טוט. עס האָט מיך פֿאַרקלעמט בײַם האַרצן, פֿאַר גרויס פֿאַרדראָס, אַזױ אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרײט און מיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס. מײַן האָרבאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס רחמנות. די אויגן האָבן איר געברענט װי פֿײַער. דאָס פּנים האָט איר געפֿלאַמט. און נאָך דעם, אַז זי האָט אַ װײַלע געטראַכט, זאָגט זי צו מיר מיט אַ ציטערדיקן קול:

— פֿישקע! זאָלסט שפּעטער אַ ביסל זיך געפֿינען אין דעם חורבֿהלע, דאָרט אויפֿן בוידעם. דו פֿאַרשטייסט?...

— איך פֿאַרשטיי, פֿאַרשטיי! — רוף איך מיך אָן לעבעדיק, אונטערשפּרינגענדיק פֿאַר פֿרייד — און דו װעסט דערנאָך אַהין אונטערקומען?

— יאָ, שאַ! — מאַכט זי און טוט מיטן קאָפּ אַ שאָקל אויף יאָ

— למען השם, שטיל! דו הערסט?

מיט מײַן װײַב האָב איך נישט געהאַלטן אַזױ פֿאַר נייטיק זיך צו געזעגענען. הגם ס׳איז אויף איר געװען אַ רחמנות, נאָר װער איז איר שולדיק? זי האָט געגעבן דעם ערשטן ריס און דער ריס צװישן אונדז איז געװאָרן אַלץ גרעסער, גרעסער. פֿאַרפֿאַלן! װאָס האָב איך געקענט טאָן? אַז גאָר אַ חוץ אַלע אַנדערע זאַכן איז מיר אוממעגלעך געװען מיט איר אויף װײַטער זיך צו פֿאַרבינדן, אוממעגלעך מיט איר זיך צונױפֿגיין, װי דער הימל מיט דער ערד. איך האָב, עס פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרגעסן דעם „זײַ געזונט" און שטילערהייט זיך געלאָזט גיין צו דעם חורבֿהלע.

מיט װאָס פֿאַר אַ האַרץ איך בין אין דעם חורבֿהלע אַרײַנגעגאַנ־

גען, איז גרינג צו פֿאַרשטיין. נאָך אַזוי פֿיל פּײַן און געבראָטענע לייד האָט גאָט געוואָלט צונויפֿפֿירן מיך מיט דער האָרבאַטער אין איין זויסט קרעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באַדאַרפֿט אויסגעשפּילט ווערן אונדזער בײדנס גורל און פֿון אַצינד אָן אָנהייבן צו פֿירן אַ נײַ לעבן. אַרויפֿקריכן אויפֿן בוידעם איז מיר אָנגעקומען זייער גרינג. וואָרעם דאָס שטיבל איז געווען נידעריק, מיט דער הינטער־שטער וואַנט, וואָס אין הויז אַרײַן, אָנגעבויגן כּמעט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז געווען ערטערווײַז געלעכערט מיט גרויסע שפּאַלטן, אַזוי אַז מען האָט געקענט פֿונעם בוידעם אַרײַנקוקן אינעווייניק אין דעם שטיבל אַרײַן. איך זיץ מיר אין אַ ווינקעלע און וואַרט. עס טיאָכקעט מיר דאָס האַרץ, קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. איטלעכע מינוט ציט זיך מיר ווי אַ יאָר. איך האָרך מיך צו צו אַ מינדסטן שאָרך. אַ מינדסטע באַוועגונג פֿון אַ שטרויעלע ערגעץ, דאַכט זיך מיר טריט, זי גייט... אַ מינדסט בלאָזעלע פֿון אַ ווינטעלע, דאַכט זיך מיר מײַן נאָמען זי רופֿט... פּלוצלינג קומט מיר צו די אויערן פֿונעם שטיבל אונטן עפּעס אַ קול. דער געדאַנק, אַז דאָס איז זי, אָט איז זי, באַלד, באַלד ווערן מיר אויסגעלייזט — האָט מיך צעקאָכט, געוואָרפֿן פֿון היץ און קעלט. איך וויל מיך אָברופֿן, פֿאַרכאַפּט מיר אָבער דער אָטעם, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אין דער דאָזיקער הייסער רגע הער איך טאַקע גאַנץ שאַרף מײַן נאָמען און די אויגן מײַנע דערזעען דורך אַ שפּאַלט — וועמען? אוי, דעם ממזר מיט דעם אַלטיטשקן!... זיי שמועסן צווישן זיך אַזוי:

— דו נעם אויף דיר דײַן שטיקל סחורה — זאָגט דער ממזר — גיב אַכטונג, די בלינדע מכשפֿהטע זאָל זיך נישט אויסגליטשן. פֿאַרשטייסט?

— נישקשה! — ענטפֿערט דער אַלטיטשקער — מײַנס האָב איך שוין געטאָן. איך האָב נאָר מורא זי זאָל נישט פּגרן. דער אַלטער שקראַב ליגט אַצינד ווי אַ טויטע און קען זיך נישט רירן, אַזוי האָב איך איר געבראָכן די ביינער.

— און דעם הינקענדיקן פֿליאַסקעדריגע — פֿירט־אויס דער ממזר — נעם איך אויף מיר. אָנקוקן קען איך נישט זײַן פּרצוף־פּנים, אַזוי פֿײַנט האָב איך אים. איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכע־נען, נישקשה. איך האָב נאָך מיט אים אַלטע חשבונות.

ס'איז מיר אָנטפֿאַלן דער מאַמעס מילך, הערנדיק אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס — מאַכט דער אַלטיטשקער — זײַנען דײַנע געלקחנטע סוסים ייִדישע. דאַרע, דערשלאָגענע, קאָלטענעוואַטע, מיט אויסגעקרימטע רוקנס, מיט דינע העלדזעלעך, גערגעלעך און מערידן, ווי אונדזערע פּאַראַפּאָטשקעס, פֿײַנע בריות.

— אָפּפֿאַלן זאָל דיר די צונג, דו, אַלטער שטורמאַק! — זידלט זיך דער ממזר — גיי בעסער, זוך, שמעק, כלבֿ איינער, דאָ אין הויז אויפֿן בוידעם, טאָמער ווערסטו פּאָציאַפּען[3] עפּעס אַלטע בעלי־העגלהשע זאַכענישן, וואָס קענען אונדז טויגן. פֿאָרט איז דאָך עס אַ מאָל געווען אַן אײַנפֿאָרהויז, מישטיינס געזאָגט.

עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן. מיר איז נישט גוט צום שטאַרבן. איין פֿוס ציטערט מיר שטאַרק און טוט, נישט ווילנדיק, אַ זעץ אין דער סטעליע. די פּאָר שיינע לײַט פֿאַררײַסן די אויגן אַרויף, שטייענדיק אַ ווײַלע פֿאַרגאַפֿט. דערנאָך לאָזן־אַרויס בידע אין איין קול:

— עפּעס שיט זיך דאָרט פֿון דער סטעליע! מען באַדאַרף טאָן דאָרט אַ קוק.

עס פֿאַרדרייט מיר זיך דער קאָפּ. עס קלינגט מיר אין די אויערן, שווינדלט אין די אויגן און איך שוועב עפּעס אין לופֿטן...

יאָ, טאַקע אין לופֿטן. אַ פּאָר אײַזערנע הענט טוען מיך אַ כאַפּ און שלײַדערן מיך פֿון בוידעם אַראָפּ אויף דער ערד; איך דערהער, ווי מען מאַכט מיר אַברייטן „ברוך הבא" מיט דעם גאַנצן טיטל:

— סקאָצל קומט, ר' פֿישל! און דערזע באַלד פֿאַר מיר דעם

---

[3] אַריינקריגן, דערטאַפּן.

ממזר מיט אַ פּנים, אַ שרעק אָנצוקוקן, עפּעס נאָר אַ פּנים ווי בײַ אַ קאַץ, בשעת זי קלײַבט זיך צו דערשטיקן דאָס געכאַפּטע מײַזל. דעם אַלטיטשקן האָב איך שוין נישט געזען. ער איז אַ פּנים אַוועק, איבערלאָזנדיק מיך אויג אויף אויג מיט דעם ממזר.

— אַ נו, נפֿשל — מאַכט דער ממזר — זאָג ווידוי!... דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפֿט טאָן דיר אַמאָל, דאָרט, אין קעלער, וועל איך עס דיר טאָן אַצינד. פֿײַבושקע, פֿאַרגעסט נישט, נישקשה.

איך פֿאַל אים צו די פֿיס. וויין, בעט מיך בײַ אים, ווי בײַ אַ גזלן, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפֿט נישט. ער נעמט־אַרויס אַ מעסער, האַלט עס מיר אַקעגן די אויגן, מיט גרויס הנאה צו־קוקנדיק, ווי איך צאַפּל, פֿלאַטער. איך פּרוּוו מיך אײַנשמועסן אים מיט דעם גן־עדן, זאָג אים צו עולם־הבא, אַ גאַנצע וועלט, שענק אים מײַן חלק עולם־הבא אויך, אַלצדינג וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשירעט־אויס אויגן און שווײַגט. איך הייב־אָנעט צו שרעקן אים מיט דעם גיהנום, מיט גאָטס משפּט, דער אייבערשטער וועט אים שטראָפֿן, זיך נוקם זײַן פֿאַר אומשולדיק בלוט. ער פֿאַרבײַסט די ליפּן, טוט אַ הייב אין דער הויך דאָס מעסער — און אין דער שרעקלעכער רגע, וואָס אָט־אָט ליגט מיר דער חלף אויף דעם האַלדז, טוט עס אים פּלוצלינג עפּעס אַ כאַפּ פֿון הינטן, גאָר ניט מיט קיין מענטשלעך געשריי:

— ניין, ניין, וועסט עס נישט טאָן!

ער ווערט שטאַרק פֿאַרמישט און קוקט זיך אין שרעקעניש אום. דאָס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן דאָס האָרבאַטע מיידל.

— חצופּה, אַרויס! — דערלאַנגט דער ממזר אַ געשריי באַלד ווי ער איז צו זיך געקומען — אַרויס, חצופּה! וואָרעם...

— ניין, ניין, פֿון דאַנען גיי איך נישט אַרויס! דערהרגעט זאָל איך דאָ ווערן אין איינעם מיט אים! — שרײַט באַהאַרצט די האָר־באַטע און פֿאַלט דעם ממזר אויפֿן האַלדז, וויינט מיט ביטערע טרערן, גלעט אים און חלשט פֿאַר אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, זאָגט אים צו דאָס אייביקע לעבן און אַ שטול אין גן־עדן, דער ממזר טוט

זי פֿון זיך אַ וואָרף ווי אַ מיאַטשיק[4], שעלט, פֿלוכט אויף וואָס די וועלט שטייט. און אַז די רציחה איז אים אַ ביסל אָפּגעגאַנגען, ווענדט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך אַליין האָב דאָ דיך, מײַן טינופֿתל, נישט „געבעלדבֿרט". נאָר אויב דיר האָט געשפּילט דאָס טריפֿהנע מזל דײַנס, איך זאָל דיך, פֿאַרשטונקען נפֿשל, נישט צע־קוועטשן ווי אַ כּינה, דאָך אין גאַנצן טרוקן אַרויס פֿון מײַנע הענט וועסטו נישט.

ער נעמט אַ שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען אַרומגע־גאַרטלט, שטעלט זיך בינדן מיר די הענט און פֿיס, מאַכנדיק דערבײַ:

— ליג זשע דאָ שטיל, הונט איינער, קיין פּאַרע זאָל מען פֿון דיר נישט הערן! ליג ביז די פּגירה דײַנע וועט דאָ אויף דיר קומען. נאָר געדענק זשע פֿליאַסקעדריגע, טאָמער טרעפֿט זיך דיר אַ נס, עפּעס אַ באָבע דײַנע אין קבֿר וועט זיך פֿאַר דיר מיִען, און גייסט פֿון דאַנען אַ לעבעדיקער אַרויס, זאָלסטו זיך היטן, מיר פֿאַר די אויגן זיך נישט צו ווײַזן, וואָרעם באַלד פּלומפּל[5] איך דיך און מאַך כּיק...

אָפּגעטאָן מיר מײַן רעכט, נעמט ער זיך צו דער האָרבאַטער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אויף מיר, און זיך געריסן בײַ די האָר.

— אַ, דו חצופּה איינע! — בייזערט זיך דער ממזר, אַ שטופּ געבנדיק זי, נעבעך, מיטן פֿוס — איך ווייס, נישקשה, פֿאַרשטיי אַלצדינג. דאָס איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך: אַ חתונה אָן כּלי זמר, דאָ, אויפֿן בוידעם... אַ שיין מיידעלע, נישקשה, און פֿאַר מיר גיט זי זיך אויס פֿאַר אַ רביצין... פֿון הײַנט אָן וועסטו שוין בײַ מיר וויסן, חצופּה איינע!

ער טוט זי אַ כאַפּ אין די הענט און אומקערנדיק זיך צו מיר מיט אַ זאָג:

---

[4] (רוס') פּילקעלע. — [5] פּאַמפּע (בלוט ווי וואַסער).

— שאַ, הונט, געדענק מײַנע ווערטער!

ווערט ער מיט איר געשווינד אַנטרונען.

אין גיהנום קען מען אַזוי פֿיל יסורים נישט לײַדן, וויפֿל איך האָב איבערגעליטן. איך בין געווען נישט אין גיהנום, נאָר דער גיהנום אין מיר. עס האָט אין מיר געקאָכט, געברענט אַ העליש פֿײַער. די האָר זײַנען מיר געשטאַנען קאַפּויר. עפּעס האָב איך גע־פֿילט, זיי שטעכן מיך ווי שפּילקעס און דאָ טאָר מען נאָך נישט הויך וויינען, נישט טאָן קיין פּיפּס.

שפּעטער אַ ביסל האָבן מיר אין די אויערן זיך פֿאַרטראָגן קולות: אַ סקריפּ פֿון רעדער, אַ ליאַרעם, אַ געשריי פֿון מענטשן. דאָס באַטײַט, חבֿרה האָט זיך גערירט. די כאַליאַסטרע האָט זיך גע־לאָזט אין וועג אַרײַן און מיט דעם פּעקל לײַט — מײַן האַרץ, מײַן גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האָרבאַטע, נעבעך...

אַ היפּשע לאַנגע צײַט בין איך געלעגן ווי אַ שטומע שאָף, געבונדן אויף אַלע פֿיר, מיט אויגן ווי די באַנקעס פֿון הייסע טרערן. די שטריק האָט זיך מיר אײַנגעשניטן אין לײַב אַרײַן און בײַ אַ מינדסטן רירעלע מיך געשניטן ווי אַ מעסער. עס האָט מיך דערצו נאָך געברענט אַ טרונק. אָט, האָב איך געמיינט, עקט מיר זיך דאָס לעבן. פֿאַר גרויס ווייטיק האָב איך דערנאָך אָנגעהויבן שרײַען, טאָמער וועט עמעצער דערהערן. די כאַליאַסטרע האָט, נאָך מײַן רעכענונג, שוין געמוזט אײַנפֿאָרן גאַנץ ווײַט. איך שרײַ, אָבער אומ־זיסט, שרײַ צו דער וואַנט. עס טריקנט מיר אין האַלדז. עס באַ־שלאָגן מיך אַנגסטן. דאָס שרײַען קומט מיר שוין אָן שווער. איך מוז צווישן אָפּרוען. די לאַגע מײַנע ווערט וואָס ווײַטער ערגער. נישטאָ שוין קיין כּוח צו שרײַען. די נשמה הענגט מיר אויפֿן שפּיץ נאָז. דער מלאך־המוות, פֿיל איך, איז נאָך איר געקומען. מען באַ־דאַרף שטאַרבן, יונגערהייט פֿון דער וועלט גיין. איך טו מיר אָן אַ כּוח, נעם זיך צונויף מיט אַלע מײַנע קרעפֿטן און טראַכט: לאָמיך כאָטש טאָן דאָס לעצטע געשריי — לאָז הילכן די תּקיעה גדולה פֿון מײַן אומגליקלעכן לעבן...

נאָר גאָט אָבער האָט אײַך, ר׳ אַלטער, געבראַכט! איר זײַט מיר בײַגעשטאַנען אין דער נויט און מיך דערהאַלטן בײַם לעבן.

— כה —

אַז פֿישקע האָט געענדיקט זײַן אומעטיקע מעשׂה, איז צוגעפֿאַלן די נאַכט און אונדזערע פֿערדלעך האָבן זיך פֿאַרשלעפּט צום גרינעם באַרג, וואָס פֿאַר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער באַרג איז באַקאַנט כּמעט דער גאַנצער וועלט. נאָך פֿון גאַנץ אַלטע צײַטן טראָגט זיך וועגן אים אַרום צווישן דעם עולם אַ לידל, וואָס קינד און קייט קענען עס, וואָס אַלע מאַמעס און אַמען נעמען מיט דעם אײַן און פֿאַרוויגן ברעקלעך קינדער. מײַן מאַמע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, פֿלעגט מיר קינדווײַז אויך אַלץ זינגען דאָס לידל:

אויף דעם גרינעם באַרג,
אויף דעם הויכן גראָז,
שטייען אַ פּאָר דײַטשן
מיט די לאַנגע בײַטשן.
הויכע מאַנען זײַנען זיי,
קורצע קליידלעך טראָגן זיי,
אָבינו מלך...

דאָס לידל פֿלעגט מיר זייער געפֿעלן, פֿיל בעסער פֿון אַלע לידלעך. עפּעס איז מיר דער גרינער באַרג אַזוי וווּנדערשיין פֿירגעקומען אין מײַן קינדערשן קעפּל! עס האָט מיר זיך געדאַכט, ער איז נישט גלאַט גראָב פֿון דער ערד, ווי די פּראָסטע בערגלעך אַרום מײַן שטעטל. ניין! ער איז עפּעס, ווי זאָגט מען עס, גאָר כּצפּיחית[1]... ווי דער הר הזיתים, דער באַרג לבֿנון, פֿון ארץ־ישׂראל־

[1] (שמות ט״ז, לא) „כּצפּיחית בדבש״, האָניק־טייגלעך.

ערד. און די דײַטשן דאָרט, זיי זײַנען מיר פֿירגעקומען עפּעס גאָר משונה ווילד. איך בעט זיי מחילה. עפּעס אַזעלכע מיני באַשעפֿעניש, מיני בהמות אַזעלקע, אָקסן, שור־הברן. זיי שמײַסן מיט די לאַנגע בײַטשן און לאָזן צו גלופּסק נישט צוטרעטן, ווי דער סמבטיון צו די רויטע ייִדעלעך. אַרײַן אין גלופּסק מוז מען כאַפּן אַ שמיץ, און אַלע דאָרט האָבן אַ פּנים פֿון אָפּגעשמיסענע... שפּעטער, אַז איך בין אַרויס פֿון די קינדערשע שיכלעך און אויסגעווען אַ וועלט, אין גלופּסק אויך, האָב איך שוין געזען אַלצדינג מיט אַנדערע אויגן און פֿאַרשטאַנען, ווי עס געהער צו זײַן דעם פּשט פֿונעם לידל. דער גרינער באַרג איז פּשוט טאַקע אַ באַרג, נישט אַזוי גרין ווי בלאָטיק, זייער גריבערדיק. און די דײַטשן, הויכע מאַנען דאָרט, זײַנען געזאָגט געוואָרן אַקעגן יענע מאַנען מיט לאַנגע הענט און קלעפּיקע פֿינגער, וואָס לקחענען און שנײַדן־אָפּ קלומקעס. געוויינטלעך איז דער שטייגער, דאָס ערשטע מאָל אַרײַנצופֿאָרן קיין גלופּסק אָן אַ קלומעק. דערנאָך, אַז מען איז שוין גוט אָנגעלערנט, לאָזט עס עטלעכע ווערסט פֿאַר גלופּסק עפּעס נישט רוען. די אויגן כאַפּן, ווי פֿון זיך אַליין, אַ קוק הינטערן בײַדל, די הענט — אַ טאַפּ דאָס קלומעקל, די בוזעם־קעשענע, צושפּיליענדיק די קאַפּאָטע אויף אַלע קנעפּלעך. איך בין אויסן מיט דעם, אַז דערגרייכנדיק דעם גרינעם באַרג האָבן אַלע אונדזערע אבֿרים, די נאָז אויך, געפֿילט פֿון דער ווײַטנס גלופּסק. און ערשט שפּעטער אַ ווײַלע, אַז מיר האָבן אין אַלע זײַטן זיך גוט אַרומגעקוקט, אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן, האָב איך מיך דערמאָנט אין פּישקען, און געזען ווי ער זיצט, נעבעך, פֿאַרומערט, שטאַרק באַטריבט.

איך נעם מיך טרייסטן פּישקען, שטאַרקן אים מיט גוטע רייד, מאַכנדיק זיך דערבײַ קלאָמפּערשט פֿריילעך, און לאָז־אויס מײַנע טרייסטווערטער מיט דער אַנדערער העלפֿט פֿונעם פֿרײַערדיקן באַקאַנטן לידל:

אָבינו מלך —
דאָס הארץ איז מיר פריילעך,
פריילעך וועלן מיר זיין,
טרינקען וועלן מיר וויין,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן —
און אונדזער ליבן גאָט
קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

— זאָרג נישט, פֿישקע! אונדזער ליבן גאָט באַדאַרף מען קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן, ער קען העלפֿן.

— איך פֿרעג אײַך נישט מער, ר׳ מענדעלי! — מאַכט פֿישקע מיט אַ ביטער געמיט — צו וואָס האָט עס גאָט באַדאַרפֿט מיך מיט איר ווידער צונויפֿפֿירן, בכדי באַלד טאַקע אונדז צעשיידן? עס זאָל אונדז פּלוצלינג אַ שײַן טאָן דאָס מזל? בכדי באַלד טאַקע זאָל אונדז נאָך ערגער פֿינצטער ווערן אין די אויגן?... ס׳איז עפּעס באָר ווי אַ צו להכעיס! און גוואַלד, רבונו של עולם, אַקעגן וועמען? אַקעגן צוויי אומגליקלעכע, ביטערע קאַליקעס, וואָס איידער אַזאַ וויסט לעבן אין יסורים, אין ווייטיק, וואָלט פֿאַר זיי פֿיל גלײַכער געווען גאָר ניט געבוירן צו ווערן!...

איך מאַך אַ פֿרום פּנימל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ זאָג איך „טע־טע־טיי!", וואָס האָט אַזוי פֿיל געהייסן:

— מען טאָר נישט ריידן אַזוינס!...

געזאָגט האָב איך עס, נישט ווײַל דאָס איז בײַ מיר געווען אַ גוטער ענטפֿער אויף דער קשיא, נאָר גלאַט אַזוי, ווײַל דער שטייגער אין דער וועלט איז שוין אַזוי, אַז איינער פֿרעגט פֿאַר צרות שטאַרקע קשיות, מוז דער אַנדערער זאָגן מוסר, אָפּשלאָגן אים כאָטש מיט „טע־טע־טיי"... אָפּזאָגנדיק דעם מוסר, פֿון יוצא וועגן, עפֿן איך באַלד אַ מויל און רייד ווערטער פשוט ווי אַ מענטש אַזוי:

— זאָג נאָר, פֿישקע, ווי דאָס מיידל הייסט? ביז אַהער האָסטו זי אַלץ גערופֿן די האָרבאַטע, מײַן האָרבאַטע. אַצינד וויל איך וויסן ווי זי הייסט.

— אַקעגן וואָס, ר׳ מענדעלי? — רופֿט זיך אָן פֿישקע, אָנקוקנ־דיק מיך פֿאַרוווּנדערט — אַקעגן וואָס, איך בעט אײַך, ווילט איר עס אַזוי וויסן? צו וואָס אומזיסט אויסגעבן אַ מיידלס נאָמען?

— פֿאַרשטייסט, נאַרעלע... — ענטפֿער איך — דאָס קען אַ מאָל צו נוץ קומען. אויף מײַנע נסיעות קען זיך מאַכן, איך זאָל עפּעס אָנשמעקן, אויספֿאָרשן. לאָמיך וויסן איר נאָמען. נישקשה! זייער מעגלעך — דו פֿאַרשטייסט? — אַז דײַן שאָדן זאָל זיך נאָך אויפֿזוכן. איך זאָל זײַן דער שליח.

— ביילע הייסט זי! — כאַפּט זיך פֿישקע זאָגן מיט אַ קול — זי הייסט ביילע!

פּלוצלינג הערט זיך עפּעס אַ שטאַרקער קרעכץ מיט אַ קלאַפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. איך קוק מיך דערשראָקן אום און דערזע: מײַן אַלטער ליגט אויסגעצויגן אויפֿן וואָגן, זיפֿצט און איז בלייך ווי די וואַנט.

— וואָס איז אײַך, ר׳ אַלטער? — טו איך אים אַ פֿרעג — איר ווילט אפֿשר נעמען אַ ביסל בראָנפֿן! — אײַך איז נישט גוט?

— בע... — ענטפֿערט אַלטער, שטאַרקט זיך און זעצט זיך ווידער אויף.

— זאָג מיר, פֿישקע! — הייב איך ווײַטער אָן, נאָך דעם ווי איך האָב מיך באַרויקט וועגן אַלטערן — ווייסטו נישט, ווי די מאַמע אירע האָט געהייסן און פֿון וואַנען זי איז?

— יאָ! — ענטפֿערט פֿישקע — מײַן האַרבאַטע האָט מיר דער־ציילט, אַז איר מאַמע פֿלעגט מען רופֿן עלקע. זי געדענקט ווי דורכן שלאָף, אַז די מאַמע האָט זיך געגעט מיט איר מאַן אין טונעיאַדעווקע. זי פֿלעגט עס זייער אָפֿט דערמאָנען און אויסלאָזן איר שווער, ביי־טער האַרץ צו איר וויסטן טעכטערל, נעבעך.

— מיט איר מאַן אין טונעיאַדעווקע? — מאַך איך פֿאַרוווּנ־דערט — ווער זאָל דאָס דאָרט זײַן איר מאַן, דער רשע־מרושע מיט אַ שטיינערן האַרץ, וואָס האָט דערווײַטערט זײַן קינד, זי געמאַכט

אַזוי אומגליקלעך? האָ, טאָמער ווייסט איר, ר׳ אַלטער, ווי אַזוי זאָל ער דאָרט בײַ אײַך אין שטעטל הייסן?

אַלטער איז געזעסן ווי אַ טויטער, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, געקוקט עפּעס משונה ווילד מיט אַן אָפֿן מויל, אַזוי אַז ס׳איז מיר אַנטפֿאַלן דאָס געזונט.

— ער האָט געהייסן... — רײַבט פֿישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאָנען דעם נאָמען — ער האָט, האָט, דאַכט זיך, געהייסן... וואַרט אַ ביסל...

— אַלטער הייסט ער!... — טוט אַלטער אַ געשריי און פֿאַלט אַנידער אויפֿן וואָגן.

— יאָ, טאַקע אַזוי, אַזוי! — זאָגט פֿישקע קוקנדיק אויף אַל־טערן, נישט אָנהייבן צו פֿאַרשטייך, וואָס זײַן געשריי באַטײַט — דאַכט זיך נאָך, עפּעס אויך אַ צונעמעניש, יקנה״ז. די מאַמע פֿלעגט בײַם טעכטערל שטיקער פֿלייש אויסרײַסן, רופֿן זי דערבײַ יקנה״זיכע, יקנה״זס טעכטערל, ווען זי פֿלעגט האָבן גרויסע צרות, ווען מען האָט זי אָפּגעשאַפּט פֿונעם אָרט.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאַנצע מעשׂה באַטײַט און בין געבליבן עפּעס ווי מען גיסט איינעם אָפּ מיט אַן אָקראָפּ[2].

אַלטער כליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאַק אין האַרצן, מאַכנדיק דערבײַ:

אמנם חטאתי! איך האָב איר פֿאַרזויסט דאָס לעבן. זי, נעבעך, איז טאַקע גערעכט:

דער טאַטע האָט זי געקוילעט...

אַ שטראָף פֿון גאָט איז דערפֿאַר פֿון אַ צײַט אויף מיר אָנגע־שיקט געוואָרן. ווהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלים־שלימזל...

---

[2] קאָכעדיק האַסער.

איך הייב אָן פֿאַר רחמנות צו טרייסטן מײַן אַלטערן, רייד אים אויס דאָס האַרץ און פֿאַרגלעט אַ ביסל זײַנע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי בשׂר־ודם, פֿלייש און בלוט. דער יצר־הרע איז בײַ אונדז זינדיקע מענטשן, זייער גרויס. גאַנץ גרויסע צדיקים אַפֿילו זײַנען אין אַזעלכע זאַכן... געכאַפּט און קענען אין דעם ענין פֿון חתונה האָבן מיט דעם יצר־הרע גאָר נישט מאַכן. זייער פֿיל פֿון אונדזערע עלטערן, צדיקים, זײַנען געווען לאַפּנמיצלעך, געלעגן אונטער דעם ווײַבס פּאַנטאָפֿל, געטאָן איר ווילן און צעטריבן אַפֿילו אייגענע קינדער פֿון אַן אַנדערן ווײַב, אויב נאָר זי האָט געהייסן...

פֿישקען זעט די גאַנצע זאַך אויס עפּעס משונה. ער זיצט פֿאַרווונדערט מיט אַ פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אויף אַלטערן, אויף מיר און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

דערווײַל ווערט שטאָק נאַכט. די שטערן פֿינקלען, ווינקען צו אונדז פֿונעם הימל מיט זייערע שײַנענדיקע ליכטיקע פּנימלעך, גלײַך ווי זיי מישן זיך אַרײַן אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן. און בײַם עק הימל הייבט־אָן, ווי פֿון דער ערד, אַרויסצוגיין אַ גרויסע לבֿנה, רויט ווי פֿײַער. דאַכט זיך, זי קוקט גלײַך גאָר אויף אונדז. אַלע דאָרט אויבן קוקן, דאַכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מעשׂה וועט זיך אויסלאָזן... מײַן אַלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט־אויף זײַנע אויגן צום הימל און רעדט מיט האַרץ:

— איך שווער בײַ דעם וואָס לעבט אייביק, אַז איך וועל נישט קומען אַהיים צום ווײַב און קינדער, נישט חתונה מאַכן מײַן בתולה, ביז איך זוך נישט אויף מײַן פֿאַרוואָגלט קינד! הימל און ערד זײַנען עדות! איך פֿאָר טאַקע באַלד און זיי, ווײ דאָרט דעם, וואָס וועט זיך מיר אַקעגנשטעלן...

פֿישקע פֿאַלט אַרויף אַלטערן אויפֿן האַרצן, האַלדזט אים, קושט אַ היפּשע ווײַלע אָן וועדטער און איז שטאַרק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אויף אַ וויינענדיק קול מיט אַ געבעט:

— גוואַלד ראַטעוועט, ראַטעוועט זי!...

מײַן אַלטער שפּרינגט געשווינד אַראָפּ אויף דער ערד, קריכט־

אַרויף צו זיך אויפֿן וואָגן און געזעגענענדיק זיך מיט אונדז פֿון דער ווײַטנס, דרייט ער אויס דעם דישל, טוט אַ שמיץ די שקאַפּע און פֿאָרט זײַן וועגס. איך מיט פֿישקען קוקן מיר אים אַ היפּשע צײַט פֿון הינטן נאָך, נישט צו רידן קיין וואָרט. דערנאָך גיב איך אַ בליק צום הימל. די לבֿנה און שטערן גייען זיך זייער גאַנג. גאָר נישט דאָס פּנים וואָס פֿריִער. שטאַרק הויך, האָפֿערדיק, ווײַט, ווײַט פֿון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק, נישט פֿריילעך אויפֿן האַרצן...

איך טו אַ שמיץ מײַן אָדלער, ער זאָל מוחל זײַן זיך שלעפּן אַ ביסל גיכער, און שפּעטלעך בײַ נאַכט פֿאָרט מײַן בײַדל איבער די גריבערדיקע גאַסן פֿון גלופּסק מיט אַ קלאַפּערײַ, אַ געשריי, אָנזאָגנדיק דעם עולם: הנה, זײַט וויסן, נאָך צווײ פֿרישע ייִדן זײַ־בען אָנגעקומען אין גלופּסק!!...

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון מענדעלע מוכר ספרימס לעבן און שאפן



בלעטער פון געשיכטע, שפראַכפאָרשונג, קריטיק און זכרונות

# פירוואָרט צו „פישקע דער קרומער" *

מיין ליבן טייערן פריינד
מנשה מרגלית
ברענגט דעם דאָזיקן ספר במתנה פונעם גאַנצן האַרצן
דער מחבר

טײַערער פֿרײַנד!

טרויעריק איז מײַן ניגון אין דער קאַפּעליע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. אין מײַנע חיבורים ליגט אויסגעדריקט אַ ייִד מיט די ביינער, וואָס ווען ער זינגט אַפֿילו אַ מאָל אַ פֿריילעכס, דאַכט זיך נאָר אויס פֿון דער ווײַטנס, עפּעס קלאָגט ער, פֿאַרגייט זיך ווינענדיק. אין זײַנע זמירות הערט זיך עפּעס אַן אומעטיקער שטייגער פֿון איכות; לאַכט ער, שטייען אים אין די אויגן טרערן; וויל ער אַ ביסל לוסטיק זײַן, רײַסט זיך אים דערבײַ טיף פֿונעם האַרצן אַ ביטערער זיפֿץ — און תּמיד אַלץ אוי, וויי, וויי געשריגן!...

איך רייד מיך, חלילה, נישט אײַן מיט גדלות, אַז איך בין אַ סאָלאָווי אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור. נאָר אין איין זאַך אָבער בין איך אין אים ייִאַ שטאַרק געראָטן. דער דאָזיקער מרה־שחורהדיקער משורר פֿון די פֿייגל שפּילט זײַנע ניגונים און צעגיסט זיך אין אומעטיקן שטייגער דווקא נאָר אין וועסנע[1]־צײַט, ווען די גאַנצע וועלט איז ווי נײַ געבוירן, ווען עס בליט, עס שמעקט מחיה, אומעטום, עס שײַנט, עס לײַכט און איטלעכן איז פֿריילעך אויפֿן האַרצן.

מיר בײדע, טײַערער פֿרײַנד, האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט אין דער ייִדישער ליטעראַטור פּונקט אין דער וועסנע־צײַט פֿונעם ייִדישן לעבן דאָ בײַ אונדז אין לאַנד. פֿונעם זעכציקסטן יאָר אין אונ־

* מיט דעם בריוו הייבן זיך אָן אַלע פֿריִערדיקע אויסגאַבעס פֿון דעם ראָמאַן.

[1] (רוס') פֿרילינג.

דזוער צײַט, הייבט זיך פֿאַר ייִדן אָן גאָר אַ נײַ לעבן — אַ לעבן מיט אַ גרינגן געמיט, פֿול מיט גוטע האָפֿענונגען אויף שפּעטער, דענסט־מאָל זײַנען מיר געווען בײדע נאָך זײער יונג און האָבן מיט אַ ברען זיך אַ נעם געטאָן צו דער פּען, געאַרבעט געשמאַק, איטלעכער אויף זײַן גאַנג. דער עולם האָט פֿון אײַער שרײַבן געלעקט די פֿינגער, גאָר אַנגעקוואָלן הערנדיק, ווי אַזוי איר רעדט צוקער זיס איבער פֿיל וויכטיקע זאַכן אין דעם ייִדישן לעבן; ווי אַזוי איר זײַט אויף ייִדן אַ מליץ־יושר און לערנט זיי מיט גוטן, גאַנץ פֿרײַנדלעך, צו קענען זיך אַליין, צו וויסן פֿון זייער לעבן צו זאָגן, אַ פּנים צו האָבן און זײַן לײַטן גלײַך. עס האָבן אײַך אויס דעם מויל זיך געשאָטן פּערל, וואָס פֿינקלען, לײַכטן און וועלן אייביק זײַן אַ צירונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. איך פֿון מײַן זײַט האָב אין יענער פֿריילעכער וועסנע־צײַט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבן, געשפּילט אויף מײַן שטייגער. אין מײַן שפּילן האָט געווײַנטלעך אײַך סטרונע געברומט טרויעריק און געמאַכט אויף די צוהערערס אַ שטיקל מרה־שחורה. אַ טייל האָבן מיך געהערט גערן מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ; ווידער אַ טייל האָבן זיך געקרימט, משונה זיך געקראַצט, נישט צופֿרידן געווען, וואָס איך ריר זיי אָן בײַ דער לעבער און דערמאָן זיי נישט־קיין פֿריילעכע זאַכן. נאָר, ווי די מעשׂה איז, איך האָב מיר געשפּילט און געטאָן מײַנס.

יענע שיינע וועסנע־צײַט איז אַוועק. אַז אָך און וויי איז דעם ייִדנס לעבן! און מיר איז פֿאַר צרות פֿאַרגאַנגען דער חשק צו שרײַבן. עס האָט מיר אַ צײַט לאַנג אָפּגענומען דאָס לשון.

און ווען איך נעם אַצינד אַפֿיר מײַן פֿאַרדאַרטע, פֿאַרטריקנטע פּען און גיי ווידער מיט דער שפּראַך אַרויס, האָב איך עס צו פֿאַרדאַנקען אײַך, נאָר אײַך, וואָס אין אײַער געזעלשאַפֿט איז מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט. אײַערע קלוגע רייד, אײַער אַרבעטן שטענדיק פֿאַר אונדזער פֿאָלק האָבן מיך דערפֿרישט און מיר צוגעגעבן חשק צו נעמען זיך אויך פֿאַר עפּעס אַן אַרבעט, פֿון הייליקן פֿײַער, וואָס ברענט תּמיד אין אײַער ייִדיש האַרץ, האָט זיך פֿאַרטראָגן אַ

פֿונק צו מיר אין מײַן האַרץ, עס האָט זיך אָנגעצונדן און ברענט אַצינד ווי אַמאָל אין די יונגע יאָרן.

יאָ, מיר בײדע האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט אין דער ליטעראַטור גלײַך אין אײן צײַט, נאָר דאָס מזל אונדזערס איז ניט גלײַך; איר זײַט דאָרט אַרויף אויבן, אין די הויכע פֿענצטער; איר האַנדלט דאָרט מיט בריליאַנטן און דימאַנטן פֿון דער ייִדישער היסטאָריע; איר שטעלט־אַרויס די שענסטע צירונג פֿון אונדזער פֿאָלק פֿאַרצײַטנס, דאָס בעסטע, דאָס טײַערסטע אין זײַן לעבן. איר האָט איבערגעהאַט עסקים מיט הלל, רבי מאיר, רבי עקיבֿא און מיט נאָך אַנדערע גרויסע לײַט, מיוחסים פֿון הויכן סאָרט מענטשן. מיר אַקעגן איז באַשערט געװען זיך אַראָפּצולאָזן אויפֿן נידעריקן טרעפּל פֿון ייִדישן לעבן, אונטן, אין די קעלערס. מײַן יש בכאַן[2] איז: שמאַטעס און פֿוילע סחורה. איך האָב נאָר שטענדיק צו טאָן מיט אבֿיונים, קבצנים, אומגליקלעכע, נעבעך; אויך מיט מענטשעלעך דראַבעס[3], פּאַקוסניקעס[4] וכדומה אַזעלכע מיני נפֿשות, קלײניטשקע, נידעריקע פֿאַרשוינען. מיר חלומען זיך נאָר בעטלערס. פֿאַר מײַנע אויגן שוועבט תּמיד אַ טאָרבע — די אַלטע גרויסע ייִדישע טאָרבע הענגט מיר תּמיד, ווי יענעם מרה־שחורהניק אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. וווּהין איך זאָל מיך נישט קערן און ווענדן, זע איך פֿאַר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלן עפּעס דערציילן אָדער זאָגן, קומט מיר אַפֿילו די טאָרבע!...

אוי, אַלץ די טאָרבע, די ייִדישע טאָרבע!

יאָ טײַערער פֿרײַנד, דורך אײַך האָב איך באַקומען ווידער אַ ברען צום שרײַבן — און אָט האָט איר אײַך הײַנט, בעוונותינו הרבים, טאַקע ווידער אַ טאָרבע: אַ פֿישקע דעם קרומען, מישטיינס געזאָגט, מיט וועלכן איך טרעט־אַרויס פֿאַר דעם עולם, נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט שטילשווײַגן. איך ווייס, אַז מײַן פֿישקע דער קרומער איז עפּעס נישט

---

[2] (אַמאַליקער בריוו־נוסח) וואָס איך האָב דאָ. — [3] דראַנגען. — [4] קונצנמאַכערס.

אַזאַ מתּנה אויף אָפּצודאַנקען אײַך מיט אים פֿאַר אײַער פֿרײַנדשאַפֿט, נאָר וויסנדיק בײַ מיר אײַער גוט האַרץ, אײַער צוגעלאָזטקייט צו מענטשן, פֿאַרהאָף איך, אַז איר וועט מײַן אָרעמען פֿישקען אויפֿנע־מען מיט אַ ברוך־הבא, זייער מעגלעך גאָר, איר זאָלט אים נאָך אַרײַנ־בעטן אין זאַל אַרײַן, אים באַקענען מיט אײַער הויזגעזינד און מיט אײַערע געסט דאָרט. פֿישקע וועט זיך בײַ אײַך אָפּלייגן מיט דער טאָרבע, אײַך דערציילן מעשׂיות, און איר וועט פֿון זיי הנאה האָבן, און פֿאָרשטעלנדיק זיך אַזוינס, שמייכלט פֿאַר פֿרייד און דאַנקט אײַך פֿון גאַנצן האַרצן — דער מחבר



משה גאָלדבלאַט
אין דער ראָלע
פון
מענדעלע
אין
מאָסקווער יודי׳
קאַמער־טעאַטער
בעתן טור
איבער אייראָפּע
(1928)

# מענדעלעס אַ בריוו צו שלום עליכמען *

אָדעס, 10 יוני 1888

ידיד נכבד!

היינט איז ביי מיר דער ערשטער טאָג רו נאָך אַזוי פיל שווערע אַרבעט אין דער צייט פון די עקזאַמענס און דעם דאָזיקן גוטן, רויִקן, פריילעכן טאָג הייב איך אָן מיט דעם דאָזיקן בריוו — שרייבן צו אייך, פאַרשייטער אייניקל. אַזוי רוף איך אייך, ווייל איר האָט אַקעגן דעם זיידן ר׳ מענדעלען אין דער לעצטער צייט זיך נישט אַזוי גוט באַנומען. ער האָט דאָך אייך געזאָגט גאַנץ ריין, קורץ און שאַרף, נאָך גאָר אין אָנהייב, אַז ווייניקער פון אַ פערציקער פאַר אַ שורה קען ער נישט נעמען און דינגען זיך האָט ער פיינט. וואָס זאָל ער נעבעך טאָן, אַז פון אַלע זייטן פאַרוואַרפט מען אים היינט מיט בריוו, אַלע אין איין קול שרייבט, שרייבט? ווו זאָל ער נעמען צייט און כּוח איטלעכן צו באַפרידיקן? גלייבט מיר, אַ טייל זאָגט ער אָפּ און וויל זיי נישט קענען, זיי זאָלן אים אַפילו אָפּגילטן. ער איז אַ מענטש פאַר זיך, האָט זיין ביידל מיט ספרים, וואָס גאָט גיט אָבי באַזונדער און וויל מיט אַנדערע פאַרשוינען בקאָמפּאַניע אין איין וואָגן נישט פאָרן. איר גראָד זייט אים עפּעס געפעלן און געוואָלט מיט אייך האָבן איין עסק. און אַז איר זייט אַזוי פיין געווען, גאַנץ דעליקאַט אים צו בעטן, ער זאָל ביי אייך נעמען געלט פאָרויס וויפל עס וועט אים קומען פאַר איטציקער אַרבעט און אויך על חשבון פון זיין אַרבעט שפּעטער, האָט ער פון אייך גאָר אָנגעקוואָלן און לסוף האָט איר זיך עפּעס נישט וויסנדיק געמאַכט

---

* פון די 63 בריוו צו פאַרשיידענע שרייבערס, געדרוקט אין זאַמלבוך שריפטן, קיִעוו 1928.

און ס'איז אויסגעקומען אַ ביסל עפּעס ייִדישלעך... נאָר אָן עק, אַ סוף! ער וויל מער דערפֿון נישט רײדן און האָפֿט, אַז איר וועט פֿאַרגלעטן אײַער פּעלער, אים תּיכּף ומיד אַרײַנשיקן דאָס געלט און ווידער שלום.

אַצינד עטלעכע ווערטער וועגן דעם „ווינטשפֿינגערל", וואָס איך שיק אײַך דאָ אַרײַן. אונטערן נאָמען פֿון מײַנס אַ גאַנץ אַלט קלײן ספֿרל פֿון עטלעכע בלעטלעך (64) האָבן איך אָנגעהויבן צו שרײַבן פֿאַר אײַך אַ שפּאָגל נײַעם ספֿר, אין וועלכן איך וויל אַרויסשטעלן דאָס ייִדישע לעבן און די ווײַכטיקסטע ענינים, וואָס קומען הײַנט בײַ אונדז פֿאָר. איך וויל שאַרף דערקלערן די ייִדישע לאַגע און אָנ־ווײַזן, וואָס מען האָט צו טאָן די ייִדישע לאַגע צו פֿאַרבעסערן. דאָס „ווינטשפֿינגערל" — אַזוי האָף איך — וועט אָנמאַכן אין דער לי־טעראַטור, בכלל, אַ רעש, אַ גרויסן רושם, אפֿשר נאָך מער פֿון דער „קליאַטשע". לעת עתּה האָט איר אײַך דאָ זעקס גרויסע קאַפּיטלען, וואָס וועלן אײַך, דאַכט זיך, געפֿעלן. לייענט עס נאָר מיט קאָפּ און שרײַבט מיר אײַער מיינונג. איר זײַט, ווי עס זעט אויס, אַ מבֿין... דאָס רעכטע געדיכטס וועט קומען אי״ה״ש אין אײַער צווייטן טייל און דאָרט וועט זיך עס אין גאַנצן ענדיקן. דאָס „ווינטשפֿינגערל" איז נישט גלאַט זיך אַזוי אַ מעשׂהלע, ווי אַנדערע שרײַבן זיך הײַנט. דאָס איז אַ געשיכטע פֿונעם ייִדישן לעבן. דאָס איז נישט קיין ליאַלקע צום שפּילן זיך, נאָר אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש מיט בלוט, מיט אַ נשמה, מיט מענטשלעכע געפֿילן און מיט אַ מענטשלעך פּנים. ווײַטער וועגן דעם קען איך אײַך נישט שרײַבן.

אַז אײַך איז אַזוי געפֿעלן דער „אַלטער קלײנער" פֿישקע דער קרומער (65), מיט וועלכן איך שעם מיך הײַנט, וואָס זשע וועט איר שוין זאָגן אויף דעם נײַעם גרויסן „פֿישקע", וואָס דרוקט זיך אַצינד. וואַרט נאָך אַ ביסל, וועל איך אים אײַך אַרײַנשיקן. דענסטמאָל וועלן מיר הערן און זען, ווי איר וועט טאַנצן „בואי בשלום".

איטלעכע שורה פֿון מײַן געשריבענעם „ווינטשפֿינגערל" וועט האַלטן צוויי געדרוקטע שורות. דעריבער איז מײַן חשבון צו אײַך

אַן אמתער און איך בעט אײַך, איר זאָלט אַזוי גוט זײַן, מיר באַלד אַרײַנשיקן דרײַ הונדערט קערבלעך. האַנדלט אַזוי פֿײַן ווי איר האָט אָנגעהויבן, וועט איר בײַ דעם זיידן זײַן אַ גרויסער חשובֿ, וואָרעם ר׳ מענדעלע האָט ליב האָבן צו טאָן נאָר מיט פֿײַנע, איי־דעלע מענטשן... שרײַבט מיר ווען הייבט איר אָן, אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה, צו דרוקן אײַער זשורנאַל, ווען, טראַכט איר, וועט ער פֿאַרטיק ווערן און ווען דענקט איר דרוקן דעם צווייטן טייל. שרײַבט מיר דאָס אַלצדינג, ווײַל איך באַדאַרף עס וויסן. — איך וואַרט אויף אײַער ענטפֿער און פֿאַרהאָף, אַז איך וועל מיט אײַך צופֿרידן זײַן.

ידידכם דורש שלומכם והצלחתכם

ש״י אבראַמאָוויץ

ש. אַנ—סקי

## לכבוד ר׳ מענדעלע *

גלייך ווי אַ צעדער פון באַרג, פון לבנון
שטייסטו, ר׳ מענדעלע, שטאָלץ אויף דיין אָרט
און האַלטסט אין דיין מעכטיקער האַנטביידע פאַנען
פון הייליקן, כשרן יִדישן וואָרט.

און דו ביסט פאַר יִדישע קינדער געוואָרן
דער סימבאָל פון אַלץ וואַס איז יִדישלעך שיין.
זאָל זי אונדז לייכטן נאָך יאָרן און יאָרן,
דיין זילבערנע יוגנט, דיין גייסטיקע קרוין!

* אָנגעשריבן צום 75יאָריקן יובילײ פון מענדעלע מוכר ספרים.

## פרץ הירשביין

# דער זיידע ר׳ מענדעלע *

— 1 —

...דער זיידע מענדעלע — ווי גלייך ער האָט צו דער עלטער געהאַלטן זיין פּלייצע, זיין קאָפּ!... אַ גלייכער גוף און אַ גלייכער גייסט. דעריבער האָט ער געקענט באַהייזן דעם ווונדער און פאַר אונדז געבן אַ געזונטן מוסטער פון ייִדיש, און דאָס אייגענע טאָן מיט העברעיִש. ער האָט פון ביידע שפּראַכן באַזייטיקט דאָס רעליגיעז־מיסטישע: אַנשטאָט דעם עס אָנגעפולט מיט דעם לעבעדיקן תוך און אָנגעקליידט מיט היינטיקן און מאָרגנדיקן מלבוש. ער איז געווען פאָלקסמענטש און אַריסטאָקראַט. אַ גלייביקער און אַן אַפּיקורס. פיינט געהאַט, וואָס האָט אים זיך אויסגעוויזן נעגאַטיוו, און ליב געהאַט דאָס, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם געזונטן, פאָלקסטימלעכן יאָדער.

פון די אַדעסער שרייבערס איז ביאַליק געווען דער וואָס האָט וועגן זיידן גערעדט מיט גרויס דרך־ארץ און אים באַטראַכט פאַר דעם ווונדער פון אונדזער דור.

— ווען ניט דער זיידע, וואָלטן מיר ניט פאַרמאָגט, ניט דעם היינטצייטיקן ייִדיש און ניט דעם מאָדערנעם העברעיִש!

אויב ביאַליק האָט אַזוי געפילט — איז ער געווים גערעכט געווען. וואָרעם איך קען מיר ניט פאָרשטעלן די פּראָזע פון די מאָדערנע העברייערס אָן דעם זיידנס מוסטערן. און ביאַליקס פּראָזע — ביאַליק אַליין האָט ביי יעדער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן, אַז דער זיידע מענדעלע האָט פאַר זיין פּראָזעסטיל דעם וועג אויסגעלייגט.

— 2 —

ווען איך בין פון ברעג ים געקומען אין שטאָט אַריין [1] זיך באַקענען מיטן זיידן, איז מיר שוין אין זינען געווען זוכן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער גאַלעריי אַנדערע וויכטיקע העברעיִשע שרייבערס. ביאַליק האָט מיר די געלעגנהייט געגעבן. דאָס ערשטע מאָל האָט מיך ביאַליק צונויפגעבראַכט מיט מענדעלען אין זייטיקע געסט. ווי אַ סטרונע אָנגעצויגן גלייך, האָט ער אונדז באַגעגנט. אין זיין גרויסן אַרבעטצימער, וואָס אין תלמוד־תורה־בנין,

* פון בוך אין גאַנג פון לעבן, זכרונות ב׳ 1, נ״י 1948, זז׳ 243־248.
[1] הירשביין רעדט וועגן אָדעס.

האָט ער אונדז אויפגענומען. די רעכטע ברוסט האָט ער אַרויסגעשטעלט פּאַ גענעראַלסקאָמו[2]. די זויבערע האָר אויפן קאָפּ — ווי אויסגעציילטע, דווקא ביי אים „איז די ליסינע געווען באַוואָקסן" מיט אַ סך האָר. אָבער יעדע האָר באַזונדער איז געווען אַ לייט פאַר זיך. אויגן קליינע און שווער־באַברילטע — איז פון דעסט וועגן שווער געווען זיך אויסבאַהאַלטן פון די שאַרפע בליקן. מיר האָט אויסגעוויזן, אַז נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט צו פאַרנעמען צוריק די שלום עליכם־האַנט, האָט ער מיך גוט אויסגעחוזקט. איך האָב צו אים אַפּירגעקוקט, ניט ווי אַ שרייבער, נאָר ווי אַ חסיד, וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען זיך באַקענען מיטן גרויסן רבין.

אָבער מיט אַ פּאָר אָוונטן שפּעטער זיינען מיר, אַ גאַנצע עדה שרייבערס, צו אים געקומען. זיין טיש, צען איילן לאַנג און פינף ברייט; דאָס צימער — מיט דעם האַלבן טוץ פענצטער; דאָס אַלץ האָט זיך גיכער געפּאַסט פאַר אַ קאַבינעט, וווּ עס נעמט זיך צונויף אַ מיניסטאָרן־ראָט. מענדעלע איז געזעסן ווי דער פּרעמיער פון אויבן אָן, און ביי די זייטן — ביאַליק, לעווינסקי, דראָ־יאַנאָוו, באַראָכאָוו און ראַווניצקי. עס האָט אויסגעוויזן, אַז דער זיידע איז דער קליגסטער. דעריבער האָט ער געהאַט דאָס וואָרט. זיין אַלטיטשקע האָט דער־לאַנגט טיי מיט אייער־קיכעלעך און מענדעלע האָט געטייטשט פּסוקים, און אַליין געהאַט הנאה. אַ שרייבער איז דער וואָס ציילט די אותיות און פאַרציילט זיך ניט. אַ חכם איז דער וואָס ציילט זיינע ווערטער, און ניצט ניט קיין איבע־ריק וואָרט. דאָס איז געווען מענדעלע.

„עלטערן גיבן נדן, אָבער גאָט האָט געגעבן די פּרוי" — זאָגט אַ שפּאַניש גלייכווערטל. זיצנדיק ביי מענדעלעס טיש, זיינען מיר ניט אָנגעגאַנגען די קלוגע רייד זיינע, וואָס האָבן געדאַרפט פאָרשטעלן דאָס פּנים פון דער עלטער. איך האָב אין זיגען געהאַט דעם נס, וואָס האָט אין יענער צייט זיך באַוויזן אין יִדישן לעבן, אין געשטאַלט פון אַ וועלטלעכער ליטעראַטור. די לעבעדיקע פאָלקס־אוצרות זיינען געווען פאַרהוילן פאַרן דור, ביז עס זיינען אָנגעקומען די קלאַסיקערס מיט זייער שטאַרקער אינטויציע און חוש פאַר שיינקייט — דאָרטן ווו עס האָט פון אויבן אויף אויסגעזען מיאוס און אָפּגעלאָזן. אויך מענדעלע איז אין יענער צייט שוין געווען פאַרביטערט און אומצופרידן. דאָס איז געווען דער סוד פון זיינע שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון זיינע יִנגערע באַזוכערס. די אידעיִשע צעריסנקייט פון יענער צייט, וואָס איז אַ שפּילכל אין פאַרגלייך מיט אונדזער היינטצייטיקן פּירוד־הלבבות — מענדעלע האָט עס גאַנץ שאַרף געשפּירט. מחמת ער אַליין איז געווען די גאַנצע נאַטור, וואָס

[2] (רוס') ווי אַ גענעראַל.

האָט האַרמאָניש אין זיך פאַרקערפּערט דעם גאַנצן יידישן גייסט.

אַן אַנדער מאָל, מיט גאַנצע זעקס יאָר שפּעטער, ווען אוסישקין האָט געהייסן אויסשליסן מענדעלען פון זייער העברעיִשן קרייז, מחמת ער שטיצט דעם זשאַרגאָן, ווען איך בין אויף אַ געוויסער צייט געקומען קיין אָדעס, האָב איך צופעליק מענדעלען באַגעגנט אין גאַס. ער האָט מיך ניט דערקענט. איך האָב אים פאַרשטעלט דעם וועג.

— וואָס מאַכט איר, זיידע?

— האָ, דוכט זיך, יע, האַ . . .

— אפשר געדענקט איר נאָך הירשביינען?

— האַ, שלום עליכם... געלייענט אייערע, געלייענט.

— וואָס מאַכט איר, זיידע?

— האַ, וואָס איך מאַך? וואָס קען מען מאַכן אין אַן אַרמיי פון גאָלע גענעראַלן?

ער האָט מיך אַראָפּגעפירט פון טראָטואַר, צו באַווייזן ווי גענעראַלן האַלטן זיך:

— גענעראַלן! — האָט ער זיך אויסגעגלייכט און אַרויסגעשטעלט די ברוסט — כאָטש אויף אַ בערגעלע מיסט זיך אַנידערגעשטעלט, אָבער אַ גענעראַל!

איצטער זע איך אים ניט אויף רישעליעווסקי־גאַס, ווו ער האָט זיך באַקלאָגט אויף אונדזערע גענעראַלן. איצטער בין איך אונטער דעם איינדרוק פון דער באַגעגעניש מיט אים אין זיין רחבותדיקן צימער, און ביי דער זייט — די הויפּט־פאַרשטייערס פון אָדעסער ליטעראַרישן קרייז. איך האָב פון מענדעלען די אויגן ניט אַראָפּגענומען. איך האָב געלאָזן, אַז אין שמועס זאָלן די נענטערע מקורבים זיך באַטייליקן. אָבער מיר איז דעמאָלט שטאַרק אומעטיק געווען. איך האָב מיט מיין חוש זיך דערקליבן צו מענדעלעס איינזאַמקייט. זיין וויצלען זיך, זיין טייטשן פּסוקים אויף זיין אייגענעם אופן — מיר האָט ער אויסגעזען ווי איינער וואָס וויל איבערשרייען אַ גייסטיקן ווייטיק.

מיר איז אַלע יאָרן ניט געווען ליב צו דערציילן פון דעם דאָזיקן איינדרוק, מחמת יעדער איינציקער, וואָס האָט מענדעלען געקענט, האָט דערציילט פון מענדעלעס סאַטירע און וויצן, און גלייכווערטלעך, וואָס זיינען ביי יענעם לאַנגן טיש דערציילט געוואָרן. ווער האָט ניט געלאַכט פון זיי? מענדעלע אַליין האָט געוויס אין האַרצן פון זיי ניט געלאַכט. כאָטש אַזוי פיל גרויסע שרייבערס האָט פאַרמאָגט אָדעס, וועלכע האָבן כסדר דערמאָנט דעם ווידן, האָבן זיי אַלע אין דער אייגענער צייט ליב געהאַט אַ חזן און, צוליב דעם געגאַנגען אין בראָדער שול. דער חזן מינקאָווסקי האָט געזונגען און געדאַוונט, און דער

באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר גנעסין... באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר גאָוואַקאָווסקי האָט דיריזשירט מיטן כאָר. געוויס האָט מענדעלע ניט געגעבן דעם גדן, נאָר געשאַפן אַ ליטעראַטור.

— 3 —

יענע אָדעס האָט אָבער פאַרט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ מיט דעם גרויסן דור שרייבערס, וואָס האָט דאָרט געלעבט. כאָטש ווי אויף אַ שיינעם אינדזל האָבן זיי אַלע געלעבט, איז עס אָבער די אָדעסער עפּאָכע געווען. דעמאָלט האָבן באמת געלעבט אין אַדעס אויסדערוויילטע געשטאַלטן.

אָט איז משה לייב ליליענבלום! האָט דען עמעצער אַזאַ תמימותדיק פּנים באַגעגנט? ליליענבלומס פולע, גרויבלויע אויגן — זיי האָבן אייך אין גאַנצן צו זיך אַריינגענומען. אַ זיכערער זיבעציקער האָט ער דעמאָלט געמוזט זיין, און וויפל פרידן איז אויף זיין געשטאַלט געווען אויסגעגאָסן! אַ באָרד האָט ער געהאַט — איז עס געווען פּלאי פּלאים. זיין גאַנץ לאַנגע באָרד איז געווען אין דער לענג צעטיילט: אייך העלפט גרויוויס און די אַנדערע — נאָך גאָר יונג. דוכט מיר — קופּער־קאָליר. טשיקאַווע, ווי די צוויי האַלבע בערד האָבן געצויגן די יניקה פון אייגענעם בלוט און לייב. און ער האָט עס אין דער יוגנט אָנגעשריבן זיין „חטאת נעורים״, וואָס האָט דעמאָלט אין די יונגע, משכּילישע מוחות אַזאַ פייער אָנגעצונדן. דער שווער האָט אים דערפאַר פון זיין ווייב אָפּגעגט. און דאָס בוך — שפּעטער האָט משה לייב ליליענבלום אַליין געוואָלט דאָס בוך אויסקויפן און אָפּראַמען פון דער וועלט. אָדעסער גייסט האָט אים איינגעוויגט און פרידן אַריינגעזעצט צו אים אין דירה. דוכט מיר, געלעבט האָט משה ליליענבלום פון דער אייגענער פּרנסה וואָס י. ל. פּרץ: האָט אויך געמאָסטן קרקע פאַר געשטאָרבענע...

און אָט איז לעווינסקי, מיט דעם שטענדיקן קינדישן שמייכל אויפן פּנים. דער דאָזיקער מענטש האָט ניט געקענט קיינעם ווייטאָן. איך געדענק, ווי ער איז מיט מיר געגאַנגען זייט ביי זייט אין גאַס און מיטן שטעקן, וואָס ער האָט געטראָגן, האָט ער געשטויסן פאָרויס אַ שטיינדעלע. ווי אַ קינד האָט ער זיך פאַרשפּילט. אַזוי פאַרנומען איז ער געווען מיטן שטיינדעלע. גאָר ניט צו גלייבן, אַז ביי דער זייט איז געגאַנגען דער גייסטרייכער פּעליעטאָניסט, וואָס אין איינעם מיט זיין הומאָר איז דער טיפער ערנסט מיטגעגאַנגען. צו דעם — ראַווניצקי, דער זיידענער באַראַכאָוו, דער העברעיִשער באַראַכאָוו, און אַחד־העם.

ביי אַלעמען איז וואַרעם געווען. נאַטירלעכע וואַרעמקייט. הומאָריסטישע וואַרעמקייט. אָבער אַחד־העם, אין זיינע ד׳ אמות איז נישט געווען וואַרעם. אַ פרעסטעלע האָט זיך אַרום אים געשפּירט. ווען אַלע גדולים האָבן זיך אַ מאָל

אין אַ פּרייטיק צו נאַכטס צונויפגענומען אַרום אַחר־העמען, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז מען האָט געגעגעצט אין די שיך אַריין, די רוסישע שפּראַך האָט געפּירט די שמועסן, די רוסישע שפּראַך האָט גערעדט פון ייִדישקייט. די רוסישע שפּראַך האָט גערעדט פון אייביקן ייִדישן גייסט, און פון כהנים, וואָס דאַרפן נאָך אויפקומען, אָנצוּווייזן דעם דרך הישר פאַר די בויערס אין ארץ־ישראל.

קומענדיק פון ים־ברעג אין שטאָט אַריין, אַז איך האָב געוואָלט אָנוואַרעמען מיין גייסט — בין איך נאָך אַלץ פאַרלאָפן צו ביאַליקן, מיט וועמען אַפילו ריידנדיק דברי חולין, וואָכעדיקע רייד, איז געווען גוט. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס זיצנדיק ביים ים האָט עס געצויגן אין שטאָט אַריין; און ווען שוין אין שטאָט — האָט עס צוריק געצויגן צום ים. צו אָפט האָט מען מיר דערמאָנט, אַז איך בין דער מענטש וואָס דאַרף בויען אין אָדעס אַ ייִדיש טעאַטער. אָפט האָבן עס מיר העברייערס געזאָגט אויף רוסיש. דעריבער האָט עס אומנאַטירלעך געקלונגען, כאָטש מען האָט מיר צוגעזאָגט שטיצע.

עס שאַדט ניט, וואָס דאָס האָט געטראָפן אַ ביסל שפּעטער אין זומער, ווען ביים ים האָבן זיך שוין צונויפגענומען די דאַטשניקעס און ווייבער: רוסיפיצירטע קאָלעקאָטקעס האָבן איבערגעשריִען די כוואַליעס פון ים. עס פּאַסט צו דערציילן, מחמת עס פּאַסט זיך גוט פאַר דער איצטיקער שעה:

אַש איז אָנגעקומען אין אַדעס. ביי ביאַליקן האָט מען זיך געטראָפן. נאָך דעם ווי מען האָט אַ ביסל פאַרבראַכט, אַ ביסל זיך אַרומגעקריגט, האָט אַש פאָרגעשלאָגן מ׳זאָל זיך אויפזעצן אויף אַ איזוואָשטשיק[3] — זיך דורכפאָרן דורך די אָדעסער גאַסן. ביאַליק, אַש און איך האָבן זיך איינגעמאָשטשעט אין דער דראָזשקע פאַר צוויי. מען האָט זיך אָן אַ ציל אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. שוין צוריקפאָרנדיק איז אונדז אַלעמען זייער טרויעריק געוואָרן אויפן האַרצן.

זוכט ביאַליק פּותר צו זיין דעם טרויעריקן חלום און זאָגט:

— עך, קינדער, יתומים זיינען מיר, יתומים! עס ווערט יעדער פּאָעט ביי אונדז געבוירן אַ יתום, אָן טאַטע־מאַמע.

אַש האָט אויסגעווישט אַ טרער.

עס איז אויף היינטיקע פּאָעטן געזאָגט געוואָרן, אויף די ייִדישע אַוודאי. ווער פון אונדז וואָלט דען ניט אַריינגעוואָרפן אַ רענדל אין ר׳ מאיר בעל נס־פּושקע, כדי צו זיצן ביי ר׳ מענדעלע מוכר ספרים?

[3] קאַרעטקע (הירשביין רופט אַן דעם קאָטש אויפן נאָמען פון דראָזשקע־פירער).

ל. פיינבערג

## מענדעלע מוכר ספרים *

דער טרויער הויערט איבער וועגן,
ווו שפעטער האַרבסט אַ ניגון ברומט.
מיט ספרימלעך אַ פאַקנטרעגער
אויף בידנער קליאַטשע שלעפט זיך אום.

און ווו ער קומט אַריין אין שטיבער,
איז ער אַן אָנגעלייגטער גאַסט:
דאָ פאַר אַ פרוי אַ בריוו געשריבן
און דאָ פאַרקויפט אַ גאַנצן ש״ס.

פאַרקויפט די סחורה, פאָרט ער ווייטער
מיט בידנער קליאַטשע אין געשפאַן.
עס בוקט ביים וועג צו אים זיך קרייטער
און ס׳שמייכלט קירבעס אויף באַשטאַן.

די גרינע יאָדלעס פאַלן כורעים,
די סאָסנעס צינדן ליכט פאַר אים,
ווען מיט זיין קליאַטשע לערנט תורה
דעם פאַקנטרעגערס זיסע שטים:

— „לייג־צו דעם קאָפּ, מיין תנא־ברא,
בה אָמר מענדעלע, הער־אויס:
אוי, לסוסתי ברכבי פרעה,
עס, פערד, אַ מעסטל אַלף־בית.

* פון בוך יודיש, נ״י 1950, זז׳ 16־17.

— עס זיצן ייִדן אויף ישובים
און לעכצן נאָך אַ ייִדיש בוך,
איז זיי זשע, פערד, גישט קיין מגובל
און גיב זיך גיכער דאָ אַ טשוך.

— איז שלעפּ זיך, קליאַטשע, גורל בידנער,
מיט מלך אביון אין געיעג:
פון גנילעפּיאַטעװקע ביז זלידנע
ציט אונדזער מלכותדיקער װעג.

— די װעלט איז שיין. אויף מאַמע־ייִדיש
דאַװאַי אַ שמועס טאָן מיט דער װעלט.
איז לאָמיר, קליאַטשע, מאַכן קידוש
אויף װיין פון סאָסנע און פון יעל״.

י. גאָלדבערג

## דער װעגראַמאַן און דער אינטימער סטיל *)

### װעגן „פישקע דעם קרומען"

אין זיין Einleitung zur Prachtausgabe des Don Quichote זאָגט היינע אַדויס דעם געדאַנק, אַז אַ רייזע־באַשרייבונג איז „פון אַלע מאָל די נאַטירלעכסטע פאָרעם" פאַר אַ ראָמאַן. די דאָזיקע װערטער זיינען געשריבן געװאָרן אין יאָר 1837, װען באַלזאַק האָט ערשט אָנגעהויבן זיין קאַריערע, דיקענס איז נאָך געװען באָז (זיין יוגנט־פּסעװדאָנים), טורגעניעװ איז אַלט געװען 18 יאָר, דאָסטאָיעװסקי נאָך ייִנגער און טאָלסטאָי אַ קינד, הקיצור, נאָך איידער עס זיינען אויפגעקומען די גרויסע ראָמאַניסטן־שולן פון 19טן יאָרהונדערט: די פראַנצייזישע, די ענגלישע, די רוסישע...

...אַ װעגראָמאַן איז ש. אַבראַמאָװיטשעס „פישקע דער קרומער". ער הייבט זיך אָן מיט דער באַגעגעניש אין װעג פון די צװיי מוכר ספרימס, מענדעלע און אַלטער. מע לייגט זיך אַװעק אָפּרוען אין װאַלד און מע דערציילט

* פון י. גאָלדבערג, שריפטן, ב׳ 1, מינסק 1929, זז׳ 45־60.

איינער דעם צווייטן מעשיות: אַלטער דערציילט וועגן זיינע צרהדיקע געשעפטן און אילוסטרירט עס מיט דער „נאָחעלע" וועגן די צוניפגעשדכנטע צוויי בחורים. מענדעלע ענטפערט אים מיט דער נאָחעלע וועגן דעם באַדהיטער פישקען. דערנאָך הייבן זיך אָן טיפּישע וועג־אַוואַנטורעס (ווי עס פּאַסט פאַרן זשאַנער וועגראָמאַן). מע גנבעט ביי די נוסעים די פערד; זיי גייען זוכן: מענדעלע כאַפּט קלעפּ, פאַרקריכט אויף אַן אכסניה; אַלטער ראַטעוועט אַ געבונדענעם נפש, וואָס דאָס איז גראָד דער פּישקע, וועגן וועלכן ער האָט אָקערשט אויסגעהערט אַ מעשה; ווייטער גנבעט זיך אַלטער אונטער צום טאַבאָר פון די האַלב שנאָרערס, האַלב באַנדיטן, גיט אַ וואָרף אַן אויג אויף זיין צעווילדעוועטן שטייגער (ווי דאָס איז אַלץ טיפּיש פאַרן וועגראָמאַן); עס קומט פאָר אַ געשלעג צווישן אַלטערן מיטן רויטן ממזר; אַלטער שלאָגט־אָפּ דעם מעסער, פאַרנעמט די געגנבעטע פערד. ווייטער פאָרט מען שוין זאַל־בעדריס. מענדעלע, אַלטער און פישקע. פּישקע דערציילט מיט הפסקות זיין לאַנגע „נאָוועלע" וועגן זיך און דער האָרבאַטער יתומה. די דאָזיקע נאָוועלע איז אַ מין וועגראָמאַן אין אַ וועגראָמאַן. אין 25סטן קאַפּיטל אַנטפּלעקט זיך אומדערוואַרט דער סוד פון ראָמאַן: אַז דאָס האָרבאַטע מיידל איז גאָר אַלטערס אַ טאָכטער, און איצטער ווערט ערשט קלאָר, אַז נישט אומזיסט האָט דער אויטאָר צונויפגעפירט מענדעלען מיט אַלטערן, דערנאָך זייביידן מיט פישקען, אַז די פאַרשיידענע באַגעגענישן, אַוואַנטורעס און „נאָוועלן" האָבן אַלע גע־פירט צו איין ציל, צו דער לייזונג וואָס איז ביים סוף פון ראָמאַן...

ווי באַקאַנט, האַלט די יידישע קריטיק בכלל, אַז „פישקע" איז אַזוי צו זאָגן, אַ ווערק אָן „דאָס וואָס מען רופט־אָן קאָמפּאָזיציע... אַ צונויפשטעלונג פון באַזונדערע מעשהלעך, שטיקלעך, עפּיזאָדן, באַטראַכטונגען" (פרישמאַן); „אין „פישקע" איז דאָס געבוי פון ווערק... ניט קיין ציל, נאָר אַן אויסרייד צו מאָלן, צו שניצן און צו קלעפּן פיגורן און כלערליי צאַצקעלעך" (ניגער). נאָך דער לעצטער מיינונג קומט־אויס, אַז „פישקע" איז גלאַט עפּעס אַ מין ליטעראַרישער אַלמאַנאַך: אַזאַ מיינונג האָט זיך געקענט אויסבילדן ביי די קריטיקערס דעריבער, ווייל זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דעם „פישקע" מיט דעם מאָסשטאַב פון אַן אויסגעצירקלטן טורגעניעווישן ראָמאַן אָדער זיינס גלייכן, וואָס געהערט צו אַן אַנדער תקופה און אָרט איידער די וועגראָמאַנען.

... עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע: פאַר וואָס האָט ש. אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט באַשאַפן דעם „פישקען" אַזאַ, ווי מיר קענען אים איצטער, ערשט אין יאָר 1888 אָנגענומען פאַר זיין ווערק די פאָרעם פון אַ וועגראָמאַן, וואָס אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י"ה, אין דער צייט וואָס אין אַלגעמיין אייראָפּעיִשן מאָסשטאַב האָט די עפּאָכע פון ראַציאָנאַליזם צוזאַמען מיטן פראַ־

טאָטיפּ פון אונדזער השכלה, מיט דער דייטשער „אויפקלערונג" (ניקאָליי, בע־זעדאָוו א"אַ), פאַרענדיקט זיך מיט הונדערט יאָר פריִער, אין דעם לעצטן פערטל פון 18טן יאָרהונדערט?

אונדזער ייִדישער 18טער יאָרהונדערט, צוזאַמען מיט זיין טיפישן גע־דאַנקענגאַנג און כאַראַקטעריסטישע קונסטפאָרמען, האָט זיך דאָך געצויגן כמעט ביזן סוף פון 19טן י"ה. די אורזאַך פון דער דאָזיקער פאַראַדאַקסאַלער דערשיינונג ליגט, די אונטערשטע שורה, אין דער אַלגעמיינער אָפּגעשטאַ־נענקייט פון ייִדישן לעבן.

עס איז פאַראַן אַ געוויסער גרונט דערין, וואָס אין די פאָריקע יאָרהונ־דערטער (ביזן 19טן) איז דער וועגראַמאַן געווען די באַליבטסטע ראָמאַן־פאָרעם ביי די שרייבערס און לייענערס. אייראָפּע איז נאָך אַפילו אין 18טן י"ה געווען פריציש־פויעריש אין דאָרף, און דאָס רוב קליינבירגערלעך אין שטאָט. אין יאָר 1800 האָט גאַנץ אייראָפּע קוים פאַרמאָגט אַ צענדליגג שטעט מיט אַ באַ־פעלקערונג מער ווי 100 טויזנט יעדערער (ענגלאַנד, פראַנקרייך און די טערי־טאָריע פון הייִנטיקן דייטשלאַנד צו איינער). די איבעריקע שטעט זיינען געווען קליין, טיף פּראָווינציעל, מיט אַ קליינלעכן, פאַרשלעפּערטן, פאַרנודיעטן לעבן. עס האָט נאָך נישט עקסיסטירט, ניט די הייִנטיקע אינדוסטריע (אויסער די ערשטע אָנפאַנגען אין ענגלאַנד), ניט דער הייִנטיקער טראַנספּאָרט און די אינפאָרמאַציע־סיסטעם. ביי אַזאַ לאַגע האָט גאָר דער וועגראָמאַן געקענט געבן די מעגלעכקייט פאַר ברייטע לעבנבילדער... די איבעריקע פאַבולן פלעגן זיך אַרויסווייזן ענג און אָרעם, און שולדיק איז אין דעם געווען ניט אַזוי די אָרעמקייט פון דער דיכטערישער פאַנטאַזיע (ווי עס מיינט הייִנע אין דעם פריִער ציטירטן שטעל), נאָר די אָרעמקייט פון דעמאָלטיקן לעבנשטייגער.

ביי אונדז, ייִדן, איז דאָס לעבן נאָך ביז טיף, טיף אין 19טן י"ה געווען בכלל קליינשטאָטיק (גלופּסק) און קליינשטעטלדיק (טונעיאַדעווקע)... אָט פאַר וואָס אונדזערע שרייבערס האָבן אַזוי געצויגן צום וועגראָמאַן.

## דער אינטימער סטיל

דער 18טער יאָרהונדערט איז ניט נאָר די קלאַסישע צייט פון וועגראָ־מאַן, נאָר אויך פון אינטימען סטיל אין ראָמאַן. די דערציילונג גייט אָפּט אין דער ערשטער פּערזאָן, למשל, אין „זשיל בלאַס", „ראָבינזאָן קרוזאָ", דעם „וויקאָר פון וועקפילד" א"אַ: דאָס זיינען אַלץ איך־ראָמאַנען. די געוויסע סוביעקטיוויטעט פון טאָן ווערט דאָ דערקלערט מיט דעם, וואָס אַ פּערזאָן דערציילט נאָך דאָ אַ געשיכטע וועגן זיך אַליין און באַפאַרבט אַלץ, וואָס עס

אין געשען, מיט זיין אייגענעם געפיל. אָבער נאָך מער מאַכן דעם טאָן אינטים די זייער אָפטע לירישע און רעזאָניאַרישע אינטערמעצאָס, וואָס איבער הויפּט די ענגלישע ראָמאַנען־ליטעראַטור פון יענער צייט גיט ווונדערלעכע מוסטערן פון אַזעלכע אינטערמעצאָס (למשל אין פילדינגס „טאָם זשאָנס", אין סטערנס „טריסטראם שענדי"). דער טאָן פון די אינטערמעצאָס איז פונקט ווי דער אויטאָר זאָל זיצן מיטן לייענער ביי אַ גלאָז פּונש אָדער נעבן קאַמין און דורכריידן זיך, ברייט און ניט געאיילט, וועגן די העלדן פון ראָמאַן, וועגן זייערע מעשים, וועגן זיך, דעם אויטאָר, וועגן דעם פריינדלעזער, בכלל וועגן דער אַרומיקער וועלט. עס איז אַ שמועס פול מיט געפיל און שכל, ערנסט און וויץ, איראָניע, הומאָר, זעלטן סאַטירע, אָפטער פּאַראָדיע. דאָס אַלץ צוגעפּעפּערט און צוגעווירצט מיט ציטאַטן פון דער קלאַסישער און אויך פון דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור, צייטנווייז אַפילו מיט געלערזאַמקייט, אָבער לייכטער, באַפליגלט מיט וויץ און פאַנטאַזיע, הקיצור, עס איז דאָס, וואָס עס ווערט באַצייכנט מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל־געוואָרענעם פראַנצייזישן וואָרט „קאָזערי", causerie, ווייל די פראַנצייזישע ליטעראַטור האָט שוין אין 16טן י"ה געגעבן קלאַסישע ביישפּילן פון דעם זשאַנער (מאָנטען).

די צווייטע קלאַסישע רוסישע ראָמאַנען פון דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה, „יעווגעני אָניעגין" און „מיאָרטוויִע דושי", פאַרמאָגן נאָך דעם אינטימען סטיל. אין „יעווגעני אָניעגין" לאָזט קיין מאָל ניט פּושקין דעם לייענער פּנים אל פּנים מיטן אַרויסגעפירטן העלד אָדער עפּיזאָד, נאָר מישט זיך שטענדיק אַריין מיט זיין אָפּשאַצנדיקער מיינונג, למשל, וועגן טאַטיאַנאַס בריוו... וועגן לענסקיס שירים... אָפט ווערט די דערציילונג איבערגעהאַקט דורך אינטערמעצאָס, לירישע און וויציק „קאָזירנדיקע" (פון דעם וואָרט causerie).

...אויך אין „טויטע נשמות" טרעט שטענדיק דער אויטאָר אַרויס מיט זיין אָפּשאַצונג פון די העלדן און דערפון, וואָס איז געשען, ווייטער מיט לירישע און דידאַקטיש־קאָזירנדיקע אינטערמעצאָס, למשל וועגן „באַגיין זיך מיט מענטשן" (אין 3טן קאַפּיטל: „אָ, מיין יוגנט, אָ, מיין פרישקייט"! אין 6טן קאַפּיטל ביי גאַגאָלן גייט איבער די קאָזעריע וואָס ווייטער אין ראָמאַן אַלץ מער אין פּאַטאָס, דערגייענדיק ביז דער העכסטער מדרגה אין דעם באַרימטן שלוס פון 1טן טייל).

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י"ה פאַרשווינדט בהדרגה דער אינטימער ראָמאַנסטיל. לענגער ווי אומעטום האַלט ער זיך אין דער ענגלישער ליטעראַטור, למשל, ביי דיקענסן. אין טאָלסטאָיס „קריג און שלום" זיינען פאַראַן פיל אינטערמעצאָס, אָבער זיי טראָגן שוין דעם כאַראַקטער ניט פון

לײַכטער קאַזעריע, נאָר פון ערנסטע היסטאָריש־פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען. עס איז גאָר אַן אַנדער זשאַנער.

דער אינטימער ראָמאַנסטיל איז דורך פאַרשײדענע קאַנאַלן (דורך דער דײַטשישער און דורך דער רוסישער ליטעראַטור) געװיס דערגאַנגען צו אונ־דזערע משכּילים־שרײַבערס און — װי װײל צוגעפּאַסט איז ער געװען צו זײער גאַנצער טבע פון ייִדן חקרנים, פּקחים, װאָס האָבן ליב געהאַט אַרומצוטראָגן זיך מיט אַ װערטל!

אויך אין פישקע איז דער סטיל אַן אינטימער, יענער סטיל װאָס גײט אַזױ צו אַ װעגראָמאַן, צו אַן איך־ראָמאַן, און נאָך װאָס פאַר אַן איך־ראָמאַן.... איך־דערצײלונגען אײנע אין דער אַנדערער. צװײ דריטל פון װערק פאַרנעמען דאָך די „נאָװעלן", װאָס די העלדן דערצײלן אײנער דעם צװײטן.

אויב מיר, הײַנטיקע לײענערס, זאָלן אָפּװאַרפן די פאַרעלטערטע ביטול־טענדענץ, דעמאָלט האָבן מיר אין דעם ראָמאַן פישקע דער קרומער אַ קערנדיק, פּילדײטיק און שטאַרק בילד פון יענעם שיכט פון אונדזער מאַסע, װאָס איז טײלװײז „די דעק" פון דער געזעלשאַפט, טײלװײז נאָענט צו דער דעק. עס איז אַ בילד, אין װעלכן עס זעען זיך ניט בלויז װונדן, נאָר אויך עלעמענטן פון קראַפט, פיזישער און מאָראַלישער.

... פישקע דער קרומער איז אַ װוּנדערלעך בוך.

שניאור וואַסערמאַן

## ר׳ מענדעלע

אונדזער זיידן מענדעלע
האָבן אַלע גוט געקענט:
מיט זיין בידנער קליאַטשע, נעבעך,
פלעגט ער אויספאָרן די וועלט.

ווי אַ שטאָט, אַ שטעטעלע,
איז דער זיידע דאָרט געווען;
זיינע קלוגע זיידע־אויגן
האָבן יעדע זאַך געזען.

און געזען אַזוי פיל רשעות
האָט דער זיידע אויף דער ערד!
און דערפאַר געשאַרפט זיין פעדער,
ווי אַ קריגער שאַרפט זיין שווערד.

באַטש געווען איז אונדזער זיידע
איינגעליבט אין גאָר דער וועלט:
אין דעם תפילה־שעפטש פון וועלדל,
אין דעם גרעזעלע אין פעלד;

אין דעם סאָלאָוויים חזנות,
וואָס צעגייט אין יעדן גליד —
אָבער אויף קאַבצאַנסקער מיסטן
האָט גאָר קראָפּעווע געבליט.

גאָר תקיפים און בעל־טאַקסעס,
שלעכטע פּאַסטעכער און שאָף. —
און דערפאַר געמאַכט זיין פעדער
פאַר אַ שאַרפע שווערד פון שטראָף.

***

איצטער, ווען דער ליבער זיידע
האָט זיך שוין פאַרקליבן ווייט —
שרייבן זיינע אייניקלעך
מעשיות פון אַ נייער צייט...

י. צינבערג

# אַבראַמאָוויטש—מענדעלע *

... ער איז אַוועק פון אונדז אונטער די דונערן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען צוזאַמען מיטן חורבן פונעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד איז אויך חרוב געוואָרן די אַלטע יִדישע וועלט מיט איר אַלטפרענקישן לעבנשטייגער, וואָס אים האָט אַזוי קונציק געשילדערט אין זיינע מייסטערווערק דער קינסטלער מענדעלע.

דאָס איז ממש ווי אַ סימבאָל, אַ טיפער רמז — זאָל פאַר אַלעמען קלאָר זיין, אַז מענדעלע שליסט מיט זיך אָפּ אַ גאַנצע תקופה, מיט אַלע אירע מעלות און עליות און אויך — חסרונות און סתירות. די לעצטע ווערטער מעג מען גאַנץ רויִק אונטערשטרייכן, וואָרעם מענדעלע געהערט שוין צו דער געשיכטע, ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אָביעקטיווער אָפּשאַצונג — ער איז גלענצנדיק בייגעשטאַנען דעם שטרענגסטן פּרוּושטיין, דעם אומבּרחמנותדיקסטן ריכטער — די צייט...

... מענדעלע דערציילט אונדז וועגן „צוויי מענדעלעך", וואָס פלעגן מאַכן ויתרוצצו — פלעגן זיך בוצקען איינער מיטן אַנדערן. פּאַקטיש האָבן זיך אין דעם „ויתרוצצו" באַטייליקט נישט צוויי מענדעלעך — דאָס האָט דער קינסטלער מענדעלע געפירט אַ קאַמף מיטן משכיל און חריף שלום יעקב אַבראַמאָוויטש. און דורות לאַנג האָט זיך געפירט דער דאָזיקער קאַמף, ביז מענדעלע דער קינסטלער האָט סוף כל סוף גובר געווען דעם משכיל אַבראַמאָוויטש . . .

... די דעמאָלטיקע השכלה־ליטעראַטור האָט געוווּסט פון איינאיינציקער אויפגאַבע: שטראָפן, מוסר זאָגן. דאָס אָרומיקע לעבן איז דאָך אַזוי פינצטער־אייבערגלייביק, פאַנאַטיש, אַן אמהער תוהו ובוהו — דאַרף מען עס מיט אַלע כּוחות באַקעמפן, דערווייזן און אויפקלערן, אַז דער לעבנשטייגער מוז געענדערט ווערן. אַקסענפעלד — קעמפט און זאָגט מוסר, לינעצקי — ווייסט

---

* פון בוך קולטור־היסטאָרישע שטודיעס, נ"י 1949, זז' 344—357.

נאָר פון איין פּאַרב — סאַזשע און זיין פּענדזעל איז דער קוואַסט. עפּעס אין אַ קליין פּויליש שטעטעלע וווינט יאָ איינער, וואָס פּילט אומבאַוווּסט, אינטויִטיוו, אַז טענדענץ־ליטעראַטור איז נאָך ווייט פון אמתער קונסט — ד״ר עטינגער איז זיין נאָמען — איז ער אָבער אַ נחבא אל הכלים, און קיינער ווייסט נישט פון אים. און ווען עס האָבן זיך יאָ באַוויזן אויף דער ייִדישער גאַס אַ פּאָר דיכטערישע נשמות, אַ מאַפּו, אַ מיכה יוסף לעבענזאָן, האָבן זיי געמוזט אין דער טרוקענער השכלה־אַטמאָספער, ראָמאַנטיקערס חערן, אַנטלויפן וואָס ווייטער פון דער „פּינצטער־פאַנאַטישער״ סביבה, זיך אַריי־בערטראָגן אין דער אַלטער ביבלוועלט, באַזינגען אירע העלדן און שילדערן אין ווונדערלעכע פראַכטפאַרבן איר גלאַנץ און שיינקייט...

מענדעלע איז אָבער דער פולער קעגנזאַץ פון ראָמאַנטיזם. מענדעלע גייט צאַרט ביי דער ערד. ער קען שילדערן בלויז דאָס, וואָס ער זעט בחוש, טאַפּט־אָן מיט דער האַנט. אַפילו שוין קינדווייז האָט אים געפעלט פאַנטאַזיע און זיין „יש בכאָן״ איז געווען בלויז די רעאַלע וועלט, דער שטייגער אַרום.

...און אַבראַמאָוויטש דער פּובליציסט, דער קעמפער און שטראָף־פּרייִדי־קער, ענג צונויפגעפלאָכטן מיט מענדעלע דעם קינסטלער, פלייסט זיך צו דער־ווייזן אין זיינע ערשטע ייִדישע ווערק ווי נישט דער גלויבן אין רביים, גייערט די קנעכטישקייט און סאָציאַלע אומגערעכטיקייט איז די שרעקלעכע צרעת, וואָס צעפרעסט און פאַרחושכט דאָס ייִדישע לעבן. „איך קען נישט צוזען — שרייט־אויס אַבראַמאָוויטש־מענדעלע — ווי מענטשן פאַרלירן זייער שכל, זייער הארץ, זייער ווילן און זייער מענטשלעכע בחירה; איך קען נישט צוזען, ווי מען לעקט זיך אונטער, בייגט זיך עפּעס פאַר אַ ליאַדע גבירל, ווי מען סלוי־זשעט, גייט אויף די שפּיץ פינגער פאַר אַן אויפגעקומענעם משרת וכדומה אַזוינע מיני פאַרשוינען. איך קען נישט צוזען, ווי מען פאַרקויפט דעם אמת, דעם יושר, דעם נוצן און דעם אינטערעס פון דער שטאָט פאַר אַ גלעזל בראַנפן, פאַר אַ קניש״...

און אַבראַמאָוויטש־מענדעלע, ביידע צוזאַמען, האַלב פּובליציסטיש, האַלב קינסטלעריש, ווייזן־אָן ווי אַזוי אין דער אומגעזונטער, עקאָנאָמיש אומנאָר־מאַלער אַטמאָספער מוזן זיך מערן און פּרוכפּערן, ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן, כל מיני עקדעשן, אַנשיקענישן, אַלערליי פּיאַווקעס, וואָס זייגן־אויס אָרעם בלוט, אָט די גאַנצע גרויסע „באַנדע שטאָט באַלעבאַטים״, די רייכע גאַלעריע פון אַלע סאָרטן תקיפים, ספּאָדיקעס, פּיאַווקעס, יענקוצן, כל המיני בעלי־טובהניקעס, כאַדאַטאַיעס, דעפּוטאַטן, בעלי־טאַקסעס, סבאָרשטשיקעס, כאַפּערס, היינט ווייטער גלאַט שיינע ייִדן, מיטן פולן מויל ייִדן, ברענענדיקע ייִדן, צע־

בראָכענע יידן, גאָלדענע אָדערן־יידן, גלאָט יידן, אַזוי זיך יודן און אויך מיר יידן . . .

... „מסעות בנימין השלישי" און „פישקע דער קרומער" האָבן דורכגע־טראָטן דעם וועג נישט נאָר פאַר מענדעלעס „אייניקל" שלום עליכם מיט זיין טביהן און מנחם מענדלען, נייערט אויך פאַר פרצעס „פאָלקסטימלעכע גע־שיכטן" און פאַר שלום אַש מיט זיין „שטעטל". נאָכן צעשטערנדיקן סאַר־קאַזם פון בנימינס וועלט באַרימטע אָנדענקונגען און סענדערלס מאַרש האָט פרץ באַקומען פרייע לופט, זיינע שטומע נפשות צו באַזינגען, צו שאַפן זיינע העלדן אַן ווערטער — אַברהמל באַס און סאַטיע דער פישער, און אַש האָט די פאַסנדיקע שטימונג באַקומען פון דעם לעבנשטייגער פון זיין אַלטפרענקיש שטעטעלע אַן אידיליע צו שאַפן.

מענדעלע האָט אָבער דערצו נאָך געהאַט די גרויסע זכיה פון אַריכת ימים און געהאַט די מעגלעכקייט אַליין מיט זיינע אייגענע אויגן צו זען, ווי פון זיין „עדה פון מילבן" איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער קיבוץ מיט קאָמפּלי־צירטע אינטערעסן, און אַנשטאָט די הכנעהדיקע גרימאַסע דערזען דעם עקשנות־דיקן קאַמף און דעם שטאָלצן רוקן... דער ביטול, דער שפּאָט צום קאַב־צאַנסקער לעבנשטייגער ווערט אַפּגעשטאַרבן. מענדעלע האָט דערזען — עס איז שוין דאָס אַמאָל געוועזענע, דאָס היסטאָריש פאַרגאַנגענע: מען דאַרף עס שוין נים אָפּלאַכן, נאָה מאָלן, אָן כעס, אָן צאַרן, מיט אַ רויקן, געלאַסענעם געמיט און מיט אַ זיכערער האַנט, און דער „זיידע" מענדעלע שאַפט זיין „בימים ההם", זיין „שלמה ר' חיימס"...

יודל מאַרק

# דער ערשטער יאָרהונדערט פון דער יידישער ליטעראַטור *

אין קול מבשר, נ׳ 45, דעם 24 נאָוועמבער (12 נאָוועמבער לויטן אַלטן חשבון) פון 1864, האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן דאָס קליינע מענטשעלע. די דערציילונג איז געגאַנגען אין המשכים. אונטער יעדן טייל איז געווען „פאָרט־זעצונג פאָלגט". די דערציילונג האָט זיך פאַרענדיקט אין דעם נ׳ 6 פון יאָר 1865, ווען עס האָט געטראָפן, אַז אין איין נומער איז ניט געווען קיין המשך, האָט די רעדאַקציע באַקומען בריוו מיט טענות:

— סטייטש! ווו איז אַהינגעקומען דאָס קליינע מענטשעלע?

ס׳איז אויך פריִער געווען אַ טענה:

— פאַר וואָס דרוקט מען אַזאַ אינטערעסאַנטע דערציילונג אין „טיילעכ־לעך"? פאַר וואָס גיט מען נישט אָפּ אַ גאַנצן נומער פאַרן קליינעם מענטשעלע? אַגב, האָבן די בריוושרייבערס אין דער רעדאַקציע נישט געוווּסט ווי אַנצורופן אָט דאָס ווערק. דאָס וואָרט „מעשה" האָט זיך עפּעס ניט געפּאַסט. אַ מעשה איז וועגן צדיקים אָדער להבדיל וועגן כישופמאַכערס, וועגן ניסים אָדער סתם כלערליי וווּנדערים. אָבער דאָ האָבן זיי געלייענט וועגן אַ היימיש שטעטל און וועגן אַ תקיף, אויך אַ היימישן, ניט קיין שתדלן ביי אַ קייסער צי ביי אַ סולטאַן. זיי וואָלטן געשוואָרן, אַז אויב דאָס אייגענע איז ניט אַקוראַט ווי אין זייער שטעטל, איז עס פּונקט ווי אין דעם דערביייִקן, דעם שכנותדיקן. הכלל, קיין מעשה איז עס ניט. האָט מען געהאַט זיך אויסגעלערנט אַ ניי וואָרט: „אַרטיקל", טאַקע פון קול מבשר גופא. האָט מען בכן געשריבן, אַז די „אַר־טיקלען" געפעלן זייער שטאַרק. און ווען זיי האָבן זיך פאַרענדיקט, האָט מען פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אָפּדרוקן אין אַ ביכל. אין נ׳ 11 פון יאָר 1865 איז געווען אַן אַנאָנס: „אַזוי ווי דער עולם איז זייער געפעלן די מעשה און פילע האָבן געווינטשט זיי זאָלן עס האָבן אין אַ באַזונדער ביכל, ניט צעטיילט אויף

* פון די צוקונפט, נ"י, יאַנואַר 1964, זז׳ 30—32.

שטיקלעך אין קול מבשר, האָבן מיר אַ ביסל אָפּגעדרוקט באַזונדערע ביכלעך. אַ ביכל קאָסט 30 קאָפּיקעס. צו קריגן אין דער רעדאַקציע און ביי ד"ר גאָלדנ־בלום".

דער איצטיקער טעקסט פון דאָס קליינע מענטשעלע האַלט 152 זייטן. דאָס דערמאָנטע ביכל איז געווען ווייניקער ווי אַ העלפט. מיר קענען דאָס ווערק אין דער פאָרעם, וואָס דער מחבר האָט צוגעגעבן ערשט 15 יאָר שפּע־טער און איז אַרויס אין 1879, אין ווילנע. דאָך איז דאָס אָנהייבן דרוקן דאָס קליינע מענטשעלע דאָס גרויסע געשעעניש אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור. אויף דער עלטער, ביים שרייבן זכרונות, האָט דער מחבר עס אָנגערופן דער אבן־הפינה, דער ווינקלשטיין פון זיין אייגן שאַפן. עס איז אויך דער ווינקלשטיין פון דער ניי־ייִדישער ליטעראַטור.

מיטן קליינעם מענטשעלע איז געקומען צום ייִדישן עולם די געשטאַלט מענדעלע מוכר ספרים. פריִער איז עס געווען אַ יונגער משכיל, וואָס האָט זיך גערופן שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש (זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז ברוידאָ) און וואָס האָט שוין געהאַט אַ נישקשהדיקן נאָמען ווי אַ העברעיִשער שרייבער. ער איז געווען אַלט אַן ערך דרייסיק יאָר, האָט געלעבט אין באַר־דיטשעוו, האָט זיך אויך פאַרנומען מיט פּראַקטישער כלל־טועריי און מיטן גרינדן אַ גמילת־חסדים־קאַסע פאַר נויטבאַדאַרפטיקע — און האָט דורכגע־מאַכט אַ ווייטערדיקן און טיפן חשבון־הנפש, וואָס האָט אים געשטויסן זיך צו נעמען שרייבן אויף ייִדיש, דער בת לא־רוחמה פון דער אומה. אַרויסקומען מיטן נאָמען אַבראַמאָוויטש? ס'איז צו אָפיציעל. ס'איז עפּעס ניט אין דער סראַ־דיציע אָט פון די אַלע מעשה־ביכלעך אויף פּראָסט־פּשוט ייִדיש. און אפשר, אפשר האָט געשטעקט אין דעם אויך אַ ביסל שעמען זיך. מען דאַרף אָנטאָן אַ מאַסקע פון אַ פאָלקסטימלעכער געשטאַלט... דערמאָנט זיך דער יונגער שריי־בער: אין זיין שטעטל קאַפּוליע פלעגט פאַרבלאָנדזשען מיט זיין פערד־און־וואָגן אַ מוכר־ספרימניק, אַ ייִדל מיטן נאָמען סענדערל. האָט ער זיך אונטער־געשריבן: סענדערל מוכר־ספרים. ווען אַלעקסאַנדער צעדערבוים, מיטן פּסעוו־דאָנים ארז, דער רעדאַקטאָר פון קול מבשר, האָט אַריינבאַקומען דאָס ווערקל און באַשלאָסן עס צו דרוקן — האָט ער אויסגעשטראָכן דאָס וואָרט סענדערל און אויפגעשריבן מענדעלע, זאָל מען ניט מיינען אַז דאָס איז זיינס.

ס'איז ביי קיינעם קיין ספק ניטאָ אַז מיט מענדעלע מוכר־ספרים הייבט זיך אָן אונדזער נייע ייִדישע ליטעראַטור.

...טאַקע אַ נייע ליטעראַטור, אָבער אַ המשך פון דורותדיקער שעפע־רישקייט מיט דער אַלטער שלשלת הזהב, ווו די לעצטע הונדערט יאָר ליטעראַ־טור איז אַ גאָלדענער רינג.

דער המשך מיט פריִער שטעקט שוין דיין ביאָגראַפיש אין דעם, וואָס אין די ערשטע 50 יאָר זיינען ס׳רוב אונדזערע שרייבערס געווען שפּעריש הן אויף ייִדיש הן אויף לשון־קודש. אַפילו ווען שפּעטער האָבן די ביידע צווייגן, ניט בלויז צונויפגעפלאָכטענע, נאָר ממש צונויפגעוואַקסענע, זיך אַ ביסל פונאַנדערגעשיידט, איז דאָך דער שטאַם דער זעלביקער, די וואָרצלען אַוודאי די זעלביקע און די נערונג פון דער זעלביקער פאָלקס־גאוונות. די אַלע, וואָס האָבן גערעדט וועגן דער צוויישפּראַכיקייט פון דער ליטעראַטור, זיינען היסטאָריש גענומען געווען גערעכט. פאָרשן די צווישנאַנאַנדיקייט פון די ביידע צווייגן — דער ייִדישער און דער לשון־קודשער — איז אַ פאַרכאַפּנדיקע, אַ התרוממות־הנפשדיקע עובדא.

פרוּוון דערגיין די אייגנאַרטיקייטן פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור הייסט אויך געפינען אַ וועג צום אינעווייניקסטן מהות פון די לעצטע דריי דורות. פרוּוון פאָרמולירן די באַזונדערקייטן פון דער נייער ליטעראַטור איז אַן אויפגאַבע ניט בלויז אַ ליטעראַטור־היסטאָרישע אָדער אָנשרייבן אַ קאַפּיטל פאַר דער פאַרגלייכיקער ליטעראַטור, — ס׳איז אַ סך מער. ס׳איז אַן עקספּע־דיציע אין פאָלקישער פּסיכאָלאָגיע. דאַרף מען צוגיין צו דעם מיט שטילן ציטער. מיט וואָס איז זי אַנדערש, אונדזער נייע ליטעראַטור? במה פוחה גדול?

עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם דער גוואַלדיקער אימפּעט אין איר אַנטוויקלונג. אַ ליטעראַטור פון אַ טייל פון אַ קליין פאָלק האָט געשפּרייזט מיט זיבנמייליקע טריט. די וואָס מיר רופן אַן קלאַסיקערס האָבן געהערט סך־הכל צום דור פון אונדזערע זיידעס. נאָך איידער זיי זיינען נתבקש געוואָרן, זיינען שוין געווען געבוירן אונדזערע איצטיקע גרויסע שרייבערס. די סטאַדיעס אין דער קורצער הונדערט־יאָריקער געשיכטע האָבן זיך געביטן מיט קינאָמאַטאָגראַפּי־שער גיכקייט. שלום עליכם, וואָס איז געווען נאָר מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר ייִנגער, האָט אָנגערופן מענדעלען זיידע. יהואָש, און ניט נאָר ער, האָבן געקענט דורכלעבן און דורכשאַפן גאַנץ פאַרשיידענע תקופות. ביידע רוגזה־דיקע און ברוגזע, מאָריס ראָזנפעלד און משה־לייב האַלפּערן, האָבן זיך גע־קענט באַגעגענען, הגם עס שיידט זיי אָפּ אַ ים פּאָעטישע אַנדערשקייטן, וואָס כאַראַקטעריזירן תקופות. סענטימענטאַליזם און ראָמאַנטיזם, אַלערלייִקע נוסחי־אות פון רעאַליזם, זיינען דעריאָגט געוואָרן פון נייע און נייערע איזמען ממש אין איין צייטגעפלעכט. עס האָט ניט באַוויזן פאַרקלינגען דערווידערקול פון פאָלקסליד, ווי עס האָבן זיך שוין אַריינגעיחסנט די אָנגראַמיקע, מיט רמז און סוד איבערגעלאָדענע היפּער מאָדערנע שורות. ווי אין אַ כישוף־מעשהלע איז גיך אויסגעוואַקסן אַ פּילקאַלירעקער, כל־המיני בלומענדיקער גאָרטן. ניין, אַ סך מער: אַ פרדס — מיט פשט און רמז, מיט דרוש און מיט סוד.

און דער חידוש איז, וואָס דער מאַכטיקער פונדאַמענט פון דער נייער ליטעראַטור איז געקומען אויף אַזאַ שוואַכינקן פונדאַמענט ווי עס איז געווען די וועלטלעכע ייִדישע ליטעראַטור ביז 1864. זינט מיר האָבן אָנגעהויבן שרייבן פאַר זיך אַ יחוס־בריוו, האָבן מיר — דעם אמת געזאָגט — אַ היפּש ביסל אויפגעבלאָזן יעדן נאָמען און יעדער ווערק פון די פריִערדיקע תקופות. אָבער ווען מען וואָלט געקאָנט איינפאַלן אין מיטן 19טן י״ה צו פאַרגלייכן די ליטעראַטור אויף ייִדיש מיט עפּעס אַ לייטישער ליטעראַטור אויף אַן אַנדער לשון? אָבער אין מיטן 20סטן י״ה — נאָך שלום עליכמען און נאָך פּרצן, נאָך שלום אַשן, נאָך בערגעלסאָנען און נאָך אָפּאַטאָשון, נאָך מאַני לייבן און נאָך ה. לייוויקן, און נאָך און נאָך אַ סך אַנדערע — איז ניט נייטיק קיין ברעקל גאווה אַריינצוטרייען אונדזער ליטעראַטור צווישן אַ צאָל אויבנאָניקע יחסנים.

אין איין פּרט האָבן מיר אַפילו איבערגעכאַפּט די מאָס. געווען באַגייסטערטע, וואָס האָבן געלעבט מיט אַ דמיון, אַז די בלעטער פון די ביכער שפּרייטן זיך אויס ווי אַ מין טעריטאָריע פאַרן פאָלק. לא על הליטעראַטור לבדה לעבט דער ייִד. אַפילו אַ גרויסע ליטעראַטור, אַפילו אַזאַ וואָס איז „אונטער אַלע הימלען״, אין אַלע קלימאַטן, וואָס אירע שמידרייען זיינען געווען אין וואַרשע און אין ניו־יאָרק, אין מאָסקווע און אין ווילנע, אין בוענאָס־איירעס און אין יאָהאַנעסבורג — איז פאָרט ניט מער ווי אַ ליטעראַטור, און פאַפּירענע בריקן אַליין זיינען גענוג גוט נאָר אין משיחס צייטן. מען האָט ניט געסאָרט אָנהענגען אַלע האָפענונגען בלויז אויף ליטעראַטור.

זי האָט אונדז געגעבן וויפל נאָר ליטעראַטור קען געבן. זי האָט אונדז געגעבן דעם ייִדישן מענטשן אין אַלע זיינע געשטאַלטן און גילגולים. זי האָט אונדז געגעבן דעם מאָנאָלאָג פון דעם ייִדישן מענטשן צו זיך, אויב איר ווילט דעם דיאַלאָג — צווישן דעם ייִדן און זיין נשמה. דער ייִד איז דאָ געווען אַבסאָלוט אויפריכטיק מיט זיך גופא. האָט ער גערעדט וועגן זיינע ליכטער און זיינע שאָטנס, וועגן זיין הייליקן גלויבן און וועגן זיינע ווונדנדיקע, בריִענדיקע ספקות. די נייע ייִדישע ליטעראַטור איז דער לאַנגער וועג פון דעם ייִד צו זיך. דערקען זיך! אַנטפּלעק זיך! — דאָס זיינען אירע געבאָטן.

פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט דערביי אַ גרויסן אַלמענטשלעכן ווערט און דאָס אַלהומאַנע און הומאַניסטישע פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור טרעט אַזוי בולט אַרויס ווי אין דעם אַלטן תנך. שוין מענדעלעס פישקע, און אַוודאי שלום עליכמס קאַסריליק און טביה און מאָטל, און פּרצעס חסידישע און פאָלקסטימלעכע מעשיות, און דער תהילים־ייִד און די ברידער אַשכנזי און אַזוי ווייטער און ווייטער ביז ה. לייוויקס גולם און גאולה־קאָמעדיע און אין די טעג פון איוב און אַפילו מנחמס גייער — זיי אַלע, אַלע טרעטן אַרויס

פון נאַציאָנאַלע גרענעצן און קענען אָנרירן סטרונעס ביי יעדערן, אונטער „אַלע הימלען“ און פון יעדער קאָליר. ווייל דאָ ווערט געזוכט דער מענטש און ס׳ווערט צום טייל געפונען דער מענטש. אָבער דאָס אַלץ קומט אַזוי ווי פון זיך, מחמת דער עכטקייט, דער דירעקטקייט, דער אינעווייניקסטער אויפֿריכטיקייט ביים שילדערן, ביים פֿאַרטיפֿן זיך ביים וועלן פֿאַרשטיין דעם ייִדישן מענטשן.

די נייע ליטעראַטור אויף ייִדיש איז אַ טיף־נאַציאָנאַלע ייִדישע ליטעראַטור, נאַציאָנאַלע ווי אין אַלע אַנדערע תקופות און ווי אויף אַלע אַנדערע לשונות וואָס ייִדן האָבן ווען ניט איז גענוצט. ייִדישע בענקעניש און האָפֿענונגען, ייִדישער פּראָטעסט און געשריי און נאָך און נאָך באַזונדערע שטריכן און אייגנשאַפֿטן האָט אונדז דער עיקר געגעבן די ליטעראַטור אויף לשון־קודש. דעם גאַנצן ייִדישן מענטש אין זיין ערדישער קאָנקרעטקייט, מיט זיינע פֿלאָנטערנישן און פֿאָסטעמקעס, אין מדבר פון גלות און מיט חלום פון גאולה מיט דער פֿאַרכלינעטקייט פון רבי עקיבאס „חביבים ישראל“ פון איין זייט און אַסימילאַטאָרישער שנאה צו זיך גופא פון דער אַנדערער זייט — דעם גאַנצן ייִדישן מענטש האָט געגעבן די נייע ייִדישע ליטעראַטור. וועט מען יאָרהונדערטער שפעטער זי פֿאָרשן צו דערקענען, צו דערזען דעם ייִדישן מענטש.

אַלע גרויסע ליטעראַטורן זיינען נאַציאָנאַל. עס איז נאָר אַ פֿראַגע וועגן דער מדרגה. דאָ האָבן מיר נאַציאָנאַלקייט פון גאָר אַ געדיכטער אָנגעזעטיקטקייט. און ווייל זי איז אַזוי פֿאָלקיש, איז זי אַזוי דעמאָקראַטיש. לכתחילה געטער, דערנאָך מלכים, און שפעטער פירשטן און ריטערס, און שפעטער רייכע סוחרים און סתם יוסטע לייט פֿאַרנעמען אַזוי פיל אָרט אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער פשוטער מענטש איז געקומען אַהין שפעט. און דאָ איז אויך אַ פֿראַגע פון מדרגה. די נייע ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן — ממש סימבאָליש — מיט קאַבצאַנסקער תושבים און מיט אַ כאַליאַסטרע בעטלערס. זי איז געגאַנגען דורך עמך שער און אייזן, דורך דעם סוועטשאַפּ־האָרעפּאַשניק, דורך באַעוולהטע און פֿאַרשטויסענע, דורך דעם פֿאַרגעסענעם קליינעם מענטש. די איז מיטגעגאַנגען און אויך פֿאַרויסגעגאַנגען אין דעם גרויסן אַלוועלטלעכן היסטאָרישן פּראָצעס פון דעם פֿאָלקסמענטשנס שטייגן צו געזעלשאַפֿטלעכער און יחידישער חשיבות. מיר ווייסן וועגן רש״יס און וועגן רמב״מס פערזענלעכקייטן, אָבער דער אָרעמער ישיבה־בחור פון זייערע צייטן איז געבליבן פֿאַרזונקען אין אומגעשטאַלטיקייט. מיר האָבן געהערט וועגן די גרויסע האָרן פון שפּאַניע, אָבער וועגן אַן אייזל־טרייבער אָדער טרעגער האָט אונדז קיינער ניט דערציילט. מיר קענען צונויפקלייבן ידיעות וועגן פרנסים און שתדלנים, אָבער וועגן דאָרפגייערס — ווו זאָלן מיר נעמען עפּעס וועגן זיי?

די נייע ייִדישע ליטעראַטור האָט אונדז געגעבן דאָס גאַנצע פֿאָלק דער עיקר דאָס פּשוטע פֿאָלק. און אַזאַ גרויסע צאָל דיכטערס און דערציילערס זיינען בעקומען דירעקט פֿון המון, פֿון די נידעריקסטע און פֿאַרשטויסנסטע שיכטן. האָבן מיר אין דער נייער ייִדישער ליטעראַטור די פֿולע נאַציאָנאַלע פּאַנאָראַמע פֿון באַרג און טאָל.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מען וועגט ליטעראַטור אויף דער וואָגשאָל פֿון עסטע־טיק, פֿון קונסט — און אונדזער נייע ליטעראַטור האָט ניט מורא פֿאַר אַזאַ אָפּוועגן. אָבער איר גדולה איז, וואָס זי וועגט אַזוי' אויגנאויפּרייסיק אויך אויף דער וואָגשאָל פֿון געזעלשאַפֿטלעכקייט, אויף דער וואָגשאָל פֿון ייִדישן קיום און אייגענער געשיכטע, אויף דער וואָגשאָל פֿון אַלוועלטלעכער מענטש־לעכקייט, אויף דער וואָגשאָל פֿון עטיק.

מען זאָגט תמיד אַז ליטעראַטור איז אַ שפּיגל. אַוודאי. אָבער אין תוך איז דאָך שפּיגל אַ פּאַסיווער חפֿץ. אונדזער נייע ייִדישע ליטעראַטור איז אַ סך, אַ סך מער ווי אַ שפּיגל. איר כּוונה איז ניט בלויז אָפּשפּיגלען — איר עצמ־דיקער באַשטרעב איז איבערמאַכן, פֿאַרריכטן, מתקן זיין. זי גייט מיט דעם לאַנגיאָריקן ייִדישן וועג דורך דער מענטשלעכער געשיכטע — לתקן עולם במלכות שדי. זי איז אַ צניעותדיקע. איר זינען איז נישט בלויז צו פֿאַרווײַלן אָדער קורצווײַלן. ווי אַ קונסטשאַפֿונג מוז זי זיין קורצווײַליק, אָבער זי איז אין איר תוך אַן אויסטערלישער און אויסגעאיידלטער קונסט־גילגול פֿון מוסר־ספֿר. זי איז געווען אין געראַנגל ניט בלויז פֿאַרן פֿאָלקס־קיום, נאָר פֿאַרן יחידס מער מענטשלעכן קיום. זי האָט אַ ליכטיקן תכלית צו לייטערן דאָס פֿאָלק, צו לייטערן יעדן איך. און זי האָט סאַקע אי אָפּגעשפּיגלט, אי געשטאַל־טיקט, אי געוועקט, אי פֿאַרטיפֿט, אי דערהויבן. זי איז די שיינהייט, דער חשבון־הנפש, דאָס געוויסן און די צונג פֿון פֿאָלק.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ דער דאָזיקער באַנד **מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור**, **דער** 22סטער, מיט וועלכן עס ווערן אָפּגעשלאָסן די פיר ביכער פון יאָר **1964**, געגוי ווי עס איז געווען ביי צייכנס אויסגעפּלאַנירט, דערשיינט צום אָפּשלוס פון די פייערונגען **100 יאָר נייע ייִדישע ליטעראַטור**, וועלכע זיינען דורכגע־פירט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט, און באַזונדער היפּש איז געווען **די צאָל פייערונגען אין אַרגענטינע**.

◈ **מענדעלע מוכר ספרים**, וואָס זיין אַריינגאַנג אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין 1864 איז פון אַלעמען, פון אָנהענגערס און אַפילו קעגנערס, אָנגענומען געוואָרן ווי די דאַטע, פון וועלכער מ׳דאַרף רעכענען די נייע ייִדישע ליטעראַ־טור, פאַרנעמט דערפאַר דעם באַנד 22 פון דער ביבליאָטעק **מוסטערווערק**, וואָס ווערט צוגעטראָגן צום סיום פון די פייערונגען אין דעם קהילה־זאַל פון בוענאָס־איירעס דעם 12טן דעצעמבער 1964.

◈ זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן, קודם־כל, אַ דאַנק פּ׳ **יודל מאַרק**, וועלכער האָט מסתמא אַ חלק אין דעם, וואָס עס דערשיינט איצט **פישקע דער קרומער**. אין 1957, **פאַרן אַרויסגעבן** דעם 4טן באַנד און אים באַשטימען פאַר **מענדעלען**, האָט פּ׳ **מאַרק** געראָטן דווקא „אָנצוהייבן מיט **פישקע**". אין 1958 איז אָבער, ווי מענדעלעס ומער באַנד, דערשינען **מסעות בנימין השלישי**, וואָס איז גיך געוואָרן אַ האַנטבוך אין מיטלשולן און לערער־סעמינאַרן אין פאַרשיידענע ישובים. דערפאַר דערשיינט איצט **פישקע דער קרומער**.

◈ דער **יראַת הכבוד פאַר מענדעלע** מוכר **ספרים** דערלויבט נישט צו מאַכן **„די נייטיקע אָפּעראַציעס"**, פון וועלכע עס האַלטן די וואָס פּאַסן־צו די ליטע־ראַטור פאַר **באַשטימטע** צוועקן. אין ד׳ **מוסטערווערק** איז דער העכסטער ציל: פאַרשטעלן דעם וואָרטמייסטער ווי זוייט מעגלעך **אויטענטיש**.

◈ בערך 250 **אויסטייטשונגען** קומען־אַריין אין דעם בוך, גלייך אויף דער זייט, ווו דער לייענער אָדער לערנער קען זיך אין זיי נייטיקן. לאָמיר דאָ אויסדריקן אַ וואַרעמען דאַנק די פפּ׳ יוסף מענדעלסאָן, אברהם זאַק און שמואל צעסלער.

ש. ר.

MENDELE MOICHER SFORIM

# FISHKE DER KRUMER

(NOVEL)

•

ATENEO LITERARIO EN EL IWO
Buenos Aires
1964

**Joseph Lifshitz Fund**



ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק

# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון' שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן (264 זייטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — יידישע פֿאָלקסלידער מיט נאָטן (216 זייטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — אויסגעקליבענע שריפֿטן (256 זייטן)
4) מענדעלע מוכר ספֿרים — מסעות בנימין השלישי (256 זייטן)
5) לייב ניידוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן (208 זייטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע און דער קריזיס (256 זייטן)
7) משה בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן (272 זייטן)
8) אליה בחור — בבֿא־בוך (256 זייטן)
9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זייטן)
10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן (216 זייטן)
11) י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט (272 זייטן)
12) י. ל. פרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט (272 זייטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסגעקליבענע שריפֿטן (240 זייטן)
14) דוד האָפּשטיין — איזי כאַריק — איציק פֿעפֿער
אויסגעקליבענע שריפֿטן (272 זייטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — דער יידישער מוזשיק, ראָמאַן (272 זייטן)
16) ה. ליוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זייטן)
17) שלום עליכם — מנחם־מענדל (272 זייטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זייטן)
19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראַבאָי — הער גאָלדענבאַרג
(פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זייטן)
20) חיים־נחמן ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זייטן)
21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זייטן)
22) מענדעלע מוכר ספֿרים — פֿישקע דער קרומער

אין 1965 דערשיינען:

23) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן
24) גליקל האַמעל — זכרונות
25) יוסף אָפּאַטאָשו — די פּוילישע וועלדער

